ביכער פאר'ן פאלק.

# ר' ישראל בעל שם טוב

היסטארישע פאקטען, מעשיות, לעגענדען,
ווערטלעך, געדאנקען און לערען

איבערגעגעבען און באלויכטען אין גייסט פון
געשיכטע, פסיכאלאגיע און עטיק

פון

## מאררים מייער



לאנדאן

REB YISROEL BAAL SHEM TOV

**By Morris Myer.**

London.

ביכער פאר'ן פאלק.

# ר' ישראל
# בעל שם טוב

היסטארישע פאקטען, מעשיות, לעגענדען,
ווערטלעך, געדאנקען און לערען

איבערגעגעבען און באלויכטען אין גייסט פון
געשיכטע, פסיכאלאגיע און עטיק

פון

## מאררים מייער

לאנדאן

REB YISROEL BAAL SHEM TOV

**By Morris Myer.**

London.

# פֿאָרוואָרט *)

דער צוועק פֿון מײַן ווערק איבער ר' ישראל בעל שם טוב, דער גרינדער פֿון חסידיזם, איז אויפֿ'ס-נײַ צו באַקענען דעם איצטיגען דור, און אפשר אויך דורות וואָס וועלען קומען, מיט דער גרויסער פֿיגור פֿון הייליגען מענשען, וועלכער האָט אין אַ צײַט פֿון קריזיס געראַטעוועט דאָס יודענטום, און האָט אויפֿ'ס-נײַ געגעבען צו פֿאַרשטיין די אידישע פֿאָלקס מאַסען די טיפֿע באַגריפֿען פֿון גלויבען, לעבען און עטיק, וועלכע זײַנען אײַנגעקערפּערט אין די אידישע לערען.

אין דער שילדערונג פֿון דער דאָזיגער דערהאַבענער און טיף און ברייט ווירקענדער היסטאָרישער פּערזענליכקײַט, האָב איך זיך ניט באַנוצט מיט גלאַט אײַנפֿעלע און פֿאַנטאַזיע, נאָר איך האָב צוזאַמענגעקליבען און איבערגעגעבען אין מײַן סטיל, פֿאַרשטענדליך פֿאַר יעדען, און אין מײַן באַלויכטונג, געשטיצט אויף היסטאָריע און מאָדערנע פּסיכאָלאָגישע לערען, די מעשיות און לעגענדען איבער ר' ישראל בעל שם טוב, און די משלים און געדאַנקען, וואָס ווערען אים אַליין צוגעשריבען. איך האָב פֿון די מעשיות און לעגענדען איבער אים אויסגעקליבען די שענסטע און כאַראַקטעריסטישסטע און פֿון זײַנע משלים די טיפֿסטע און די פּראַקטישסטע. איך האָב אויך איבערגעגעבען פֿאַקטען פֿון זײַן לעבען. אַלץ איז איבערגעזייפּט געוואָרען אין בליק פֿון געשיכטע, פּסיכאָלאָגיע און עטיק.

לויט מײַן מיינונג איז שוין דער באַנוצטער מאַטעריאַל אַליין אַן אוצר פֿון די וואונדערבאַרסטע פּערלען פֿון

---

*) דאָס ווערק איז געשריבען געוואָרען אין די ערשטע יאָרען פֿון דער צווייטער וועלט מלחמה אין 1940—1941, ווען היטלער האָט געהאַט זײַנע זיגען אין פּוילען, די באַלטישע לענדער אין מערב און דרום רוסלאַנד, איידער זײַנע אַרמייען האָבען באַקומען די מפּלה פֿאַר מאָסקווא. דאָס זײַנען געווען יאָרען, ווען ס'האָט זיך באַזונדערס גענויטיגט צו שטאַרקען דעם גלויבען און דעם בטחון פֿון די אידישע פֿאָלקס מאַסען.

צוערשט איז דאָס ווערק ערשינען אין די "צײַט", די צײַטונג, וואָס איך רעדאַקטיר שוין באַלד דרײַסיג יאָר.

שילדערונגען, גערדאַנקען און געפילען פונ'ם גרינדער פון חסידיזם. עס איז די סאַמע ווערטפולסטע ירושה, וואָס איז געבליבען פון דעם גרויסען צדיק, לערער און וועגווייזער, ר' ישראל בעל שם טוב. ס'איז אַ הייליגע ירושה, וואָס קען פאַרשאַפען גרויסען נחת רוח, טרייסט און שטאַרקונג אין צייטען פון צרות און גזירות, און וואָס קען אויך ברייגנגען אין פילע הינזיכטען פראַקטישע נוצען. עס באַקענט אי־בערהויפט מיט דעם לעבען און מיט די געדאַנקען פון איינעם פון די מערקווירדיגסטע פערזענליכקייטען אין דער מאָדערנער אידישער געשיכטע, נאָך דער רענעסאַנס פעריאָדע. ער האָט אָן אַ שום ספק געבראַכט אַ רענע־סאַנס אין יודענטום, וואָס פאַרדינט ניט פאַרגעסען צו ווערען, און אייביגע שעצונג.

איבער דער צוזאַמענשטעלונג פון דעם מאַטעריאַל און איבער מיינע באַלויכטונגען איז ניט פאַר מיר צו רע־דען. איך וויל נאָר ערקלערען, אַז איך האָב פון דער ערשטער שורה ביז דער לעצטער געהאַט אין זינען אַרויס־צוברייגנגען דעם בעל שם טוב פון די נעבלען פון סתם פאַרשטעלונגען צו רעאַליטעט. דער זין פון רעאַליטעט איז געוועזן מיין ריכטליניע. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך געהאַלטען שטרענג אין די טראַדיציאָנעלע אידי־שע לערען, אָן דעם וואָלט דאָך ניט געהאַט קיין זין צו שרייבען איבער דעם בעל שם טוב פאָזיטיוו; אָבער די אידישע טראַדיציאָנעלע לערען זיינען אויך באַזירט אויף רעאַליטעט, און זייער צוועק איז צו ערקלערען און פאַר־שטיין דעם אמת'ן זין פון רעאַליטעט...

ד ע ר פ אַ ר פ אַ ס ע ר.

לאָנדאָן, ה'תש"ב (1942)

# אינהאַלט פאַרצייכניס:

# ר' ישראל בעל שם טוב'ס

## ראש השנה דרשה-תפילה

---

כדי גלייך צו בריינגען צום לעזער'ס באוואוסטזיין די היילינקייט פון ר' ישראל בעל שם טוב, די שענקייט און שטארקען איינדרוק פון זיין רעדען און די טיפקייט פון זיין הענקען און פילען, גיב איך איבער דאס פאלגענדע פון אנפאנג פון דעם ווערק:

## ווי ער האט גערעדט

מיין טאטע עליו השלום האט מיר דערציילט:

ניט יעדער צדיק קען זוכה זיין צו האבען דעם גייסט פון נבואה, און ניט יעדער וואס רעדט צום פאלק קען זיין אזוי מוזיקאליש, דאס זיין שטימע זאל קלינגען הימליש, אבער ר' ישראל בעל שם טוב האט באזעסען די צוויי העכסטע מעלות, וואס קענען איינעם מאכען פאר א הימלישען מענשען, און ער זאל האבען א הימלישע שליחות אויף דער ערד.

ר' ישראל בעל שם טוב'ס שטימע איז געווען ווי א שופר און ווי א פלייט אין דער זעלבער צייט. זי האט געהאט אלערליי טענער, פון די שטארקסטע ביז די ווייכסטע, פון די העכסטע ביז די שטילסטע און זיי האבען טיעף, זעהר טיעף, אריינגעדרונגען אין די הערצער פון די צוהערער. זיין שטארק רעדען איז געווען ווי דער ברום פון א לייב; זיין ווייך רעדען איז געווען אזוי זיס ווי דאס זינגען פון א נאכטיגאל.

די חסידים, וועלכע האבען זיך צו אים צוגעהערט האבען ניט געקענט קוקען צו אים. ער איז פאר זיי ערשי-

גען אַזוי הויך דאָס ער האָט אויסגעזען צו זיין זעהר ווייט — אין אַנדערע וועלטען... און זיין פנים פלעגט אָנגעצונ־דען ווערען, ווען ער פלעגט רעדען, אַז ס׳איז געווען באַ־גאָסען מיט אַזוי פיעל ליכט דאָס ס׳האָט די אויגען פאַר־בלענדט. פלעגען זיי פאַרמאַכען די אויגען און זיך בלויז צוהערען צו דעם וואָס ער האָט געזאָגט. זיינע ווערטער זיינען געווען ווי בילדער, זיינע געדאַנקען ווי בליצען וועל־כע ברעכען דורך דער פינסטערער נאַכט... און זיי האָבען אַזוי דערוואַרימט די הערצער, דאָס זיי האָבען זיך צוזאַ־מען איבערקאָכט מיט׳ן בלוט, וואָס ס׳איז דורך די הער־צער געפלאָסען, און זיי זיינען געוואָרען בלוט פון׳ם בלוט פון די מענשען, וואָס האָט באַלעבט זייער גייסט, זייער דענקען און פילען.

ווען ר׳ ישראל בעל שם טוב האָט גערעדט האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק ווי זיין הארץ וואָלט געקלאַפט אין די הערצער פון זיינע צוהערער, און די הערצער האָבען געקלאַפט איינע אין די אַנדערע און זיי האָבען זיך צוזאַ־מענגעגאָסען מיט׳ן האַרץ פון בעל שם טוב, וואָס האָט זיי געשטעלט אין באַוועגונג, און דאָס האַרץ זיינס איז אויס־געוואַקסען דאָס ס׳זאָל זיין דאָס האַרץ פון גאַנצען פאָלק, וואָס האָט גערופען צו גאָט וועלכער איז אייביג און אונ־ענדליך.

אַזוי האָט גערעדט ר׳ ישראל בעל שם טוב.

איינמאָל אין אַ ראש השנה האָט ער געזאָגט זיינע אַ דרשה, און זי איז געווען אַזוי פייערדיג, אַזוי הויך און טיעף, אַזוי שטאַרק און אַזוי האַרציג, דאָס זי האָט געקלונ־גען ווי אַ תפילה, ווי די הייליגסטע תפילה וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען, ווייל ער האָט מתפלל געווען פאַר דאָס קומען פון משיח, דער גואל צדק, וואָס וועט די אידען דערלייזען צוזאַמען מיט אַלע מענשען קינדער.

אַזוי האָט מיר דערציילט מיין טאַטע, ווען איך בין געווען יונג. לעצטענס האָב איך אויסגעזוכט די דרשה־תפילה פון ר׳ ישראל בעל שם טוב, און איך גיב זי איבער אין מיין אידישער איבערזעצונג:

# די דרשה-תּפֿילה פֿון בעל שם טוב*)

"ובחודש השביעי באחד לחודש מקרא קודש יהיה לכם, כל מלאכת עבודה לא תעשו, יום תרועה יהיה לכם.. דאָס האָסטו אונז, רבונו של עולם, אָנגעזאָגט; דרינג-זשע אַרײַן דײַן ווילען אין גרויסען שופֿר, אַז ער זאָל שוין קלינגען די טענער פֿון דער גאולה, און עס זאָל זיך הערען דער שופֿר של משיח.

דאָס קרײַז פֿון יאָר ענדיגט זיך. די נשמות פֿון אַלעס, וואָס עקזיסטירט, פֿלאַטערען אין דער פֿינסטערניש פֿאַר דעם נײַעם געבורט: דײַנע קינדער זײַנען צומישט געוואָרען דורך דאָס בלאָזען פֿון שטורם. דאָס פֿײַער פֿון דער מדבר האָט אַלץ וואָס זיי האָבען געהאַט פֿאַרניכטעט. נו, אַזוי ווי דער קרײַז פֿון דײַן יאָר שליסט זיך, און די טונקעלקײַט פֿון אונטערגאַנג שיקט אַוועק אירע פֿליטען, דרינג אַרײַן דײַן ווילען אין גרויסען שופֿר, רבונו של עולם, אַז ס'זאָל זײַן אַ נײַער געבורט.

"דער פֿײַן האָט אונזערע הענד געמאַטערט, אַז זיי זײַנען שוין שוואַך און מיעד פֿון לעבען. די וואַנדערשאַפֿט האָט אונזערע פֿיס געשוואָלען, אַז זיי וואַקלען זיך אפֿילו ווען זיי שטעהן אויף פֿעסטען באָדען. אַ וואָרעם האָט אַרײַנגעדרונגען אין אונזערע הערצער און זיי ווערען צונאָגט און קראַנק. אַ בייזער גײַסט האָט זײַן האַנד געלעגט אויף אונזער שטערן און אונזערע געדאַנקען זײַנען געוואָ-

---

*) די דרשה תּפֿילה פֿון ר' ישראל בעל שם טוב זצ"ל איז ערשינען אין אַ ספר'ל פֿאַרבונדען מיט'ן נאָמען פֿון בן אפֿרים, וואָס ער האָט דערציילט פֿון בעל שם טוב. מיט'ן נאָמען בן אפֿרים האָט זיך גערופֿען דער בראָדער רב ר' אברהם גרשון קיטאוו ער, וועלכער איז געווען אַ שוואָגער פֿון בעש"ט. די דאָזיגע תּפֿילה איז אויך ערשינען אין מאַרטין בובער'ס "חסידישע ביכער" אויף זײַטע 270. ער גיט אויך איבער ווי דער בעש"ט האָט גערעדט, אָבער איך האָב דאָס אין אַן אַנדערען נוסח פֿון מײַן טאַטען ע"ה.

דיך פֿאַרפֿירערן, אײַז. דרינג אַרײַן דײַן ווילען אין גרויסען שופר, רבונו של עולם, זאָל קומען אונזער באַפֿרײַאונג!

"דײַן מלאך האָט מיך אויפֿגעהויבען אין דער נאַכט און מיך געפֿירט צו אַ פּלאַץ, וואו ס'איז געווען לעדיג פֿון אַלץ. די נאַכט איז געהאָנגען אויף מײַנע אַקסלען ווי אַ שוואַרצע משא, און די נאַכט האָט זיך פֿאַרשפּרייט ווײַט אַרום, ווי זי וואָלט פֿון אונטען אַרויסגעקומען אַלץ דיקער און דיקער. און דער מלאך האָט געזאָגט: "זעה!" די פֿינסטערניש איז פּלוצלינג פֿאַרשוואונדען געוואָרען און איך בין געבליבען שטעהן אין אַ ליכטיגער לעדיגקײַט און איך האָב געזעהן; עס איז געווען אַ גאַנץ שמאָלינקער פּאַס, גאָר דין, אַ דראָהט, צווישען צוויי תהום'ען: איין תהום רויט, אַ ים פֿון בלוט; און דער צווייטער תהום שוואַרץ, אַ ים פֿון פֿינסטערניש... און איך האָב געזעהן ווי אַ מענש איז געגאַנגען אויף דעם שמאָלינקען פּאַס, אויף דעם דינעם דראָהט, און ער איז געגאַנגען ווי אַ בלינדער מיט אונזיכערקײַט, וואַקלענדיג זיך, און זײַנע בײדע הענד האָבען געטאַפּט, רעכטס און לינקס, און זאָגאַר אָנגעריהרט דאָס פּאַסיקעל, ווי ער וואָלט געזוכט זיך אין עפּעס אָנצוהאַלטען. זײַן ברוסט איז געווען פֿון גלאָז, און איך האָב געזעהן, ווי זײַן האַרץ פּלאַטערט ווי אַ בלעטעל אין ווינט, און אויף זײַן שטערן איז געווען דער צייכען פֿון דעם אײַז, פֿון זײַנע פֿאַרפֿירערנע געדאַנקען... און דער מענש איז געגאַנגען ווײַטער און ווײַטער דעם וועג אויף דעם שמאָלינקען דינעם דראָהט. ער האָט ניט געוואַגט צו קוקען רעכטס און האָט ניט געוואַגט צו קוקען לינקס, און ווען ער איז געקומען שוין באַלד בײַם סוף פֿון דעם קרײַז, וואו דער ים פֿון בלוט גיסט זיך צוזאַמען מיט דעם ים פֿון פֿינסטערניש, האָב איך געוואָלט צו איהם רופֿען אַז ער זאָל ווײַטער ניט געהן, ווײַל ער וועט אַרײַנפֿאַלען, איז מיר די צונג געווען געלעהמט און איך האָב ניט געקענט צו איהם רופֿען... פּלוצלינג האָט דער מענש אַ קיק געטהון רעכטס, און לינקס, און אין פֿאָראויס: ער האָט אַ ציטער געטהון פֿון שוידער, און פֿון די תהום'ען האָבען

זיך אויפֿגעהויבען העכער איהם צו פֿאַנגען. ס'האָט אויסגע־זעהן, אַז דער מענש איז פֿאַרלוירען. אָבער דאָ האָט דער מלאך באַרירט מײַנע ליפּען, מײַן צונג איז געוואָרען פֿרײַ, איך האָב שוין געקענט רופֿען און איך האָב אַ געשריי געטהון צום מענשען: „הויב אויף דײַנע פֿליגלען און פֿליה!"... האָט דער מענש אויפֿגעהויבען זײַנע פֿליגלען; עס האָט זיך בײַ איהם מעהר ניט באַמערקט קיין שוואַכקײַט, קיין פֿאַרשטאַרטקײַט, קיין וואַקלעניש. דאָס דראָהט איז פֿאַרשוואונדען פֿון אונטער זײַנע פֿיס. דער ים פֿון בלוט איז פֿאַרזונקען געוואָרען אין גאָט'ס וואַסער קוועלען, און דער ים פֿון פֿינסטערניש האָט זיך אויפֿגעלייזט אין גאָט'ס ליכט, און מען האָט שוין געזעהן די שטאָדט פֿון גאָט, וואָס איז געשטאַנען אָפֿען דעם מענש צו עמפֿאַנגען.

„מיר געהן אויף אַ דינגעם קײַלעכדיגען דראָהט צווי־שען צוויי תהום'ען. מיר האַלטען שוין בײַם סוף פֿון דראָהט. עס הויבט זיך אָט־אָ... אָבער מיר זײַנען בײַ אַ סוף, וואָס מוז ווערען אַן אָנפֿאַנג... דער שופר רופֿט אונז, ער שאַלט צו אונז, ער אומפֿאַסט אונזערע נשמות און טראָגט זיי... יעדער טאָן פֿון שופר טראָגט פֿיעלע נשמות אויף זײַנע פֿליגלען, און די שופרות טענער הויבען זיך צו די הימלען, און זאָלען זיי שוין ברייגנען די נשמה פֿון אַלע נשמות, די פֿאַרווירקליכטע האָפֿנונג פֿון אַלע האָפֿנונגען — משיח. ער רײַסט זיך פֿון דעם רײַך פֿון סודות צו דער ענטפּלעקונג. ער קלאַפּט אין דער טיר... דער טויער פֿון הימעל עפֿענט זיך... די שטאָדט פֿון גאָט זעהט זיך... זאָל זי שוין זײַן אָפֿען פֿאַר אונז אַלע.

„דרינג אַרײַן דײַן ווילען אין דעם גרויסען שופר און זאָלען זײַנע טענער שוין אָנזאָגען דאָס באַווײַזען זיך פֿון דער נשמה, וואָס וועט דערקוויקען אַלע נשמות, פֿון דער פֿאַרווירקליכטער האָפֿנונג פֿון אַלע האָפֿנונגען, פֿון משיח בן דוד, אמן!"

---

צו ר' ישראל בעל שם טוב'ס תפילה האָב איך ניט וואָס צוצוזעצען. מיר ווילט זיך נאָר זאָגען, דאָס וואָס איר

ווילט זאָגען: אמן! ווען מער ווי איצט דאַרפֿען אידען די פֿאַרווירקליכונג פֿון זיין תפילה?...

איך וויל אָבער באַמערקען, אַז מען קען ניט גאָר קלאָר וויסען צי דעם בעל שם טוב׳ס ווערטער "הייב אויף דיינע פֿליגלען און פֿליה" זיינען בלויז געווען אַלעגאָרישע ווערטער וועגען גייסטיגער דערהויבונג, אָדער זיי זיינען געווען די נבואה, אַז ווען דער מענש וועט פֿליען וועט קומען די גאולה... מיר וואָלט זיך זעהר וועלען, און איך בין זיכער, דאָס איר וואָלט וועלען, אַז דאָס זאָל טאַקע זיין די באַדייטונג פֿון ר׳ ישראל בעל שם טוב׳ס ווערטער...

ערב ראש השנה תש״ב (סעפטעמבער 1941)



# ר' ישראל בעל שם טוב

## איינלייטונג

מיר טרויערען איצט נאך דעם טויט פון טויזענדער און טויזענדער אידען, וועלכע ווערען פארניכטעט פון די בעסטיעס אין מענשען געשטאלט, היטלער און זיינע נא-צים, וועלכע האבען צולאזען די ווילדעסטע מלחמה אויף דער וועלט.

צו טרויערען האבען מיר איצט זייער פיעל, אבער צו פרייען זיך האבען מיר וועניג וואס פון די איצטיגע גע-שעהענישען. פרייד איז אבער אבסאלוט נויטיג אינ'ם לעבען פון א פאלק. מיר מוזען זיך היטען פון אריינפאלען אין עצבות, אין טרויעריגע שטימונגען, אין האפנונגסלא-זיגקייט, אין פארצווייפלונג. גראד דערפאר, ווייל עס ווערט אזוי פיעל פארניכטעט אין אידישע לעבענס און אין אי-דישע גייסטיגע פארמעגענס, און ווייל די געפאר פון טויט און צושטערונג איז אזוי גרויס, דארפען מיר זוכען טרייסט און דערמוטיגונג, צו שטארקען דעם גלויבען און די האפנונג.

און וואס זאלען מיר זוכען די טרייסט, וואס זאל קע-נען אונז שאפען דערמוטיגונג, גלויבען און האפנונג?

ניט אין קיין אנדערע זאך, ווי אין אונזערע אייבינע

ווערטען, אין די גייסטיגע אוצרות וואס מיר באזיצען, וועלכע זיינען אונערשעפליך, וועלכע האבען שטענדיג באלויכטעט אונזער הארizאנט אפילו אין די שרעקליכסטע צייטען, און האבען אונז אנגעזאגט דאס קומען פון א נייעם פרימארגען אין דער געשיכטע, פון נייע צייטען פון גאולה, פון באפרייאונג, פון ישועות ונחמות, פון הילף און פרייד.

דער שאפער, אפשר בעסער געזאגט דער באנייער פון דער דאזיגער אידעע אין מאדערנע צייטען איז געוועזען דער היילינגער, דער צדיק, דער דורכדרינגער פון צייטען און וועלטען, דער פארשטעהער פון מענשליכער פסיכאלאגיע, דער זוכער פון אייביגען אמת, ר' ישראל בעל שם טוב, באקאנט אלס בעש"ט. פון אים, פון זיין גרויסער, היילינגער פערזענליכקייט און פון זיינע לערען האבען מיר פיעל צו לערנען, כאטש פיעלעס וואס ער האט געטון דארף פארשטאנען ווערען אין גייסט פון זיין צייט, און פיעלעס וואס ער האט געזאגט דארף פארשטאנען ווערען אין גייסט פון דער איצטיגער צייט.

פון דעם וואס איך האב געשריבען אין שייכות צו זיין ראש השנה דרשה-תפילה און פון זיין דרשה-תפילה גופא, וואס איז אין אנפאנג פארעפענטליכט, קען מען זען, ווי היילינג ער איז געוועזען, ווי הויך-גייסטיג ער איז געשטאנען, ווי בריט אומפאסענד ער האט געבליקט. זיין געדאנק האט געגרייכט פון עק וועלט צו עק וועלט, האט דורכגעדרונגען פארבארגענישען, האט פארשטאנען צו ערקלערען סודות, און ער האט דאס אידישע פאלק געטרייסט און געשטארקט אויף יארהונדערטע.

איך וויל אייך באקענען מיט דעם לעבען, לעגענדען און לערען פון דעם גרויסען היילינגען אידען.

---

אייגענטליך האט לעצטענס באדארפט זיין א יובל, א גרויסער יום טוב ביי אידען. ס'איז געווארען צוויי הונדערט יאר זינט ר' ישראל בעל שם טוב איז מפורסם

געוואָרען אַלס רבי. נתגלה געוואָרען איז ער מיט עטליכע יאָר פֿריער. די שווערע צייט וואָס מיר לעבען דורך מאַכט אונמעגליך אַזעלכע יובל'ען צו פֿייערען, אָבער מיר מוזען ווייניגסטענס זיך דערמאָנען ווער ער איז געווען, וואָס ער האָט געטהון, וואָס ער האָט געוואָלט, וואָס פֿאַר אַ ציעל ער האָט נאָכגעפֿאָלגט, וואָס פֿאַר אַ מעטאָדען ער האָט געברויכט, וואָס פֿאַר אַ געדאַנקען ער האָט אַרויסגעזאָגט. דאָס וועט אונז אויך ברייננען טרייסט, שטאַרקונג, האָפֿנונג.

דאָס לעבען פֿון ר' ישראל בעל שם טוב שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ גאָר אינטערעסאַנטע געשיכטע. עס איז אַן אוצר פֿון מעשיות און לעגענדען, משלים און אַלעגאָריען, וועלכע ברייננען אַרויס וויכטיגען מוסר השכל, פֿאַרטייטשונגען וועגען לעבען. נאָר נאָך וויכטיגער איז די לערע זיינע גופא, די געדאַנקען וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט, פֿון וועלכע פֿיעלע איבערראַשען דורך דער טיעפֿזיניגער חכמה וואָס זיי דריקען אויס.

איך וויל אויך ערקלערען, אַז מען זאָל בשום אופן ניט מיינען, אַז ר' ישראל בעל שם טוב איז בלויז געווען אַ רבי אין חסידישען זין און אַז זיין לעבען און לערע האָט בלויז אַ אינטערעס פֿאַר חסידים. זיכער איז ער אַלס שאַפֿער פֿון חסידיזם דער גרעסטער רבי, וואָס די וועלכע רופֿען זיך חסידים האָבען געהאַט, און זיין לעבען, לעגענדען און לערען האָבען פֿאַר זיי דעם גרעסטען ווערט, אָבער ער האָט אויך אַן אַלגעמיינע באַדייטונג פֿאַר יעדען אידען צו וועלכער קאַטעגאָריע ער זאָל ניט באַלאַנגען.

ר' ישראל בעל שם טוב איז אין דער ערשטער ליניע טאַקע געווען אַ רעליגיעזער מיסטיקער. ער האָט איינגעלעבט און פֿאַרשפּרייט דעם אידישען מיסטיציזם פֿון גאָר אַלטע נביאים, און פֿון די בעלי הקבלה ווי קיין אַנדערער האָט עס געטהון אין די לעצטע יאָרהונדערטע. דער זוהר איז געווען דער יסוד פֿון זיין לערע. ער האָט זיך דערהויבען אין דעם פּרט צו אַ ענליכער מדרגה ווי ר' יצחק לוריע (אר"י). אָבער ווערענד דער פֿריעריגער בעל מקובל

האָט געזוכט צו פֿאַרווירקליכען די גרונד אידעע פֿון זוהר, די באַהעפֿטונג פֿון מענשען מיט גאָט נאָר אין זיין איינע-נער פּערזענליכקייט, האָט הגר בעש״ט געוואָלט פֿאַר-ווירקליכען די דאָזיגע אידעע אויך אין פֿאָלק. ער האָט דאָס פֿאָלק געזוכט צו דערהויבען צו אַ באַהעפֿטונג מיט גאָט. און ער האָט געזוכט דאָס צו דערגרייכען ניט נאָר דורך מיסטישע שריט, דורך תעניתים און סגופים, און דורך התבודדות, נור אויך דורך גאַנץ פּראַקטישע לערען וועגען לעבען.

מיין מיינונג איז דערפֿאַר אַז אין ר׳ ישראל בעל שם טוב האָבען מיר ניט נאָר אַ גרויסען מיסטיקער, אַ דאַנק וועלכען מיר האָבען געהאַט גרויסע רביים און פֿיעלע חסידים, נור אויך אַ זייער גרויסען פּסיכאָלאָג און עטיקער, וועלכער האָט געווירקט אויף אידען, און וועלכער האָט געהאָלפֿען ענטוויקלען דעם אינטערעס אין פּסיכאָלאָגיע.

אַ גרויסער ענגלישער דיכטער, דר. אַרבוטנאָט, האָט ביי אַ געלעגענהייט ערקלערט, אַז משה רבינו איז געווען דער גרעסטער דיכטער פֿון אַלטערטום. מען קען דערפֿאַר זאָגען, אַז אַ דאַנק דעם וואָס ביי אידען איז געווען אַזאַ גרויסער דיכטער, ווי משה רבינו, זיינען פֿון זיי אַרויסגע-קומען גרויסע דאָקטוירים און פֿיעלע דאָקטוירים. מיר שיינט אויך, אַז דורך דעם וואָס מיר האָבען געהאַט אַזאַ פּסיכאָלאָג ווי דער בעל שם טוב זיינען ביי אונז געווען גרויסע פּסיכאָ-אַנאַליטיקער. עס קיימעלט זיך איינס אין דאָס צוויימע. עס איז דערפֿאַר באַזונדערס וויכטיג זיך צו באַקענען מיט זיינע פּסיכאָלאָגישע לערען.

---

די לעבענס געשיכטע פֿון בעש״ט, די מעשיות און משלים, וואָס ווערען אים צוגעשריבען, און די לעגענדען וואָס זיינען וועגען אים דערציילט געוואָרען, האָבען אויך אַ ליטעראַטור-היסטאָרישען ווערט. זיי ציינען די מדרגה, אויף וועלכער ס׳איז געשטאַנען די אידישע פֿאָלקס ליטע-ראַטור אין אַכצענטען יאָרהונדערט.

עס שיינט מיר דערפֿאַר, אַז ס׳איז אינטערעסאַנט

פֿאַר יעדען אידען זיך צו באַקענען מיט דעם לעבען און מיט די לערען פֿון ר׳ ישראל בעל שם טוב, און אפילו מיט די מעשיות און לעגענדען וועגען איִם, ווײַל אַם וועניגסטען איז עס אַ זייער וויכטיגער פֿאַקלאר, וואָס האָט צו זיך קיין גלײַכען ניט אין שענקײַט און טיעפֿקײַט.

איך ווייס אַז עס קענען זיך אויך געפֿינען אַזעלכע וועלכע זאָלען פֿאַראיבעל האָבען פֿאַר וואָס איך וויל צו־שרײַבען אויך וועלטליכעס צו דעם בעל שם טוב׳ס לעגענ־דען און לערען. עס זײַנען דאָך זיכער דאָ פֿיעלע וועלכע דענקען, אַז דער בעל שם טוב דאַרף געהאַלטען ווערען פֿאַרבונדען בלויז מיט הייליגקײַט. אָט זיי וועל איך גלײַך דערמאָנען אין אַ מעשה׳לע פֿון בעל שם טוב:

„ווען ר׳ ישראל איז געוואָרען אַ רבי האָט ער געזאָגט צו זײַנע חסידים, אַז זיי זאָלען זען דאָס צום דאַוונען זאָלען אויך קומען ניט אַזעלכע פֿרומע אידען.

„איז געוואָרען אַ רעש: — ׳סטײַטש, רבי, גאָר ברייג־גען אפיקורסים צו אונזער מנין?׳

„דערויף האָט זיי דער בעש״ט געענטפֿערט: — ׳ווען אידען זײַנען מתפלל דאַרפֿען זיי דאָס טון מיט גרויס התלהבות און מיט כונה. זיי דאַרפֿען אָבער ניט זוכען בלויז זיך אַליין צו באַגײַסטערען און זיך אַליין צו פֿאַר־טיפֿען, נור זיי דאַרפֿען אויך האָבען אַ פעולה, אַ ווירקונג אויף אַנדערע. ווען בלויז פֿרומע אידען זײַנען מתפלל צוזאַמען, קען טרעפֿען אַז זייער התלהבות און כונה זאָל ניט שטײַגען צו דער העכסטער מדרגה, און ווען אפילו יאָ איז די פעולה דערפֿון ניט אַזוי שטאַרק בולט. זיי זײַנען דאָך אַלע סאַי ווי סאַי פֿרום. אָבער ווען עס זײַנען דאָ צווישען די מתפללים אויך ניט קיין גאָר פֿרומע, שטאַרקט זיך די התלהבות און כונה פֿון די פֿרומע, כדי צו קענען אויף יענע שטאַרקער ווירקען, ס׳איז דאָ אויף וועמען צו ווירקען. און ווען יענע, די ניט פֿרומע, ווערען באַווירקט צײַגען זיי דאָס שטאַרק אַרויס׳ ”.

שוין דאָס מעשה׳לע אַליין צײַגט וואָס פֿאַר אַ גרויי־

סער פסיכאָלאָג דער בעש"ט איז געווען. אַט אין דעם גייסט ווינגען באמונה איך זיך צו שרייבען דאס דאָזיגע ווערק.

אגב, וויל איך נאָך ערקלערען, אַז ס'איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשיעד צווישען די מעשה'לאַך וואָס דער בעל שם טוב האָט דערציילט און די וועלכע אַנדערע האָבען וועגען אים דערציילט. אין זיינע אייגענע מעשה'לאַך זיינען בלויז פאַראַן משלים, און ער גיט זיי בלויז אָן אַלס משלים, ביי אים איז דער עיקר דער מוסר השכל, די לערע, דער נמשל, וואָס ער זוכט צו ציען. מען קען פאָלשטענדיג זאָגען, אַז אין זיי איז בלויז פאַראַן חכמה און עכטער רעליגיעזער עקסטאַז. אָבער די מעשה'לאַך וואָס אַנדערע האָבען דערציילט וועגען אים זיינען ניט אַלע אַזוי עכט. און איינציגע איז אויך פאַראַן אַבערגלויבען און אין מאַנכע פילט זיך גוזמא. איך וועל זיך אַממיינסטענס באַשעפ־טיגען נאָר מיט דאס עכטע פון בעל שם טוב אליין, אָדער פון זיינע גאָר געהויבענע חסידים. אויב איך וועל ברייגגען עפּעס אויך פון די אַנדערע וועט עס נאָר זיין אַלס אילוס־טראַציע, אַלס ביישפּיעל, און איך וועל דאָס אָנצייגען. איך וועל אויך פּיעלעס קריטיש אַנאַליזירען.

.1

# צדיק יסוד עולם

כּדי צו באַגרײַפֿען דאָס פּלאַץ פֿון ר׳ ישראל בעל שם טוב אין דער אידישער געשיכטע, דאַרף מען קענען זײַן אײַגענעם שטאַנדפּונקט בנוגע דעם „צדיק יסוד עולם״, וואָס איז אײַגענטליך דער עיקר אידעע פֿון חסידיזם. ער האָט דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט זײַנעם דערצײַלט אין זײַנע אַ מעשה. ער האָט געזאָגט:

איין מאָל אין פֿופֿציג יאָר קלײַבט מען אויס אין די הימלען אַן אויסדערווײַלטען, וועלכער איז אַ גרויסער קדוש, אַז ער זאָל זײַן דער „צדיק יסוד עולם״. ער איז דער גרעסטער און הײַליגסטער צדיק אין זײַן צײַט, אין וועמענס זכות עס שטײַט די וועלט. צוליב דעם צדיק יסוד עולם עקזיסטירט די וועלט מיט אַלע אירע מענשען און גאַנצע חיות, בהמות, עופֿות און שרצים ווערען צוליב אים געשפּײַזט. און— ווען עס זאָל חלילה טרעפֿען, אַז די מענשען זאָלען ווערען פֿאַרדאָרבען; און זיי זאָלען טוען שלעכטע מעשים, דורך וועלכע די וועלט זאָל דאַרפֿען אונטערגיין, בלײַבט די וועלט דאָך עקזיסטירען אין זכות פֿון אָט דעם צדיק יסוד עולם.

די דאָזיגע לעגענדע האָט דער בעל שם טוב געשטיצט אויף דעם מאמר: „על עמוד אחד הארץ עומדת וצדיק שמו, שנאמר: „וצדיק יסוד עולם״.

ס׳ווערט אים אויך צוגעשריבען, אַז ער האָט געזאָגט:

„ווען מען קלויבט אויס אין הימעל דעם „צדיק יסוד עולם״, גיט מען אים איבער אַלע אמת׳ע פּשטים אין תורה, סײַ בנגלה און סײַ בנסתר, און אין זײַן צײַט לערענט ניט די גאַנצע פּמליא של מעלה קיינע אַנדערע פּשטים ניט אין דער תורה, ניט אין דער גמרא, מדרש און זוהר, ווי נאָר די וואָס דער צדיק יסוד עולם לערענט. עס מעגען זיך געפֿינען אַנדערע צדיקים און גאונים אין זײַן צײַט וועלכע זאָלען אַנדערש ערקלערען די תורה, און ווען אפֿילו זײערע פּשטים זאָלען זײַן בעסערע, ווערען זיי אין הימעל ניט אָנגענומען. „מען איז ניט

משנה קיין אײן אות און קײן אײן נקודה אין דעם וואס דער צדיק יסוד עולם זאגט, ווײל אים האט מען אויסגע־קליבען אלס פירער און לערער סאי אונטען סאי אויבען".

אט דאס ערקלערט מען האט דער בעל שם טוב אליין געזאגט, און מען ווענדעט דאס אן אויך צו אים. מען האלט אים פאר א צדיק יסוד עולם.

ס'איז ניט פאר מיר, אויך ניט פאר אנדערע צו זאגען, צי די אויבען־דערמאנטע ערקלערונג איז ריכטיג אדער ניט.— ווער קען וויסען וואס עס טוט זיך אין דער פמליא של מעלה?... איך האב ליעב צו רעדען נאר דאס וואס איך ווייס.... ס'איז איבערהויפט זייער שווער צו זאגען, צי ס'קען טאקי זיין, אז אויף איין מענשען שטיצט דער גאנצער אוניווערזום. ווי הויך איך זאל ניט שטעלען א מענשען קען איך אים ניט אזוי הויך שטעלען... אזוי הויך דעם צדיק האט דער בעל שם טוב געוואלט דערהויבען. מיר קענען ניט אזוי ווייט גייען... אבער אין א באשרענקטערער, רעאלער פארמע קען מען אנצײגען, אז דער געדאנק ענטהאלט אין זיך א טיעפע זין. ביי איינצעלנע פעלקער, און זאגאר ביי דער גאנצער מענשהייט ערשיינען פון צייט צו צייט מענשען, וועמענס אידעען און ערקלערונגען ווערען יסודות וועניגסטענס פאר א לענגערע פעריאדע פאר'ן גאנצען פאלק, אדער פאר דער גאנצער מענשהייט. און אט אזא מענשען קען מען רופען "צדיק יסוד עולם" אין א רעאלען זין. אברהם אבינו, משה רבינו, דוד המלך, איינציגע נביאים, הלל הזקן, דעם רמב"ם, קען מען באצייכענען אלס צדיק יסוד עולם אין שייכות צום אידישען פאלק.

אין דעם זעלבען רעאלען זין קען מען אויך באשטימט זאגען, אז ר' ישראל בעל שם טוב איז געווען א "צדיק יסוד עולם". ער האט געלעגט יסודות פאר'ן אידישען לעבען, וועלכע דויערן שוין צוויי הונדערט יאר און וועלען נאך דויערן יארהונדערטע.

.2

# דער בעל שם טוב און זײַן צײַט

ס'איז געװען בעת דער ביטערער לאַגע, װאָס איז ענטשטאַנען פֿאַר די אידען נאָך דער פּעריאָדע פֿון די שרעקליכע הריגות פֿון כמעלניצקי'ן און זײַנע קאָזאַקען אין די שױדערליכע יאָרען ת"ח און ת"ט פֿון איצטיגען יאָרטױזענד. עס איז געװען אַ צײַט פֿון נױט, עלענד, פֿאַרפֿאָלגונג, אונטערדריקונג, באַלײדיגונג, און אַם ערגסטען פֿון אינערליכער צופֿאַלונג און ענטאַרטונג.

די הריגות פֿון כמעלניצקי'ס צײַטען האָבען באַזונ־דערס אַרײַנגעװאָרפֿען די אידען פֿון פּױלען אין אַ װײַטער טרױעריגער לאַגע. צענדליגע טױזענדער זײַנען דער־מאָרדעט געװאָרען, מען האָט זײ באַרױבט און ב'גזל'ט, זײ זײַנען געבליבען הילפֿלאָז און כמעט טרײסטלאָז. װײַטער אײנציגע טרײסט איז געװען דער אַלטער אידישער גלױבען אין משיח, און זײ האָבען געמײנט, אַז װײַטערע אונבאַשרײַבליכע לײדען זײַנען די חבלי משיח, און אַז דער דערלײזער װעט קומען און װעט זײ דערלײזען. אָט יענער גלױבען האָט אָבער געפֿירט צו דאָס ערשײַנען פֿון דעם פֿאַלשען משיח, שבתי צבי, װעלכער האָט ניט נאָר ניט דערפֿילט די ערװאַרטונג פֿון אידען נור פֿאַר־קערט, ער האָט זײ נאָך אַרײַנגעװאָרפֿען אין פֿאַרצװײפֿ־לונג און יאוש דורך דעם װאָס ער האָט ניט געקענט אױס־האַלטען דעם נסיון פֿון פּײַן, תפיסה און געפֿאַר פֿון טױט און האָט זיך איבערגעגעבען צו אַ פֿרעמדער אמונה.

די פֿראַנקיסטען װעלכע האָבען נאָכגעפֿאָלגט האָבען עס נאָך ערגער געמאַכט. זײ האָבען זיך אַרײַנגעלאָזט אין אױסגעלאַסענקײַט, און דאָס האָט אַרױסגערופֿען פֿאַראַכטונג צו זײ. עס האָט געהערשט אױף אײן זײַט אַ צושטאַנד פֿון דעמאָראַליזאַציע און אױף דער צװײטער זײט פֿאַרצװײפֿלונג. די צאָל פֿון אמת'ע מאמינים איז געװען אַ קלײנע, און די גרױסע מאַסען זײַנען געװען באַהערשט פֿון אַבערגלױבענס אין מכשפֿים, און פֿון

זאַבאָבענע זאַכען. די שרעקליכע איבערלעבונגען, דער גרויסער עלענד און נויט האָט צוטריסעלט זייער שטאַרק זייערע נערווען, און זיי האָבען געזוכט כל המינים רפואות צו זייערע שמערצען און יסורים, וועלכע האָבען קיין גרעניץ ניט געהאַט.

די אַלגעמיינע פאַרהעלטניסע אין פוילען זיינען געוואָרען ערגער און ערגער. דאָס לאַנד האָט אַלץ מעהר געטאַרטעט. די עפּאָכע פון ירידה פון דער פוילישער מלוכה האָט שוין געהאַט אָנגעפאַנגען. דאָס לאַנד איז אַלץ מעהר און מעהר געפאַלען. דורך דעם האָט אויך די שנאה צו אידען געוואַקסען. אַרום יענער צייט, אין 1740, איז געמאַכט געוואָרען אין סעים אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל די אידען אין יענעם לאַנד דערקלערען פאַר לייב איינענע. מען קען זיך פאָרשטעלען אַז דאָס האָט אויך גאָר שעדליך געווירקט און האָט סאָציאַל און פסיכאָלאָגיש נאָך מעהר פאַרערגערט די לאַגע פון די אידען, וואָס איז געווען אויסערגעוועהנליך שלעכט, אונטערדריקט.

דער אינערליכער לעבען בײ׳ם אידישען פאָלק אין יענע מקומות איז אויך געווען זייער טרויעריג, ניט ווייניגער ווי 300 אידישע קהלות זיינען צושטערט געוואָרען בעת די אויפשטאַנדען פון די קאָזאַקען אונטער כמעלניצקי׳ס פירערשאַפט. און וויפיל די אידען האָבען זיך ניט באַמיט צוריקצושאַפען זייערע קהלות איז דאָס ניט געווען קיין לייכטע זאַך. באַזונדערס זיינען אָרימע מאַסען געהאַלטען געוואָרען פון ווייטען פון יענע אידישע עלעמענטען, וועלכע זיינען דאָך געבליבען ביי עפּעס, אָדער וועלכע האָבען זיך צו עפּעס דערשלאָגען. די אָרימע אידען זיינען פון זייערע רייכערע ברידער אָפט באַליידיגט און זאָגאַר געדריקט געוואָרען. מען האָט זיך ווייניג וואָס אויף זיי אַרומגעקוקט.

אָט אין יענער פּעריאָדע פון ליידען, צרות, באַליידיגונגען און ערנידריגונגען, וואָס עס האָבען געליטען גאָר גרויסע מאַסען אידען, איז ערשינען ר׳ ישראל בעל שם טוב.

## 3. פארגליכונגען

עס ווערט אָנגעגעבען, אַז אין דער פעריאָדע פון בעל שם טוב און נאָך פאַר איהם האָבען עקזיסטירט מערערע בעל שם'ס, און דער בעש"ט איז בלויז געווען איינער פון זיי. איך האַלט, אַז דאָס איז אַ פאַלשער מתנגד'ישער פאַרגלייך, וואָס האָט געהאַט דעם צוועק איהם אַראָב-צוזעצען.

עס האָבען טאַקע עקזיסטירט נאָך בעל שם'ס, וועלכע זיינען געווען אבשפּרעכער און "ניסים"-באַווייזער, אָבער ניט פון דעם מין איז געווען ר' ישראל בעל שם טוב. ער האָט ניט בלויז געזוכט צו העלפען איינצעלנע אידען אין זייערע פּלאגענישען און ווערטאָגען, דורך סגולות און טרייבען דבוקים, וואָס איז דאַמאָלט געווען זייער שטאַרק פאַרשפּרייט; כאָטש ער האָט דאָס אויך געטון. דער עיקר פון זייןווירקען איז געווען וואָס ער האָט געוויזען אַ וועג צו די אידען בכלל, אַ וועג פון דערהויבען זיך איבער די ליידען.

ער האָט אויך געשאַפען אַ נייע אידיש לעבען דורך פאַרשפּרייטען די אַלטע אידישע לערען אין פאָרמען, וואָס זיינען געווען צוגעפּאַסט צו די פאַרהעלטניסע און צו דער מעגליכקייט פון פאַרשטייען זיי פון די אידישע מאַסען. אָט דערפאַר באַלאַנגט ניט ר' ישראל בעל שם טוב צו די "וועלכע מען האָט געוועהנליך גערופען בעל שם'ס", נור ער באַלאַנגט צו די גרויסע וועג-ווייזער פון אידישען פאָלק. ער האָט געשטאַרקט די אמונה ביי די אידישע מאַסען און האָט זיי געטרייסט אין זייערע ליידען.

ער האָט זיי געוואָרענט געגען צווייפלען. ער האָט ערקלערט: "מיר זאָגען אין ראש השנה "געוויסהייט איז זיין נאָמען". דאָס מיינט, אַז ספיקות, צווייפעל, איז ניט פון גאָט. פיעלע אונרוהיגקייטען קומען צו יענע וועלכע צווייפלען אין זייער גלויבען, ענטוועדער בנוגע מאַטע-ריעלע אָדער גייסטיגע ענינים".

אַזוי האָט ניט געקענט רעדען גלאַט אַ "בעל שם", אַן אָבשפּרעכער. דאָס איז אַ זייער טיפער און ריכטיגער פּסיכאָלאָגישער געדאַנק. ס׳איז אויך אַ זייער פּראַקטישע עצה, זיך צו דערוויטערען פון ספיקות און וואַקלעניש, וועלכע שלאָפען דעם מענשען אַראָב. ער האָט געלערענט די אידען צו זיין פעסט אין גלויבען און האָפנונג, וואָס איז דער וועג זיך צו דערהויבען.

עס האָט דאַמאָלט אויך געהערשט גרויס אונרוהיג-קייט. מענשען זיינען געלאָפען פון פּלאַץ צו פּלאַץ און זיך ניט געקענט אָבשטעלען אויף אַ באַשטימטען אָרט. ר׳ ישראל בעל שם טוב איז געווען געגען דאָס אַרומלויפע-ניש. ער האָט וועגען דעם געזאָגט:

"דער וואָס ליידעט פון אונרוהיגקייט און גלויבט אַז ער קען דאָס פאַרטרייבען דורך איבערציען זיך אויף אַ צווייטען פּלאַץ, איז ווי אַ חולה, וועלכער שטעלט זיך פאָר דאָס אויב ער וועט זיך אַרויסציען אויף אַן אַנדער אָרט וועט ער איבערלאָזען זיין קראַנקהייט און ער וועט זי ניט מיטנעמען. דער אמת איז, אַז זיין קראַנקהייט וועט מיט אים מיטגיין צו זיין נייעם פּלאַץ. די ריכטיגע רפואה ליגט אין אינערליכער הרטה, און מתפלל זיין מיט דעם גאַנצען האַרצען און בעטען גאָט אויף פאַרגעבונג".

דאָס צייגט אויך, אַז ער האָט געזוכט דורך פּסיכאָ-לאָגישע מיטלען, און ניט גלאַט דורך באַבסקע רפואות צוווירקען אויף צו באַרוהיגען די באַאונרוהיגטע אידען.

ער האָט אויך געזוכט צו ווירקען אויף די רייכערע אידען, אַז זיי זאָלען זיך ניט האַלטען שטאָלץ. ער האָט געלערנט די גרויסע מדה פון עניוות, פון האַלטען זיך גלייך מיט׳ן פאָלק און ניט זיך צו שטעלען העכער. און עניוות, האָט ער געלערנט, זאָל זיין אַ אינערליכע, ניט קיין אויסערליכע, ער האָט געגעבען אַזאַ משל:

"אַ מלך האָט געהערט, דאָס וועו אַ מאַן לעבט אין עניוות ווערט ער באַשאָנקען מיט לאַנגע יאָרען. האָט דער מלך זיך אָנגעטון אין אַלטע קליידער, האָט זיך באַזעצט

אין אַ קלײַן געצעלטעל, און האָט פֿאַרבאָטען דאָס אימיצער זאָל אים צוטײַלען כבוד. אָבער ווען ער האָט זיך ריכטיג באַטראַכט האָט ער געזען, אַז אין זײַן געקינצעל־טער עניוות איז ער נאָך שטאָלצער ווי פֿריהער. אַ חכם האָט אים באַמערקט: „טו זיך אָן ווי אַ מלך; לעב ווי אַ מלך; ערלויב דעם פֿאָלק דיר צוטײַלען כבוד; נאָר אין דער אינערליכקײַט פֿון דיין האַרצען זאָלסטו זײַן ענו'דיג".

אין דער אינערליכקײַט פֿון האַרצען! — אָט דאָס איז געווען אַן עיקר בײַם בעל שם טוב. פֿון פֿאַלשער אָנגע־בלאָזענקײַט, און פֿון געקינצעלטקײַט האָט ער ניט גע־האַלטען.

ס'איז אויך כדאי זיך אָבצושטעלען אויף פֿאַרגלײַכונ־גען, וואָס מען האָט געמאַכט צווישען דעם בעל שם און (להבדיל) ישי הנוצרי, ווי אויך צווישען בעל שם און שפינאָזאַ. איך מײַן, אַז די דאָזיגע פֿאַרגלײַכונגען זיינען ניט געווען אין פלאַץ.

דער פֿאַרגלייך מיט ישי הנוצרי איז איבערהויפט אַן אונזין, ווײַל אויב ס'איז בײַ דעם קריסטליכען „דער־לייזער" געווען אַ נאָענטקײַט צו אָרימע און ער האָט אַרויסגעזאָגט פֿיינע עטישע געדאַנקען, איז דאָס ניט געווען קיין נייעס בײַ אידען. מען געפֿינט כמעט אַלעס בײַ הלל הזקן. דערפֿאַר נאָך וואָס אַרײַנברייננגען אַ פֿאַרפֿרעמדטען עלעמענט.

דער חילוק צווישען בעל שם טוב און דעם גרונדער פֿון קריסטענטום באַשטייט הויפּטזעכליך אין דעם, וואָס ישי הנוצרי האָט געברויכט באַ־קאַנטע אידישע געדאַנקען אויף צו ווירקען זיך צו דערווײַטערען פֿון די אַלטע יסודות פֿון דער אידישער אמונה: אָבער דער בעש"ט האָט געברויכט באַקאַנטע און אויך גאָר נײַע אידישע געדאַנקען אויף צוריק צו דער־נענטערן די אידען צו די יסודות פֿון זײַער אלטער אמונה. דער אונטערשיעד איז דערפֿאַר אַזוי גרינדליך, דאָס יעדער פֿאַרגלײַך צווישען זיי איז אונזין.

דער פארגלייך מיט שפינאָזא'ן — למשל, שמעון דובנאָוו באצייכענט שפינאָזא'ס לערע אלס "ראציאָנאַ-ליסטישען פאנטעאיזם" און דעם בעל שם'ס לערע אלס "רעליגיעזער פאנטעאיזם" — איז אויך ניט אם פלאץ. ווי הויך ס'איז געשטאנען שפינאָזא'ס פילאָזאָפיע, און ווי שטארק זי איז געוועזען באזירט אויף דער אידישער לערע, איז זי דאך געוועזען א דערוויי̆טערונג פון מקור. ער האָט געזוכט צו שאפען א סינטעז, ניט אזוי צווישען דער פילאָזאָפיע און דער אלטער אידישער רעליגיע, ווי צווישען דער פילאָזאָפיע און דער אידישער רעליגיע, ווי די קריסטען האבען זי פארשטאנען.

דער בעל שם טוב איז געגאנגען אויף א גאנץ אנדערן וועג. ער האָט זיך געהאלטען שטרענג אין מקור. אין די אלטע אורשפּרינגליכע אידישע לערען, ער האָט זיי נאָר צוגעפּאסט צו דעם גייסט פון דעם פאָלק אין זיין צייט.

אויב שוין מאכען פארגלייכונגען, דאן קען מען גיכער פארגלייכען דעם בעל שם טוב'ס לערע מיט דעם גייסט פון די עלטסטע אידישע נביאים, און זאָגאר מיט דעם גייסט פון אברהם אבינו. מען קען זאָגען אז זייער גייסט האָט אין אים אויפגעלעבט.

## 4. דער אבשטאם פון בעל שם טוב

עס זײַנען נישטאָ קיין דירעקטע ביאָגראַפישע מאַטע-ריאַלען וועגען דעם געבורט און די יוגענד פון ר' ישראל בעל שם טוב. עס זײַנען בלויז דאָ וועגען דעם מעשיות און לעגענדען און אויף זיי מוז זיך שטיצען יעדע פאָרשטע-לונג וועגען אים.

אין "קהל חסידים" ווערט דערציילט אויף אַ לעגענ-דאַרען איפן די געשיכטע פון זײַן געבורט. איך וועל די דאָזיגע לעגענדע דאָ איבערגעבען, נאָר אויף מײַן נוסח, וואָס שטיצט זיך אויף דעם ווי מײַן מאַמע האָט עס מיר דערציילט, און אויף מײַן אייגענעם סטיל:

געהייסען האָט זיך דער בעל שם טוב "ישראל בן אליעזר". וואָס זײַן פאָטער איז געווען קען מען נישט זאָגען אויף זיכער. מען באַצייכענט אים אין איינציגע פלעצער אַלס הרב ר' אליעזר. קיינער קען אָבער נישט זאָגען מיט באַשטימטקייט צי ער איז געווען אַ רב. געוואוינט האָט ער אין אַ שטעדטעל פון "וואַלאַחיי", די הויפט טייל פון רו-מעניען. דאָס שטעדטעל איז געווען נאָענט פון דער גרע-ניץ פון מאָלדאַוויען.

עס איז געווען אין דער צײַט ווען די טאַטערען האָבען געפירט מלחמות און זיי האָבען געזוכט אַרײַנצודרינגען אין דרומית מזרחית פון אייראָפּאַ, אין די באַלקאַנען. זיי זײַנען איינציגע מאָל באַפאַלען רומעניען, און דאָרט האָט מען זיך זייער שטאַרק געשראָקען פאַר די טאַטערען. ביז אין אונזער צײַט, אַז אַ רומענישע מאַמע האָט געוואָלט אָנשרעקען אַ קינד, דאָס ס'זאָל נישט וויינען, האָט זי גע-זאָגט: "דער טאַטער גייט"... איין מאָל זײַנען די טאַטע-רען באַפאַלען דאָס שטעדטעל און האָבען געפאַנגען ר' אליעזר'ן, און זיי האָבען אים מיט זיך מיטגענומען. זײַן פרוי האָט זיך געראַטעוועט און איז ווײַטער געבליבען אין שטעדטעל.

די מאַטערגן האָבּען אַוועקגעפֿירט ר׳ אליעזר׳ן אין אַ ווייטער מדינה, וואו זיי האָבען אים פֿאַרקויפֿט צו אַ שר. ער האָט נושא חן געווען ביי זיין בעל הבית, ווייל ער איז געווען זייער פֿרום און האָט געטריי געדינט. האָט ר׳ אליעזר געבעטען ביים שר אַז ער זאָל אים דערלויבען אָב-צוהיטען שבת. האָט דער שר אים דאָס דערלויבט, און האָט אים געמאַכט פֿאַר׳ן פֿאַרוואַלטער פֿון זיין פֿאַרמעגען.

דערציילט ווייטער די מעשה, אַז דער שר, דער בעל הבית פֿון הרב ר׳ אליעזר, האָט באַדאַרפֿט אַ טובה פֿון דעם ראַטגעבער פֿון שני למלך, און כדי צו באַקומען די טובה האָט ער דעם יועץ אַוועקגעשענקט דעם רב פֿאַר אַ מתנה אין האָט אים געזאָגט, אַז ער איז גאָר אַ וואונדער, אַ חידוש.

ר׳ אליעזר האָט אויך אויסגענומען ביי דעם ראַטגע-בער פֿון שני למלך, וועלכער האָט אים אָבגעגעבען אַ באַ-זונדער צימער, און ער פֿלעגט ניט דאַרפֿען טון קיין אַנ-דערע אַרבייט, ווי נאָר אַקעגען צו טראָגען אַ בעקען וואַ-סער צו זיין בעל הבית, אַז ער זאָל זיך וואַשען די פֿיס. דאָס איז געווען אַ מנהג אַזעלכער צו יענער צייט. אָט דאָס וואָס ער האָט געהאַט פֿיעל פֿרייע צייט האָט געגעבען אַ מעגליכקייט ר׳ אליעזר׳ן, דאָס ער זאָל לערנען און דינען גאָט.

ויהי היום, האָט דער שני למלך געפֿרעגט ביי דעם ראַטגעבער אויף אַן עצה ווי צו פֿירען אַ מלחמה, דער יועץ האָט אים ניט געקענט געבען די נייטיגע עצה און דאָס האָט געבראַכט דעם שני למלך אין כעס. דער יועץ איז אַהיים געגאַנגען אַ טרויעריגער. ווען ר׳ אליעזר איז אים אַקעגען געקומען מיט דעם בעקען וואַסער האָט ער אים אויך געפֿרעגט פֿאַר וואָס ער איז טרויעריג, און יע-נער האָט אים דערציילט וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען. דער רב האָט דורך תפילות צו גאָט באַקומען פֿון הימעל דעם געדאַנק ווי צו פֿירען די מלחמה. ער האָט דאָס איבערגע-געבען זיין בעל הבית און יענער איז אַוועק מיט שמחה צו

דעם שני למלך און האָט אים געזאָגט דעם מיטעל, וואָס ער זאָל געברויכען.

דער מיטעל, לויט דער מעשה, איז באַשטאַנגען אין דעם, דאָס מען זאָל שיקען אַ שיף מיט פֿאַראורטיילטע צום טויט געגען דער פֿעסטונג, וואָס מען האָט געוואָלט אײַנ-נעמען. און עס ווערט ניט געזאָגט, אָבער ס'שײַנט צו זײַן קלאָר, אַז דער געדאַנק איז געווען, דאָס די פֿאַראורטייל-טע צום טויט וועלען קעמפּפֿען מיט גרויס העלדישקײַט, כדי דורך דעם צו באַקומען די גנאַדע און די באַפֿרײַאונג.

דאָס מיטעל איז געברויכט געוואָרען און עס האָט געלונגען. די פֿעסטונג איז געפֿאַלען ווען מען האָט נאָר געזען קומען די שיף מיט די צום טויט פֿאַר'משפּט'ע — הפּנים פֿאַר שרעק.

ווען דער מלך האָט ערפֿאַרען פֿון וועמען ס'איז גע-קומען די עצה, האָט ער דעם רב געגומען צו זיך און ער איז נאָך מער חשוב געוואָרען. דער מלך האָט געמאַכט ר' אליעזר'ן פֿאַר שני למלך און האָט אים געגעבען פֿאַר אַ פֿרוי די טאָכטער פֿון דעם פֿריערינען שני למלך. ר' אליעזר האָט די כלה ניט באַריהרט. ער האָט נאָך פֿון פֿריער געוואָלט פֿון דאָרט אַנטלויפֿען און מוחל זײַן די גאַנצע גדולה. ווען זי האָט אים געפֿרעגט די סבה פֿון זײַן האַלטונג האָט ער איר אויסגעזאָגט דעם אמת, אַז ער איז אַ איד און אַז ער האָט אַ פֿרוי און ער וויל זיך צו איר צוריקקערען. זי האָט אַנערקענט אַז דאָס איז ריכ-טיג פֿון זײַן זײַט, און זי האָט אים געגעבען געלד און האָט אים געהאָלפֿען, דאָס ער זאָל אין געהיים אַוועק. אויפֿ'ן וועג האָט מען אים באַ'גזל'ט און ער איז צוריק געבליבען אַ וואַנדערענדער אָרימאַן. אָבער אליהו הנביא איז צו אים געקומען צו חלום און האָט אים געזאָגט, דאָס אין זכות וואָס ער האָט געהיט שבת און אַלס שכר פֿאַר זײַנע איי-בערלעבונגען, ריינקייט, און אויסהאַלטען אידישקײַט, וועט פֿון אים געבוירען ווערען אַ זון וועלכער וועט לײַכ-טען אויף דער וועלט. אָט מיט דעם צוזאָג איז ער געקו-מען צוריק אין זײַן שטעדטעל צו זײַן פֿרוי, און זי האָט

פֿון אים געבוירען אַ זון וועלכער איז געווען ר׳ ישראל בעל שם טוב.

אַ מעשה איז אַ מעשה, און אויף אַ מעשה פֿרעגט מען ניט קיין קשיה. פֿיעלעס און איר איז זיכער פֿאָלקס-פֿאַנטאַזיע. איך וויל אָבער אָנצייגען, אַז אין דער דאָזיגער מעשה זיינען דאָ צוויי הויפּט פּונקטען: איינס — דער פֿאַקט, אַז דער בעל שם האָט געשטאַמט פֿון וואָלאָ-חיי (וואַלאַכיע), דאָס הייסט פֿון רומעניען. ער איז דאָרט געבוירען געוואָרען. צווייטענס, אַז מען האָט פֿאַרבונדען דעם געבורט פֿון בעל שם טוב מיט׳ן היטען שבת. דאָס איז אין דער בעסטער אידישער טראַדיציע. נאָך אין תלמיד ווערען דערציילט איינציגע אגדות וועגען דעם, דאָס ביי עלטערן וועלכע האָבען געהיט שבת זיינען געבוירען געוואָרען קינדער, וועלכע זיינען געוואָרען גרויסע אידישע געלערטע.

## 5. א מעשה וועגען בעל שם'ס מוטער

עס איז פֿאַראַן אַ זייער אינטערעסאַנטע מעשה וועגען דער מוטער פֿון ר' ישראל בעל שם טוב. עס ווערט דערציילט:

אין אַ צײַט, ווען עס האָט זיך געדוכט, אַז אידען וועלען חלילה ניט מער קענען אויסהאַלטען דעם מבול פֿון פֿײַער און בלוט, וואָס האָט זיך אויף זיי אויסגעגאָסען, האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין אַ ווײַט לאַנד איז שוין געקומען משיח. מען האָט וועגען דעם שטאַרק גערעדט אין אַלע אידישע שטעדט און שטעדטלעך, און פֿיעלע אידען האָבען באַשלאָסען, ניט וואַרטען ביז משיח וועט קומען צו זיי, נור זיי זאָלען גיין צו משיח'ן. זיי האָבען פֿאַרקויפֿט אַלץ וואָס זיי האָבען געהאַט און געלאָזט זיך אין וועג אַרײַן מיט די פֿרויען און קינדער. אפילו די קראַנקע האָט מען מיטגענומען. זיי זײַנען געגאַנגען און געפֿאָרען מיט וועגענער. זייער וועג איז געווען אַ געמיש פֿון האָפֿנונג און פֿרייד, פֿון טרויער און געוויין. די האָפֿנונג און די פֿרייד איז געווען צוליעב דאָס אַקעגען גיין משיח'ן, און דער טרויער און געוויין צוליעב די שרעקליכע לײַדען און גרויסע צרות וואָס זיי האָבען געהאַט אויסצושטיין אויפֿ'ן וועג. פֿיעלע זײַנען אויף די וועגען געשטאָרבען און מען האָט זיי געמוזט באַערדען אויף בית עולם'ס פֿון פֿרעמדע שטעדטלעך. עס זײַנען פֿאָרגעקומען האַרצרײַסענדע סצענעס בײַם געזעגענען זיך מיט נײַע קברים. אין מאַנכע שטעדטלעך האָט מען געוואָלט עפֿענען קברים פֿון קדושים וועלכע זײַנען אומגעקומען אין הריגות, אַז מען זאָל די היילינגע מתים אויך מיטנעמען. די רבנים זײַנען געווען געגען דעם און כדי דערפֿון אָבצוהאַלטען האָבען זיי אויסגערופֿען אַ חרם אויף די וואָס וועלען טון אַזאַ זאַך. מען קען זיך פֿאָרשטעלען וואָס ס'האָט דורך דעם זיך אָבגעטון.

בלויז אין איין שטעדטעל האט געטראָפען א מעשה, וואָס האט געהאט א זייער גוטע ווירקונג. אויך אין דעם שטעדטעל האט מען געוואָלט גיין צום לאַנד וואו משיח איז שוין דאָ... אויך דאָרט האָבען זיך געפונען פיעלע וועלכע האָבען אַלץ אויספאַרקויפט און זיך געגרייט צו גיין. ווי ס׳איז געוועזען דער מנהג איז מען פריער געגאַנגען אויף קבר אבות, זיך צו געזעגענען מיט די טויטע וואָס מען לאָזט איבער. די געוויינען, תחינות און יללות האָבען זיך געהויבען צו די הימלען, און אז מען האט שוין אזוי פיעל געוויינט, דאָס מען האט מער קיין כח ניט געהאט צו וויינען, האט מען זיך שוין געלאָזט אַוועקגיין פון בית עולם כדי זיך צו לאָזען אין וועג אריין. אַלע האָבען שוין אָנגעהויבען גיין, נאָר א יונגע מיידעלע, א יתומה׳לע, איז געבליבען ליגען אויפ׳ן קבר פון איר מאַמע, וועלכע איז דער׳הרג׳עט געוואָרען מיט אַנדערע נשים צדקניות אין אַן הריגה...

זיינען צוגעלאָפען קרובים און די מיידעלע גערופען, אָבער זי האט ניט געוואָלט גיין. האט מען זי געוואָלט נעמען מיט געוואַלט, האט זי זיך שטאַרק צואוויינט און געזאָגט:

"וואָס ווילט איר פון מיר? איר זיינט דאָך אידען וואָס גלויבען, אז ווען משיח וועט קומען וועט זיין תחית המתים; טאָ, אויב ס׳איז ווי איר זאָגט, האָס משיח איז שוין געקומען, פאַר וואָס איז נאָך ניט תחית המתים? פאַר וואָס שטייט נאָך ניט אויף מיין מאַמע פון קבר?"

די דאָזיגע קשיה פון דער יונגער מיידעלע האט גע־ווירקט ווי א בליץ. מען האט אָנגעהויבען רעדען, אז ס׳איז טאַקע א האַרבע קשיה; פאַר וואָס איז ניט תחית המתים אויב משיח איז שוין געקומען? די קרובים פון דער מיי־דעלע האָבען באַשטימט ניט מיטצוגיין און פיעלע אַנדע־רע האָבען זיך צוזאַמען מיט זיי אָבגעשטעלט. אַנדערע זיינען צוריקגעקומען פון וועג, און די אידען פון יענער

שטעדטעל זײנען געדעטעט געװארען פון דער ענטװישענ־דער נסיעה.

די ערקלערונג פון דער מײדעלע איז געװען אויסער־געװענליך קלוג און כאראקטעריסטיש. אירע װערטער קענען דינען אלס ענטפער צו אלע יענע װעלכע מײנען, אז משיח איז שוין געקומען. װי האט שוין געקענט משיח קומען, אז ניט נאר איז נאך ניט פאראן קײן תחית המתים, נאר עס קומען נאך פאר אזעלכע שוידערליכע מלחמות, און עס װערען צושטערט די לעבענס פון מיליאנען מענשען, פון כמעט א גאנצען דור יונגענד, פון אזוי פיעל פרויען און קינדער?... נאר דאס איז אן אנדערע פראגע, און האט מיט אונזער געשיכטע ניט צו טון... איך האב נאר געװאלט אונטערשטרײכען װי קלוג אירע װערטער זײנען געװען און װי װײט זי קענען גײן.

אט די דאזיגע מײדעלע, װען זי איז אויפגעװאקסען געװארען, האט חתונה געהאט מיט הרב ר׳ אליעזר, און זי האט געבוירען ישראל׳יקלען, װעלכער איז געװארען דער בעל שם טוב, דער גרעסטער צדיק פון די לעצטע יארהונדערטע.

װי איך װעל װײטער אנצײגען האט דער גײסט פון דער מוטער װאס װערט געשילדערט אין דער מעשה׳לע זיך אויך מאניפעסטירט בײם זון. זיכער האט ער געגלויבט אין משיח. דאס איז זאגאר געװען אן עיקר פון זײן גלויבען, און ער האט געזוכט צו דערנענטערען די גאולה; אבער ער האט זיך ניט געלאזט אװעקרײסען פון פאנטא־זיעס. ער האט געװאלט האבען א קלארען סמן װעגען דאס קומען פון משיח, און אזוי װי ער האט אזא סמן ניט גע־זען, האט ער זיך קאנצענטרירט אויף פארטיעפען די אי־דען אינ׳ם גלויבען אין גאט, און אין דורכפירען אין זײער לעבען דאס װאס ער האט באטראכט ניט נאר פאר גאט׳ס געבאטען נור אויך פאר די פון גאט אנגעװיזענע דרכים פון לעבען.

## 6. וואו איז דער בעל שם טוב געבוירען געווארען?

ווי איך האָב שוין אָנגעצייגט איז די לעגענדע וועגען געבורט פון ר׳ ישראל בעל שם טוב פאַרבינדען מיט וואָלאַחיי, רומעניען, און דאָס לאַנד איז אָנגעגעבען אַלס זיין געבורטס פּלאַץ. איך ווייס ניט צוליעב וועלכער סבה עס האָבען זיך געפינען אַנדערע וועלכע האָבען געדרייט מיט׳ן גראָבען פינגער, דאָס „ס׳קען זיין" (ניט, אַז ס׳איז טאַקע, נאָר אַז ס׳קען זיין), דאָס דער בעש״ט איז געבוירען געוואָרען אין אַן אַנדער לאַנד ניט אין וואָלאַחיי, דאָס הייסט, ניט אין רומעניען.

ס׳טוט מיר זייער לייד, וואָס איינער פון די וועלכע האָבען דאָס געטון איז דער גוט באַקאַנטער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו, און זיין געשיכטע פון חסידיזם. דאָס דאָזיגע ווערק איז בכלל שטאַרק אייגזייטיג און זאָגאַר אָנגעשריבען ניט נאָר אין אַ טאָן פון געגנערישקייט צום חסידיזם, נור אויך זייער ניט אָביעקטיוו. נאָר דאָס איז ניט מיין זאַך. איך האַלט אַז ס׳איז ערלויבט יעדען צו האָבען וואָס פאַר אַ מיינונג ער וויל. אָבער היסטאָרישע פאַקטען טאָרען פון קיינעם ניט פאַרדרייט ווערען.

כדי אָנצוצייגען ווי פאַלש ס׳איז דובנאָוו׳ס אויספיר וויל איך דאָ איבערגעבען די נאָמיץ איבער דעם ענין, וואָס ער האָט צוגעזעצט צו זיין געשיכטע, ער שרייבט:

„די פראַגע וועגען אָרט און צייט פון דעם בעש״ט׳ס געבוירען איז נאָך עד היום ניט פאַרענטפערט געוואָרען. אין ספר „שבחי הבעש״ט" ווערט די שטאָט וואו ר׳ אליעזר איז געזעסען פאַר זיין געפאַנגענשאַפט ניט אָנגערופען. עס שטייט נאָר דאָרט: „ער האָט געוואוינט אין דער מדינה וואָלאַחיי ניט ווייט פון גרענעץ" (דף א׳ עמוד א׳), און משמעות, אַז דער דערציילער האָט פאַרביטען מאָלדאַווּיאַ מיט דער שכנישער וואַלאַכיאַ".

עס שטעלט זיך באמת אַ פֿראַגע פֿאַר וואָס איז דובנאָוו אַרויס מיט אַזאַ "משמעות"? פֿאַר וואָס זאָל ער זיך גאָר פֿאַרשטעלען, אַז דער מחבר פֿון "שבחי בעש"ט" האָט געמאַכט אַ טעות, און האָט פֿאַרביטען די נעמען פֿון די צוויי לאַנד טיילען פֿון רומעניען? אויף וואָס שטיצט ער זיך? — אויף קיין שום זאַך, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, און דאָס איז זיכער ניט ריכטיג.

לאָמיר הערען וואָס ער האָט ווײַטער צו זאָגען. ער שרײַבט:

"עס איז אויך ניט פֿאַרצייכענט דער אָרט, וואו דער בעש"ט איז געבוירען, נאָר היות עס שטייט דאָרט, אַז ער איז געווען אין דער שטאָט אָקאָפּ, בעת ער איז אַלט געווען פֿערצען יאָר, מעג מען דרינגען, אַז דאָרט איז ער געבוירען געוואָרען, ווארים דאַמאָלט איז ער נאָך ניט געווען אַרויסגעפֿאָרען פֿון זײַן געבורטס שטאָט. אָקאָפּ איז געווען אַ פֿעסטונג ניט ווײַט פֿון קאַמענעץ"

פֿון וואַנען נעמט עס שמעון דובנאָוו, אַז דער בעל-שם איז ניט אַרויסגעפֿאָרען פֿון זײַן געבורטס שטאָט ביז דער עלטער פֿון פֿערצען יאָר? און פֿאַר וואָס איז זײַן געבורטס שטאָט דוקא געווען אַ פֿעסטונג אָקאָפּ? דאָס זײַנען בלויז סברות.

ווען די לעגענדע וועגען בעש"ט'ס געבורט וואָלט ניט געזאָגט בפירוש, אַז ער איז געבוירען געוואָרען אין וואַלאַחיי, אָדער ווען דובנאָוו וואָלט געווען געפֿונען עפּעס אַ דאָקומענט, וואָס זאָל אָנצײַגען אויף אַן אַנדערען געבורט פּלאַץ, דאַן וואָלט ער געווען באַרעכטיגט צו ספּעקוליר׳ען; אָבער ווען די לעגענדע איז אַזוי פּאָזיטיוו וועגען דער פֿראַגע, און ער האָט ניט קיין שום אַנדערען פּאָזיטיווען באַווײַז, האָט עס קיין שום זין ניט געהאַט צו ספּעקולירען. עס זעט אויס דאָס ער האָט עס געטון פֿון אַ ריין מתנגדישען שטאַנדפּונקט, אַז די לעגענדע זאָגט אַזוי, מוז ער זאָגען פֿאַרקערט.

איך האַלט מיט יענע היסטאָריקער, וועלכע האָבען אָנגענומען די טראַדיציאָנעלע ערקלערונג, אַז ר' ישראל בעל שם טוב איז געבוירען געוואָרען אין וואַלאַכיי, דאָס הייסט אין רומעניען. דער אידישער היסטאָריקער גרעץ שרייבט דייטליך:

"ישראל האָט פֿאַרבראַכט אַ גרויסע טייל פֿון זיין יוגענד אין די וועלדלאַך און היילען פֿון די קאַרפּאַטען בערג".

יעדער וואָס קען געאָגראַפֿיע ווייסט, אַז אָקאָפּ ביי זשוואַנעץ ניט ווייט פֿון קאַמענעץ, איז ניט אין די קאַרפּאַטען בערג... די קאַרפּאַטען בערג זיינען אין דער גאַנ־צער לענג פֿון ביידע טיילען פֿון רומעניען, אי פֿון מאָל־דאַוויען אי פֿון וואַלאַכיי...

ווייער קלאָר האָט גרעץ'ס איבערזעצער אין ענגליש, מאַקס ראַזין, אָנגעצייגט אין זיין ביילאַגע צו גרעץ'ס גע־שיכטע, אַז ר' ישראל בעל שם טוב איז געבוירען געוואָרען אין רומעניען. ער שרייבט גראַדע ניט איבער דעם דאָזי־גען ענין דירעקט נור איבער אַן אַלגעמיינעם ענין פֿון אידישע רעכטע, און ער פֿירט אויס:

"ניט געאַכטעט אויף וויערע ליידען האָבען די אידען פֿון רומעניען ביינעטראָגען צו דעם סך הכל פֿון דער אידישער קולטור געבענדיג צו דעם אוניווערסאַ־לען יודענטום אַזעלכע מענער, ווי ישראל בעל שם, דער גרינדער פֿון חסידיזם, תלמידי חכמים און געלערטע ווי שלמה שעכטער, משה גאַסטער, עלי שוואַרצפֿעלד, ק. ל. ליפּע א. אַ."

עס איז קלאָר, אַז אָט דער היסטאָריקער פונקט ווי גרעץ האַלט אַז ר' ישראל בעל שם טוב באַלאַנגט צו די וואָס זיינען אַרויסגעקומען פֿון די אידען פֿון רומעניען. פונקט ווי זיי, די רומענישע אידען, האָבען אַרויסגעגעבען דעם גרעסטען געלערטען אין יודענטום פֿון אונזער צייט הרב שעכטער, אַלץ אַזוי האָבען זיי מיט איבער צוויי הונ־דערט יאָר פֿריער אַרויסגעגעבען דעם בעל שם טוב.

מײַן מײנונג איז אַז ער איז געבוירען געוואָרען אין אָדער אַרום פּאָקשאַן; אין דער שטאָט וואו אויך הרב שעכטער איז געבוירען געוואָרען, אָדער אין אײנעם פֿון די ווײַן-שטעטלאַך פֿון אַרום, אין אָדאַבעשטי אָדער פּאַנטשיז.

דאָס וואָס דער בעל שם האָט זיך געפֿונען אַלס אינגעל פֿון 14 יאָר אַלט אין דער פֿעסטונג שטאָט אָקאָפּ בײַ זשוואַנעץ, דאַרף קײן וואונדער ניט זײַן. אין יאָר 1711, דאָס הײסט ווען דער בעל שם איז געווען אַ אינגעל פֿון לערך עלף יאָר אַלט, איז מאָלדאַוויאַ געוואָרען אַ פּראָטעקטאָראַט, אַ אונטערגעוואָרפֿענע מלוכה פֿון רוסלאַנד. עס איז וועגען דעם געשלאָסען געוואָרען אַן אָבמאַך צווישען מאָלדאַווישען פּרינץ דעמעטריוס קאַנטעמיר און צאַר פּעטער דער גרויסער. אויך דער וואַלאַכישער פּרינץ קאָנסטאַנטין בראַנקאָוויאַן האָט פֿאַרהאַנדעלט מיט דעם זעלבען צאַר וועגען אַ ענליכען אָבמאַך, אָבער די טירקען האָבען פֿאַרכאַפּט די פּראָווינץ אײדער דער אָבמאַך איז געשלאָסען געוואָרען. עס איז דאַמאָלט זאָגאַר פֿאָרגעקומען אַ מלחמה, אין וועלכער ניט נאָר די רומענער פֿון בײדע פּראָווינצען, נור אויך די רוסען זײַנען באַזיעגט געוואָרען פֿון די טירקען. אָט בעת יענער מלחמה זײַנען פֿיעלע אידען אַוועק פֿון די צווײ רומענישע פּראָווינצען, וועלכע קײן גאַליציען און וועלכע קײן רוסלאַנד. ר' ישראל, דער נאַכער געוואָרענער בעל שם, האָט געמוזט זײַן צווישען די וואַנדערענדע פּליטים.

ס'זײַנען אויך דאָ אינדירעקטע באַווײַזען וועגען דעם אַז דער בעל שם האָט געשטאַמט פֿון רומעניען. שוין דער פֿאַקט אַלײן וואָס ער האָט שטאַרק ליעב געהאַט נגינה נאָך זינט ער איז געווען אַ יונגער באַהעלפֿער צײַגט, אַז אין אים האָבען געלעבט די ניגונים פֿון די האַרציגע ליעדער וואָס ווערען געהערט אין די רומענישע קאַרפּאַטען בערג. אויף נאַטור, האַרציגקײַט און נגינה און אויף פֿאַראײניגען זיך מיט דער אידעע פֿון גאָט און געטליכקײַט שטיצט זיך די גאַנצע לערע פֿון בעל שם. ער האָט אַרײַנ-

געבראַכט אין די אידישע ניגונים די באַרימטע וואָלעבדאַך, וועלכע זיינען אַזוי ענטציקענד.

ווען מען הערט די מוזיק פֿון דעם רומענישען קאָמפּאָזיטאָר גרינגאָרעסקו, דערמאָנט מען זיך תיכּף אין דעם בעל שם׳ס וואָלעבלאַך. זיי זיינען ווייער ענליך. און גרינגאָרעסקו אַליין ערקלערט אַז די דאָזיגע ניגונים זיינען פֿאָלקס ניגונים, דאָס זיינען די האַרציגע טיעפֿע ניגונים פֿון די דאָינעס וואָס מען זינגט אויף די פֿעלדער און אין די קאַרפּאַטען בערג. און אין געגענד אַרום פּאָקשאַן זינגט מען אַממייסטענס די דאָזיגע דאָינעס.

ס׳איז פֿאַראַן נאָך אַ זאַך: דער בעל שם טוב האָט באַוועסען גאָר אַ הויכען באַגריף פֿון נאַטור שענקייט. ער האָט געזאָגט אונגעפֿער, אַז דורך די נאַטור שענקייטען קען מען באַגרייפֿען די ערהאַבענקייט פֿון שעפֿער. זיכער האָט אַזאַ הויכער באַגריף וועגען נאַטור שענקייט זיך ניט געקענט ענטוויקלען ביי איינעם וועלכער זאָל האָבען געבוירען און אויפֿגעהאָדעוועט ווערען אין אַ פֿעסטונג. פֿיעל גיכער האָט אַזאַ באַגריף זיך געקענט ענטוויקלען ביי איינעם וועלכער איז געבוירען געוואָרען אין מיטען פֿון נאַטור שענקייט. און די אומגעבונג ביי די ברעגעס פֿון די קאַרפּאַטען בערג אין דערמאָנטען געגענד אין רומעניען בילדעט זיכער אַזאַ הינטערגרונד צו דער ענטוויקלונג פֿון גרויסען צדיק.

איך שטעל זיך אָב אָט אויף דער פֿראַגע פֿון דעם פּלאַץ וואו ר׳ ישראל בעל שם טוב איז געבוירען געוואָרען, ווייל איך וויל פֿעסטשטעלען דעם אמת. אייגענטליך האָט ער ניט באַלאַנגט בלויז צו איין לאַנד. זיין לערע און השפּעה זיינען געווען פֿאַרשפּרייט איבער אַלע לענדער פֿון דעם אידישען גלות אין מזרח אייראָפּא: אין רומעניען איז ער געבוירען געוואָרען, אין גאַליציען האָט ער זיך ענטוויקעלט, אין וואָלין האָט ער געפּראַוועט זיין רביסטווא, אין פּוילען האָט ער געהאַט זיינע גרעסטע אַנהענגער, און אין ליטע האָט ער געהאַט זיינע ביטערסטע געגנער.

## ה. מאמענטען פון בעל שם'ס יוגענד

## זיין פאטער'ס אנזאג

דאָס יאָר פון בעל שם'ס געבורט איז ניט פעסטגע־שטעלט, אָבער מען נעמט אָן, אַז ער איז געבוירען גע־וואָרען אין יאָר ה'ת"ס — 1700.

וועגען דער פריער קינדהייט פון בעל שם ווייסט מען זייער וועניג.

וואָס ס'איז יאָ פאַרצייכענט איז, אַז ישראל'יקעל איז געבליבען אַ יתום אַלס אינגעל. אי זיין טאַטע אי זיין מאַמע זיינען געשטאָרבען נאָך איידער ער האָט געגרייכט זיין בר מצוה. עס ווערט דערציילט אַז ווען זיין פאָטער האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען האָט ער אים צוגערופען צו זיך, גענומען דאָס הענטעל זיינס אין זיין האַנד און האָט אים געזאָגט: "כאָטש איך בין ניט זוכה דיך מגדל צו זיין, זאָלסטו דאָך געדענקען, אַז גאָט וועט זיין מיט דיר. דו זאָלסט זיך דערפאַר ניט שרעקען פאַר קיין שום זאַך".

אויף דעם קליינעם אינגעל האָבען די דאָזיגע ווער־טער פון זיין פאָטער פאַר'ן טויט געמוזט מאַכען אַ זייער שטאַרקען איינדרוק. ער האָט זיין גאַנץ לעבען געלעבט מיט דעם געדאַנק, אַז גאָט איז מיט אים און אַז ער האָט זיך ניט וואָס צו שרעקען...

נאָך דעם וואָס זיין פאָטער איז נפטר געוואָרען האָ־בען די פירער פון דער שטאָט געדונגען פאַר אים אַ מלמד, אַז ער זאָל מיט אים לערנען, אָבער ער פלעגט ניט איינזיצען ביי דעם מלמד; ער פלעגט אַנטלויפען אין וואַלד אַריין. מען זאָגט אַז נאָך אַלס אינגעל פלעגט

ער זיך מתבודד זיין ענטזוועדער אין וואלד. צווישען די ביימער אדער אין א הייל.

ווען ר׳ ישראל איז א ביסעל אונטערגעוואקסען איז ער געוואָרען א באהעלפער ביי א מלמד און ער פלעגט ברענגען די קינדער אין חדר, און איבערהויפט זיי אהיים פירען נאָכ׳ן לערנען. ווערט וועגען דעם דערציילט אזא מעשה׳לע:

## קינדער, און דער שטן

ווען ר׳ ישראל פלעגט גיין מיט די קינדער פון חדר פלעגט ער מיט זיי זינגען, און דאָס געזאנג איז געווען אזוי זיס און ענטציקענד, אז עס פלעגט דערגרייכען די הימלען. באַזונדערס פלעגט ער לערנען די קינדער זינגען אמן יהא שמיה רבא. אָט פון דעם געזאנג האָט גאָט גע-האט גרויס נחת, אזא נחת ווי ער האָט געהאט, ווען די לויים פלעגען זינגען דעם זעלבען שיר אין בית המקדש...

דעם שטן האָט די מעשה פאַרדראָסען, און ער האָט געוואָלט שטערען דאָס דאָזיגע געזאנג פון דעם באהעל-פער ר׳ ישראל מיט די קינדערלאך. האָט דער שטן זיך פאַרשטעלט אלס מכשף און איז געקומען אין באַטרע-פענדען שטעטעל, און דאָרט האָט ער זיך פאַרשטעלט אלס א חיה, וואָס הייסט וואָלקילאך (אנדערע מאכען עס איינפאכער, אז דער שטן האָט זיך פאַרשטעלט אלס א וואָלף). ווען ישראליק איז געגאנגען מיט די קינדער און געזונגען זיינע הערליכע געזאנגען, איז די חיה, דער פאַרשטעלטער שטן הייסט עס, אריין צווישען די קינדער, און ער האָט זיי זייער שטארק דערשראָקען. די קינדער זיינען זיך צולאָפען, און ווען זיי זיינען אהיים געקומען זיינען מערערע פון זיי קראנק געוואָרען פון דער שרעק, וואָס זיי האָבען איבערגעלעבט. די עלטערן האָבען דער-פאר ניט געוואָלט לאָזען מער די קינדער גיין אין חדר.

האָט אָבער דער יונגער ר׳ ישראליק זיך דערמאָנט אין דעם וואָס זיין טאַטע האָט אים אָנגעזאָגט, אז ער זאָל

זיך נישט שרעקען פאַר קיין זאַך. האָט ער דורך דעם באַקומען פיעל מוט, איז אַוועק צו די עלטערן פון די קינדער, און פון זיי פאַרלאַנגט, אַז זיי זאָלען ווידער שיקען די קינדער אין חדר אַריין. ער האָט גערעדט צו זיי מיט אַזוי פיעל איבערצייגונג, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין סכנה, דאָס די עלטערן האָבען איהם געגלויבט, און די קינדער זיינען ווידער געגאַנגען מיט ר' ישראליקען אין חדר און פון חדר. ער האָט מיט זיי ווידער געזונגען, און זיי געלערענט אַז זיי זאָלען נישט האָבען קיין מורא.

האָט דער שטן זיך ווידער פאַרשטעלט אַלס חיה און געוואָלט נאָך אַמאָל צוטרייבען די קינדער, האָט אָבער דער באַהעלפער, דער נאָכהער געוואָרענער בעל שם טוב, שוין געהאַט מיט זיך אַ שטעקען. ער האָט מיט דעם שטעקען דערלאַנגט דער חיה, און זי אַנידערגעלעגט צו דער גרויסער פרייד פון די קינדער, און זייער גיין אין חדר און דאָס זינגען דערביי איז מער נישט געשטערט געוואָרען.

אָט דאָס איז דאָס מעשה'לע, און וועד קען זאָגען, צו דער שטן איז נישט געווען עפּעס אַ כוליגאַן, אַ חיה אין מענשען געשטאַלט, און אַז פון אַ געוועהנליכער פּאַסירונג האָט די פאָלקס פאַנטאַזיע אויסגעוועבט אַזאַ הערליכע געשיכטע... נאָר ווי שוין געזאָגט: אויף קיין מעשות פרעגט מען נישט קיין קשיות. מען הערט זיי און מען לעזט זיי, און מען האָט פון זיי הנאה, הן צוליעב זייער שענקייט הן צוליעב זייער מוסר השכל וואָס זיי ענטהאַלטען.

אגב, פון דער מעשה'לע איז קלאָר, אַז ר' ישראל בעל שם טוב איז פון אינגעלווייז נישט געוועזן קיין שרעקעדיגער.

## נאָך אַ מעשה פון בעל שם אַלס באַהעלפער

עס איז פאַראַן נאָך אַ מעשה פון בעל שם אַלס באַהעלפער. דאָס האָט שוין געמוזט פאַרפאַסט ווערען, ווע-

גען דער צייט ווען ער איז געווען מער דערוואקסען. איך וועל דיזע דאָזיגע מעשה דאָ איבערגעבען:

איידער דער בעל שם טוב איז נתגלה געוואָרען איז ער געווען אַ באַהעלפער ביי אַ מלמד אין דער באַקאַנטער שטאָט האָרידענקי. ער האָט דאַמאָלט אויך געגעסען אַלס אורח ביים דאָרטיגען רב, רבי חיים, דער שווער פון באַרימטען גאון רבי מאיר מרגליות, דער גרויסער רב פון אוסטראָה, דער מחבר פון "מאיר נתיבים".

דער בעל שם האָט דאַמאָלט נאָך ניט אַרויסגעוויזען די מינדעסטע זאַך פון זיין גרויסקייט. מען האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ איינפאַכען באַהעלפער. בלויז די רביצין היה, די פרוי פון דעם רב ר׳ חיים, האָט געוואוסט, אַז ער איז אַ גרויסער הימעל מענש. זי האָט דאָס דערפאַרען ביי אַ געלעגענהייט און זי האָט געשוואוירען, דאָס זי וועט עס האַלטען שטרענג בסוד. אַזוי ווי זי איז געווען אַן אמת׳ע צדיקת האָט זי די שבועה געהאַלטען און זי האָט אפילו איהר איינענעם מאַן ניט געצייגען די אויפמערקזאַמקייט, אַז דער אורח זייערער איז אַ פאַרבאָרגענער צדיק.

די געלעגענהייט דורך וועלכער די רביצין האָט אויסגעפינען די גרויסקייט פון בעל שם, איז געווען, לויט דער מעשה, פאָלגענדע: אַמאָל איז די רביצין געפאָהרען געשעפטליך צו אַ גראַף און זי האָט מיטגענומען אַלס שומר דעם באַהעלפער ר׳ ישראל. פאָרענדיג דורכ׳ן וואַלד איז זי מיעד געוואָרען און זי האָט געוואָלט זיך צולעגען שלאָפען, האָט ר׳ ישראל איהר ערקלערט, אַז די היילינע חכמים זאָגען, אַז אַלע וועגען זיינען פול מיט סכנה, און נאָך דערצו אין אַ וואַלד מוז די סכנה זיין זייער גרויס. די רביצין האָט דערויף געענטפערט, דאָס פאָרענדיג צוזאַמען מיט אַזאַ צדיק, ווי ער איז, קען ניט זיין קיין שום סכנה. דער בעל שם האָט אַ שמייכעל געטון און ער האָט איהר געזאָגט: אַז דורך דעם ציטרוי וואָס זי האָט צו איהם וועט זי געראַטעוועט ווערען פון דער גרויסער געפאַהר וואָס

ערוואַרטעט זי. ער האָט אָבער פֿאַרלאַנגט פֿון איר, דאָס זי זאָל היילִיג שווערען, אַז זי וועט האַלטען בסוד אַלין וואָס זי וועט פֿון אים הערען און זען. זי האָט דאָס געשוואוירען.

דערציילט ווײַטער די מעשה:

נאָך דעם וואָס די רביצין האָט געשוואוירען, אַז זי וועט האַלטען בסוד דעם צדיק'ס וואונדער, האָט ער איר געזאָגט, אַז ס'וועט באַלד זיין אַקעגען קומען אַ באַוואַפֿענ־טער גולן, וועמענס הענד האָבען אין דעם וואַלד שוין פֿאַרגאָסען פֿיעל אונשולדיג בלוט. די רביצין האָט אָנ־געהויבען שטאַרק ציטערען פֿון שרעק; האָט ער זי גע־וואָלט באַרוהיגען און ער האָט איר ערקלערט, אַז ער וועט דעם גולן באַזיעגען און אויף אים ברענגען דעם טויט. די רביצין האָט אָבער ווײַטער געציטערט און האָט ערקלערט, דאָס זי גלויבט נִיט, אַז אַ אונבאַוואָפֿענטער זאָל באַזיעגען אַ באַוואַפֿענטען. האָט דער בעל שם איר פֿאַרזיכערט, דאָס די ווערטער וואָס גיין אַרויס פֿון זײַן מויל זײַנען שאַרפֿער ווי דעם גולנ'ס וואַפֿען...

ווי זיי האָבען אַזוי גערעדט איז אַרויס דער גולן פֿון די געדיכטע בוימער און האָט צו זיי געדונערט מִיט זײַן שטאַרקער שטימע: ״געלט אָדער דאָס לעבען״. דער בעל שם האָט אים קאַלטבלוטיג געענטפֿערט, אַז זיי האָבען נִיט קיין געלט, און האָט אים אויך ערקלערט אַז גאָט האָט געזאָגט אויפֿ'ן באַרג סיני: לא תרצח.

דער גולן האָט דערויף נִיט געקוקט און ער האָט געוואָלט ר' ישראל'ן דערשטעכען מִיט זײַן שווערט. אָבער דער בעל שם טוב האָט אים דורכגעשטאָכען מִיט זײַנע אויגען און דער גולן איז געבליבען ווי פֿאַרשטיינערט מִיט דער שווערט אין דער הויך, און ער האָט זיך נִיט געקענט רירען פֿון אָרט. שטייענדיג אַזוי ווי געלעמט האָט דער גולן זיך נאָך ערלויבט צו באַליידיגען דעם בעל שם און אים רופֿען מכשף. ר' ישראל האָט גלײַך געברויכט אַ שם פֿון די שמות הקדושים און דער גולן איז אײַנגע־

זונקען ביז די קניען אין דער ערד. אזוי ווי ער האט ניט אויפגעהערט צו זינדלען האט ער אלץ מער און מער געזונקען אין דער ערד אריין. דער בעל שם האט אים געווארענט, אז ער זאל תשובה טון, אבער זעענדיג, אז ער האט צו טון מיט איינעם פון די פארביסענע רשעים, וועלכע ווילען ניט טון קיין תשובה אפילו ווען זיי שטייען שוין ביי די טירען פון גיהנום, האט ער נאך אמאל געזאגט דעם שם און דער גזלן איז ווי קורח איינגעזונקען אין דער ערד...

די רביצין חיה האט מיט וואונדער באטראכט וואס ס׳איז פארגעקומען, און ווען זיי זיינען שוין געווען ארויס פון וואלד, האט זי געפרעגט דעם בעל שם ווי וועט זיין, אז זי וועט ניט קענען האלטען בסוד דעם וואונדער, און זי וועט דאס דאך דערציילען איר מאן? האט דער בעל שם איר ערקלערט, דאס ס׳איז א גרויסע זינד ניט צו האלטען א שבועה: די חכמים זאגען אז די גאנצע וועלט האט געציטערט ווען גאט האט געזאגט, דאס מען זאל ניט שווערען פאלש... דער בעל שם האט איר אויך פארשפראכען דאס אויב זי וועט האלטען דעם סוד וועלען אירע ביינער רוען אין קבר. זי האט דערפאר געהאלטען דעם סוד ביז זי איז געשטארבען.

אט די דאזיגע מעשה, וועלכע איז פון די עלטסטע וואס זיינען דערציילט געווארען פון אנדערע וועגען בעל שם, צייגט אויך אויף דער זעלבער כאראקטעריסטיק זיינער, אז ער איז געווען ניט קיין שרעקעדיגער, און אז ער איז געווען א קעמפפער, באקעמפפענדיג די וואס האבען געזוכט צו טון שלעכטס צו די וועלכע זיינען געווען אינטער זיין אויפזיכט. עס פארשטייט זיך, אז ער איז פארגעשטעלט געווארען אלס א וואונדער מענש. דער גלייבען אין וואונדער איז צו יענער צייט געווען זייער שטארק פארשפרייט צווישען די אידען, באזונדערס אין פוילען, פון וועלכער גאליציען איז געווען א טייל.

## 8. פֿון וואַנען האָט זיך גענומען בײַ דעם בעל שם טוב דער כח פֿון נבואה און פֿון היילען קראַנקע?

ר' ישראל בעל שם טוב האָט פֿון דער יוגענד זיך גענומען פֿאַרזאָגען געשעענישען, צו טרײַבען דיבוקים און היילען קראַנקע.

וועגען דעם פֿון וואַנען ס'האָט זיך גענומען בײַ ר' ישראל'ן דער כח דאָס צו טון עקזיסטירען פֿאַרשידענע מיינונגען.

קודם כל זײַנען געוועזען די געגנער פֿון זײַן אייגענער צײַט, וועלכע האָבען אים און זײַן לערע באַקעמפֿט. זיי האָבען ערקלערט, אַז זײַן לערע איז אפּיקורסות, אַז זײַן פֿאַרזאָגען זאַכען האָט קיין ווירקונג ניט; און אַז זײַנע וואונדער זײַנען קיין וואונדער ניט.

אייגענטליך איז דאָס ניט געוועזען קיין נײַעס, אַז אַ גרויסער מענש זאָל באַקעמפֿט ווערען בײַ זײַן לעבען, און מען זאָל זוכען אין גאַנצען מבטל זײַן די מיינונגען זײַנע. עס איז פֿאַראַן בײַ פֿיעלע אַזאַ מענטאַליטעט צו זײַן געגען יעדען מענשען, וואָס האָט מיינונגען און געדאַנקען, וועלכע האָבען אין זיך עפּעס נײַעס, אָדער וועלכער פֿאַרטײַטשט אַלטע געדאַנקען ניט אויף דעם אופֿן ווי זיי זײַנען געוואוינט. זיי האַלטען זיך אין אַלטע אָבגעלעבטע פֿאָרמען און שטאַנדפּונקטען און זיי ווילען קיין נײַע אָבפֿרישונג ניט האָבען.

מען באַגעגענט אויך שטענדיג אַזעלכע מענשען, וועלכע האָבען ליעב מבטל צו זײַן אַלץ וואָס אַנדערע זאָגען. אפילו הײַנט צו טאָג זײַנען למשל דאָ אַזעלכע מינים קריטיקער, וועלכע זײַנען יעדען איינעם מבטל. אין אמת'ן זײַנען די דאָזיגע כל המינים בלויז ניין-זאָגער אליין עובר בטל. און לעבען זײַנען זיי ניט געוועזען די יע-ניגע וועלכע האָבען געזינגט, ווײַל זיי האָבען ניט גע-

האַט קיין אונגערליכען אמת מיט זיך. געזונגט האָבען די מענשען מיט די "װאָנדערבארע", אָפּט גאנץ נייע אידעען אָדער פאָרמען.

דאָס זעלבע איז געשעהן מיט ר' ישראל בעל שם טוב. ניט די װעלכע האָבען אים באקעמפּט האָבען געזיגט, נאָר ער האָט געשאַפען א נייעם שטראָם אין אידישען לעבען, װאָס האָט דאָס דאָזיגע לעבען אָבגעפרישט און באנייט, װי א פרילינג דערפרישט און באנייט די נאטור און אלץ װאָס געפינט זיך אין איר.

שפּעטערע מתנגדים האָבען שוין ניט געזען קיין צוועק מבטל צו זיין דעם בעל שם טוב. װי האָבען דער־ציילט, אז זיין כח צו היילען האָט זיך גענומען פון דעם װאָס בעת ער האָט זיך געפונען אלס אינגעל אין די קארפּאטען בערג, האָט ער געלערענט פון די פויערטעס די קראַפט פון געװיסע װאָרצלען פון װילדע גרינצייגען און קרייטיכער, װאָס זיי פלעגען צוזאמענקלויבען, און ער האָט אזעלכע קרייטיכער באנוצט.

עס קען זיין אז און דעם איז דאָ עפּעס אמת; אָבער עס האָט געמוזט זיין נאָך עפּעס. ר' ישראל בעל שם טוב האָט געמוזט באזיצען א באזונדערען פּערזענליכען כח; ער האָט געמוזט באזיצען א גרויסע קראַפט פון אינטו־איציע, א לייכטקייט פון אומפּאַסען און באגרייפען זאַכען, און אַנװענדען פארשידענע מיטלען, װעלכע האָבען גע־קענט װירקען אויף יענע װעלכע האָבען און אים גע־גלויבט, און אָט דאָס האָט זיי געקענט העלפען.

די חסידים האָבען אַרום דעם כח, װאָס דער בעל שם טוב האָט באזעסען, אויסגעװעבט א אינטערעסאַנטע לע־גענדע. זיי דערציילען:

פאַר ר' ישראל בעל שם טוב האָט זיך געפונען נאָך א בעל שם טוב, זיין נאָמען איז געװען ר' אדם. ער איז געװען א גרויסער אָרימאַן, האָט געװאוינט מיט זיין װייב אין א אָרים שטיבעל און זיי זיינען אַרומגעגאַנגען אין צעריסענע קליידער. דער דאָזיגער ר' אדם האָט אָבער

געפֿונען אין אַ הייל כתבים פֿון סודות התורה. נאָך דעם האָט די װײַב זײַנע אים געזאָגט, אַז זי װיל גיין אין שול, נאָר זי האָט ניט אין װאָס. האָט ער איר געהייסען אַרײַנגיין אין קאַמערל און זיך נעמען װאָס פֿאַר אַ מלבוש זי װיל. ער האָט איר נאָר געהייסען דאָס נאָכ'ן צוריקקומען פֿון שול זאָל זי דעם מלבוש צוריקלעגען דאָרט װאו זי װעט אים נעמען. די פֿרוי האָט אַזוי געטון. און זי האָט ניט נאָר אין יענעם טאָג געפֿונען אין קאַמערל אַזאַ קלייד װי זי האָט געװאָלט און איז געגאַנגען אויסגעפּוצט אין שול אַרײַן, נור יעדען טאָג האָט זי געפֿונען אַ נײַ שען קלייד צו גיין אין שול, אַזוי אַז מען האָט אָנגעהויבען רעדען מיט פֿאַרװאונדערונג, װי ס'קומט, אַז די װײַב פֿון אַזאַ אָרימאַן זאָל קענען קומען יעדען טאָג אין שול אויסגעפּוצט אין אַזעלכע שענע קליידער. דאָס גערעדערײַ איז אָנגעקומען צום קיסר און ער האָט געהייסען די זאַך אויספֿאָרשען, אָבער אַלץ װאָס מען האָט געקענט אויסגעפֿינען איז געװען אַז ר' אדם איז אַ גרויסער אָרימאַן. דער װאונדער, װאָס ער קען פֿאַרזאָרגען, אַז דער װאונש פֿון זײַן פֿרוי זאָל דערפֿילט װערען און זי זאָל קענען גיין אַזוי שען אָנגעטון אין שול אַרײַן, האָט אים זייער חשובֿ געמאַכט בײַם קיסר.

בײַ דעם זעלבען קיסר איז געװען אַ שר, אַ מינים-טער, און ער האָט פֿײַנט געהאַט די אידען. אים האָט דערפֿאַר פֿאַרדראָסען פֿאַר װאָס אַ איד זאָל אַזוי חשובֿ װערען בײַם קיסר, און ער האָט אָנגעהויבען רעדען אויף ר' אדם'ן שלעכטס. האָט אָבער ר' אדם געלאָזט װיסען דעם קיסר, אַז ער װיל מאַכען פֿאַר אים אַ סעודה. דער שר איז דורך דעם נאָך מער אין כעס געװאָרען: אַזאַ חוצפּה פֿון אַ אָרימען אידען, צו װעלען האָבען דעם קיסר בײַ זײַנער אַ סעודה. דער קיסר האָט אָבער די אײַנלאַדונג אָנגענומען. װען ס'איז געקומען די צײַט פֿון דער סעודה איז דער קיסר געפֿאָרען צו ר' אדם'ן און האָט מיטגענומען אַלע שרי מלוכה. דער שונא פֿון אידען איז אויך געװען צװישען זיי. ער האָט געהאַלטען אין איין צורעדען

דעם קיסר, אז ער זאל זיך צוריק אומקערען, ווייל עס קען נאך זיין פאר איהם א גרויסע בושה, ווארום וואס פאר א סעודה מישטיינס געזאגט קען אזא אידישער אביון מאַ־כען. דער קיסר האט זיך אָבער ניט געוואָלט צוהערען צו זיינע רייד, און זיי זיינען ווייטער געפאָרען.

ווען זיי זיינען שוין געווען נאָענט פון שטאָט, וואו ר' אדם האט געוואוינט, האט דער קיסר געשיקט געטליכע שליחים אין פאָראויס צו זען צו מען האט צוגע־גרייט צומערען פאר איהם און זיינע לייט, און צו ס'איז פאראַן א זאַאל פאר דער סעודה. די שליחים זיינען באלד צוריקגעקומען און געזאָגט, אז ס'איז גאר ניטאָ, ווי נאָר א קליינע שטיבעל, אין וועלכען עס וואוינט ר' אדם און זיין ווייב. דעם קיסר איז אויך געוואָרען די זאך קשה, דאָך האט ער געהייסען ווייטער פאָרען. ער האט זיך גע־טראַכט, מן הסתם וועט ר' אדם באווייזען וואונדער. ווען זיי זיינען אָנגעקומען צו דעם פלאַץ וואו ס'איז געשטאַ־נען ר' אדם'ס שטיבעל האבען זיי געפונען א וואונדער־באַרען פאַלאַץ מיט פילע חדרים, מיט א גרויסער זאַאל מיט געגרייטע טישען מיט עסען און טייערע זילבערנע קרעדענצען, און עס זיינען אויך געווען משרתים צו באַ־דינען די גרויסע געסט.

וואס איז געשען? פון וואַנען האט זיך דאס אלעס גענומען?

דערציילט ווייטער די לעגענדע:

די מעשה פון דעם וואונדער פון ר' אדם'ן איז אזוי געווען: אין אַן אַנדערער מדינה האט א מלך געמאַכט א סעודה פאר א צווייטען מלך, און ער האט געלאָזט בויען א פאַלאַץ, וואס דאס האט געדויערט צוויי יאָר. און ער האט אָנגעגרייט עסען, זילבערנע קרעדענצען, און משרתים. ווען עס איז געקומען די צייט, אויף וועלכער ר' אדם האט איינגעלאַדען דעם קיסר, האט דער פאַלאַץ מיט די עסענס, קרעדענצען און משרתים זיך אַרויסגע־ריסען פון זיין פלאַץ, און דאס אַלעס איז געקומען צו ר' אדם'ן. דער קיסר איז אַריינגעפאָרען אין דעם דאָזיגען

פּאַלאַץ, און ער און זײַנע באַגלייטער זײַנען אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס כבוד.

די לעגענדע דערציילט נאָך, ווי ר' אדם האָט באַוויזען נאָך אַ וואונדער, וואָס האָט געצוואונגען דעם שונא ישראל, אַז ער זאָל פאַרשפּרעכען דאָס ער וועט מער ניט רעדען שלעכטס אויף אידען.

נאָך דער סעודה האָט דער פּאַלאַץ זיך צוריק אויפגעהויבען מיט אַלץ און אויך מיט די משרתים און איז צוריק אַוועק אויף זײַן אייגענעם פּלאַץ. בלויז צוויי בעכערס האָבען געפעלט, ווײַל ר' אדם האָט זיי געגעבען אַ מתנה צו דעם קיסר. אָט די צוויי בעכערס זײַנען געוועזען דער באַווײַז, מיט וועלכע דער קיסר האָט געקענט איבערצײַגען דעם צווייטען מלך, אַז דער איד ר' אדם האָט באַוויזען אַזאַ וואונדער.

אָבער ווי האָט דאָך ר' אדם געקענט דאָס באַווײַזען? זאָגט די לעגענדע אַז ער האָט דאָס געטון דורך די וועגען וואָס די כתבים פון די סודות התורה האָבען אים געלערענט.

איך וועל ווײַטער איבערגעבען די לעגענדע פון די היילינגע כתבים, און אויך ווי ר' אדם האָט געשיקט די דאָזיגע כתבים צו ר' ישראל בעל שם טוב.

דאָ וויל איך באַמערקען, אַז ס'איז ניט שווער צו באַגרייפען, דאָס די לעגענדע וועגען ר' אדם האָט געהאַט דעם צוועק צו שטאַרקען דעם גלויבען, אַז מען דאַרף ניט פאַרצווייפעלט ווערען, ווען עס באַווײַזען זיך שונאי ישראל, וואָס ווילען טון שלעכטס צו אידען. ווײַל עס באַווײַזען זיך דאַן אידען וועלכע באַזיצען אינערליכען כח צו ווירקען געגען די שונאי ישראל און צו באַזיגען זייערע בייזע כוונות.

## 9. די לעגענדע וועגען די הייליגע כתבים מיט די סודות פון דער תורה, וואס דער בעל שם ר' אדם האט געשיקט צו ר' ישראל בעל שם טוב

וועגען די הייליגע כתבים פון די סודות פון דער תורה, וועלכע דער בעל שם ר' אדם האט געשיקט צו ר' ישראל בעל שם טוב, ווערט נאך דערציילט, אז זיי זיינען שוין אייניגע מאל נתגלה געווארען אויף דער וועלט, און ס'איז דורך זיי געשעהן גרויסע וואונדער: צום ערשטען מאל זיינען זיי אנגעקומען צו אדם הראשון און ער האט דורך די ליכטיגע שטראלען פון די שמות הקדושים געזעהן וואס ס'טוט זיך פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען עק וועלט, און דורך די כתבים איז אדם הראשון געווארען א גרויסער חסיד... נאך דעם זיינען די כתבים אנגעקומען צו אברהם אבינו, און דורך זיי האט ער דערקענט די אחדות הבורא, די איינהייטליכקייט פון דער שאפונג. אט אויף די כתבים זאגט מען, אז זיי זיינען געווען די טייערע פערל, וועלכע האבען געהאנגען אויף אברהם אבינו'ס האלז; דורך זיי האט ער באזיגט זיבצען מלכים און איז געראטעוועט געווארען פון קאלך אויווען... יוסף הצדיק איז געווען דער דריטער צו וועלכען די כתבים זיינען אנגעקומען. דורך זיי האט ער ריכטיג פותר געווען חלומות, און האט זיך אויסגעלערענט אלע זיבעציג לשונות... די כתבים זיינען דאן אנגעקומען צו יהושע בן נון, און דורך זיי האט ער געפירט ערפאלגרייך מלחמות מיט פיער און פערציג מלכים אחוץ מיט די איין און דרייסיג מלכים פון ארץ ישראל... שלמה המלך איז געווען דער פינפטער, וואס האט באקומען די כתבים. דורך זיי האט ער געקענט רעדען מיט אלע באשעפענישען אין דער וועלט און רעגירען איבער זיי... אט די דאזיגע כתבים זיינען נתגלה געווארען צום זעקסטען מאל צו ר' אדם בעל שם טוב. ער האט

דורך זיי בטל געמאַכט שלעכטע גזירות וואָס דער בית דין של מעלה האָט געוואָלט אַרויסגעבען אויף דער וועלט...
ר׳ אדם האָט געשיקט די כתבים צו ר׳ ישראל בעל שם טוב, וועלכער האָט פֿון זיי באַקומען זיין כח הנבואה, און ער האָט זיי באַהאַלטען אונטער אַ שטיין, וואו משיח וועט זיי געפינען, און ער וועט דורך זיי ברייגען די אמת׳ע גאולה אויף דער וועלט...

די לעגענדע וועגען די כתבים קען אויך ליכט פאַרטייטשט ווערען אַלס אַ סימבאָלישע ערקלערונג וועגען דער קראַפט פֿון דער תורה וואָס האָט באַאיינפֿלוסט די גרעסטע פֿיגורען אין דער אידישער געשיכטע און וועלכע ענטהאַלט די יסודות פֿון באַפרייאונג און וואויל-שטאַנד פֿאַר דער וועלט.

## ווי ר׳ אדם האט געשיקט די כתבים מיט די סודות התורה צו ר׳ ישראל בעל שם טוב

דערציילט אויך די לעגענדע:

ווען ר׳ אדם האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען און ער האָט געוואָלט איבערשיקען די הייליגע כתבים צו ר׳ ישראל׳ן, האָט ער אָנגעזאָגט צו זיין זון:— איך לאָז דיר איבער וויכטיגע כתבים נאָר דו ביזט ניט ראוי צו זיי, זאָלסטו זיי נעמען און זיך נאָכפֿרעגען אויף דער שטאָט אָקופּ. דאָרט וועסטו טרעפֿען איינעם ישראל, און דו זאָלסט אים איבערגעבען די כתבים. אויב דו וועסט זוכה זיין וועט ער מיט דיר לערנען.

ר׳ אדם איז נסתלק געוואָרען, און דער זון איז געפֿאָרען מיט די כתבים קיין אָקופּ. דאָרט האָט ער צוערשט חתונה געהאַט. ער האָט געטון אַ גוטען שידוך, ער האָט גענומען פֿאַר אַ ווייב אַן עושר׳ס אַ טאָכטער. נאָך דער חתונה האָט ער אָנגעהויבען זוכען ישראל׳ן.

ר׳ ישראל איז דאַמאָלט געווען אַ שומר אין בית-המדרש. ער איז נאָך אַלץ געווען אַ נסתר. ווען אַלע פֿלע-

גען לערנען פלעגט ער שלאפען, און ווען זיי פלעגען שלאפען פלעגט ער לערנען, נאר אלע האבען געמיינט, אז ער שלאפט כמעט שטענדיג. ר' אדם'ס זון האט גע-ווארפען אן אויג אויף דעם דאזיגען שומר און ס'האט זיך אים גערוכט, אז דאס איז ישראל, וועלכען ער זוכט. ער האט דערפאר געבעטען זיין רייכען שווער, אז ער זאל אים מאכען אין בית המדרש א מחיצה, וואו ער זאל בא-זונדער לערנען. דער שווער האט דאס געטון, און האט אויך געדונגען דעם שומר ישראל'ן, אז ער זאל באדינען זיין איידים. ווען ר' אדם'ס זון איז אנטשלאפען געווארען פלעגט ר' ישראל אויפשטיין און האט עוסק געווען אין תורה, ווי ס'איז געווען זיין שטייגער. ר' אדם'ס זון האט אבער געזוכט צו דערגיין צי דער שומר, ישראל, איז טאקע דער וועלכען ער זוכט. דערפאר, בעת ר' ישראל איז גע-שלאפען, האט ער געלעגט נעבען אים א קונטרס פון די כתבים. ווען ר' ישראל איז אויפגעשטאנען און דערזען דעם קונטרס איז ער דערציטערט געווארען, און האט אים באהאלטען. דעם צווייטען טאג האט ר' אדם'ס זון ווידער אונטערגעלעגט ר' ישראל'ן א קונטרס פון די כתבים און דער בעל שם האט אויך דעם קונטרס בא-האלטען. האט שוין ר' אדם'ס זון געזען, אז דער שומר איז א מבין אויף די כתבים, און ער האט פארשטאנען אז דאס איז ער, דער וועלכען ער זוכט. ער האט אים דערפאר געזאגט וועגען וואס ער איז געקומען, און האט אים אי-בערגעגעבען די גאנצע כתבים. ער האט אים אויך גע-זאגט אז ער וויל פון אים לערנען. ר' ישראל האט גע-ענטפערט, אז ער וועט מיט אים לערנען, אבער מיט דעם באדינג, אז קיינער זאל דערפון ניט וויסען, און ער זאל

לפנים װײַטער זײַן בײַ אים אַ משרת װי פֿריער. ר׳ ישראל האָט אויך אויסגעלערנט די כתבים אויסענװײניג און זײַנע באַבדעם באַהאַלטען אין דעם געהיימען פּלאַץ אונטער אַ שטיין פֿאַר משיח׳ן.

ר׳ אדם׳ס זון האָט געהייסען, אַז מען זאָל אים מאַכען אַ צימער אויסערהאַלב דער שטאָט, וואו ער האָט זיך באַזעצט מיט ר׳ ישראל׳ן און ער האָט מיט אים געלערנט. ווען די שטאָט האָט געזען, אַז דער שומר, ישראל, ווערט מקרב פֿון ר׳ אדם׳ס זון, האָט מען ישראל׳ן געגעבען אַ ווײַב, אָבער זי איז גיך געשטאָרבען.

אין ר׳ ישראל געבליבען אַן אלמן, און ער האָט זיך ווײַטער אָבגעגעבען מיט לערנען ר׳ אדם׳ס זון. איין מאָל האָט דער תלמיד געבעטען דעם רבי׳ן, אַז ער זאָל אַראָבברייגען דעם שר התורה, אַז ער זאָל מיט זיי לערנען. ר׳ ישראל האָט אים געגען דעם געוואָרענט, אַז זיי קענען זיך טועה זײַן אין זײַן כונה. אָבער יענער האָט אים שטאַרק געבעטען, האָט דער בעל שם אים נאָכגעגעבען. זיי האָבען געפֿאַסט פֿון שבת צו שבת, זיך מטהר געוועזען און האָבען זיך מכוון געוועזען... אָבער פּלוצלינג האָט ר׳ ישראל געגעבען אַ געשריי: אוי וויי, זיי האָבען זיך טועה געוועזען. עס קומט אַראָב ניט דער שר של תורה, נאָר דער שר אש, דער שר פֿון פֿײַער, און ער וועט פֿאַרברענגען די גאַנצע שטאָט. ר׳ ישראל האָט אים געהייסען שנעל לויפֿען און הייסען די שטאָט לײַט אַרויסנעמען די זאַכען פֿון זייערע הײַזער. ר׳ אדם׳ס זון האָט געטון ווי דער בעל שם האָט אים געהייסען, און דורך דעם איז ער פֿון דאַמאָלט באַטראַכט געוואָרען פֿאַר אַ בעל מופת, ווײַל ווען ניט די וואָרנונג וואָלטען אויך די זאַכען געוועזען פֿאַרברענט געוואָרען, ווען די שטאָט האָט זיך אָנגעצונדען.

אין אַ צײַט אַרום האָט ר׳ אדם׳ס זון ווידער געבעטען ר׳ ישראל׳ן, אַז ער זאָל אַראָב ברייגען דעם שר של תורה. דער בעל שם האָט אים ווידער געוואָרענט, דאָס ס׳איז נגזר געוואָרען, אַז זיי זאָלען שטאַרבען, סאַידען זיי

וייל׳ען לערנען אַ גאַנצע נאַכט און ניט שלאָפען. ר׳ אדם׳ס זון האָט דאָס גענומען אויף זיך. אָבער נאָענט פון טאָג איז ער אַנטשלאָפען געוואָרען, און איז באַלד געשטאָרבען. ר׳ ישראל האָט גערופען הילף, ער האָט געשריען אַז דער בן הרב חלש׳ט. מען האָט דעם פאַר׳חלש׳טען געמונטערט, אָבער ס׳איז געווען אומזיסט, מען האָט איהם ניט געקענט דערמונטערען.

די לעגענדע פירט אויס, אַז ר׳ אדם׳ס זון איז אַזוי געשטאָרבען ווייל ער האָט געוואָלט אַ זאַך, צו וועלכער ער איז ניט ראוי געווען...

נאָך דעם וואָס דאָס איז געשעהן האָט ר׳ ישראל זיך באַזעצט אין טלוסט, נעבען בראָד, און איז דאָרט געוואָרען אַ מלמד.

## 10. דער נביא אחיה השילוני אנגעגעבען פון בעל שם טוב אלס זיין רבי

דער בעל שם טוב האָט אָנגעגעבען אַז ער איז דער תּלמיד פֿון אחיה השילוני, וואָס דאָס קען מיינען, אַז ער פֿאָלגט נאָך זײַן גײַסט.

אחיה השילוני איז געווען אַ נביא אין לאַנד ישראל נאָך אין די צײַטען פֿון שלמה המלך און זײַן זון רחבעם. ער איז געווען דער נביא, וועלכער האָט געבראַכט ירבעם בן נבט צו דער מאַכט אין לאַנד ישראל, ווײַל רחבעם האָט זיך ניט צוגעהערט צום פֿאָלק, אַז ער זאָל מאַכען לײַכטער די שווערע שטייערען. וואָס זײַן פֿאָטער האָט אויף זיי אַרויפֿגעלעגט. ער האָט געענטפֿערט אויף זייער פֿאָדערונג: „מײַן פֿאָטער האָט אייער יאָך שווער געמאַכט, אָבער איך וועל דאָס נאָך שווערער מאַכען. מײַן פֿאָטער האָט אײַך געשטראָפֿט מיט'ן רוט, איך וועל אײַך שטראָפֿען מיט דערנער". דער דערמאָנטער נביא איז דורך דעם געוואָרען אַ געגנער פֿון שלמה המלך'ס זון רחבעם און האָט פֿאָרגעזאָגט זײַן דורכפֿאַל. אחיה הנביא איז אָבער געוואָרען געגען ירבעם בן נבט ווען יענער האָט אײַנגעפֿירט פֿרעמדע מזבחות און געדינט צו אָבגעטער. ער האָט פֿאָרגעזאָגט דעם אונטערגאַנג פֿון דער מלוכה אין לאַנד ישראל.

אָט דער דאָזיגער נביא אחיה השילוני איז בכלל אַ גאָר לעגענדאַרע פֿיגור. עס ווערט ערקלערט, אַז ווען ער האָט געזאָגט זײַנע נביאות איז ער שוין געווען גאָר אַן אַלטער מאַן און ער איז שוין געווען בלינד. עס ווערט באַהויפּטעט, אַז ער איז אויך געווען דער אחיה בן אחיטוב, כהן אין שילה נאָך אין שאול המלך'ס צײַט. מען האַלט איהם פֿאַר איינעם פֿון די זיבען היילינגע וועלכע האָבען געלעבט גאָר לאַנג איינער נאָכ'ן צווייטען אַזוי אַז זייערע לעבענס האָבען זיך געצויגען דורך דעם גאַנ־צען לויף פֿון דער אידישער געשיכטע. דער ערשטער פֿון

זיין איז געווען אדם הראשון; דער צווייטער מתושלח; עס גיין נאכדעם אין דער רייהע: שם, יעקב, עמרם דער פאטער פון משה רבינו, דאן קומט אחיה השילוני, און דער זיבעטער איז אליהו הנביא, וועלכער, לויט דער לעגענדע, לעבט שטענדיג און וועט לעבען ביז משיח וועט קומען.

אחיה השילוני איז געווען דער רבי פון אליהו הנביא. מען שרייבט אים צו, אז ער איז נאך געווען אין גלות מצרים. ער האט, הייסט עס, פארזוכט דעם טעם פון ביטערסטען אידישען גלות און ער האט געלעבט זעקס הונדערט יאר. דער רמב״ם באצייכענט אים אלס א תלמיד פון משה רבינו.

אט דעם דאזיגען נביא אחיה השילוני האט דער בעל שם טוב באצייכענט אלס זיין רבי, כאטש ער האט געלעבט לויט דער לעגענדע פון 3275 ביז 2675 יאר פאר אים. עס פארשטייט זיך דאס אזא רבי׳ן קען מען נאר האבען אין גייסט.

פאר וואס דער בעל שם טוב האט אים אויסגעקליבען אלס זיין רבי׳ן איז לייכט צו פארשטיין: ער איז געווען א פראטעסטירער, ניט נאר דורך ווערטער, געגען דאס שלעכטע און בייזע פון דעם מאכט-האבער; ער איז צו דער זעלבער צייט געווען געגען דעם וועלכען ער האט געשטיצט, ווען יענער איז געווארען פאלש צום גאט פון זיין פאלק. ער האט אויך געלערענט די אונבאגרענצטע געטסקייט צו אליהו הנביא. עס איז געווען באזונדערס די דאזיגע לערע, וואס דער בעל שם טוב האט געזוכט צו פארשפרייטען.

ס׳איז אויך כדאי צו דערמאנען, אז ר׳ שמעון בן יוחאי האט געמאכט אן ערקלערונג, וואס צייגט, אז ער האט דעם דאזיגען נביא געשטעלט אויף א הויכקייט נאענט פון אברהם אבינו.

אין דער חסידישער וועלט גלויבט מען, אז דער בעל שם איז געשטאנען אין פארבינדונג מיט אחיה השילוני.

## 11. דעם בעל שם'ס צווייטע חתונה

בעת ר' ישראל בעל שם טוב האָט זיך באַזעצט אַלס מלמד אין טלוסט, נעבען בראָד, איז ער נאָך ניט נתגלה געוואָרען, אָבער דאָך האָט מען שוין פון אים געהאַלטען, און לויט ווי עס דערציילען מעשיות הן פון "קהל חסידים" הן פון "כתר שם טוב", פלעגט מען צו אים קומען מיט פאַרשידענע משפטים, און ער פלעגט אַזוי משפט'ן, אַז ער פלעגט קיין צד ניט ברוגז מאַכען, ווייל אפילו די געגען וועלכע ס'איז געווען זיין פסק-דין פלעגט ער מיט חכמה געבען צו פאַרשטיין, אַז אַזוי איז דער דין.

דערציילען ווייטער די מעשיות, אַז צו יענער צייט האָט געוואוינט אין בראָד אַ גרויסער למדן, איין מעשה באַהויפטעט אַז ער האָט געהייסען ר' אברהם פון קיטאָ־ווע, און ער איז געווען דער פאָטער פון בראָדער רב ר' גרשון קיטאָווער, וועלכער איז געווען דער ראש פון בית דין: די צווייטע מעשה ערקלערט, אַז דער למדן האָט געהייסען ר' אפרים קיטאָווער, און זיין זון, דער בראָדער רב, האָט געהייסען ר' אברהם גרשון. מיר וועלען נאָכ־פאָלגען די צווייטע ווערסיע; מיר וועלען אים רופען ר' אפרים. דער דאָזיגער למדן האָט געהאַט אַ געלד סכסוך מיט אַ טלוסטער איד, און אַזוי ווי זיי האָבען זיך ניט געקענט אויסגלייכען, האָט ר' אפרים פאָרגעשלאָגען דעם טלוסטער אידען, דאָס זיי זאָלען האָבען אַ דין תורה ביי דעם מלמד, און אויב זיין פסק-דין וועט אים ניט געפע־לען זאָלען זיי פאָרען קיין בראָד. ר' ישראל האָט גע'־משפט און האָט אַרויסגעגעבען דעם פסק-דין מיט אַזוי פיל חכמה, אַז ר' אפרים האָט אים באַוואונדערט. ער האָט דאַן מיט אים גערעדט וועגען פאַרשידענע וועלט־זאַכען, און ער האָט אים אָנגעהויבען שעצען פאַר די מיינונגען וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט. איין מעשה באַ־הויפטעט, אַז דער בעל שם האָט געזען ברוח הקודש, אַז ר' אפרים האָט אַ טאָכטער וואָס דאַרף ווערען זיין ווייב.

דערפֿאַר האָט ער אויך געזאָגט אַ שאַרפֿען פּשט און רמב״ם און דאָס איז ר' אפֿרים'ן גאָר שטאַרק געפֿעלען. ער האָט טאַקע געהאַט אַ טאָכטער אַ גרושה, און ער האָט פֿאָרגעשלאָגען ר' ישראל'ן, אַז ער זאָל זי נעמען פֿאַר אַ ווייב. ר' ישראל האָט צוגעשטימט אַז זיי זאָלען שרייבען תנאים, אָבער מיט דעם באַדינגונג, אַז די חתונה זאָל פֿאָרקומען ווען ער וועט געפֿינען פֿאַר מעגליך, און ביז דאַמאָלט זאָל געהאַלטען ווערען בסוד דאָס זיי זיינען פֿאַרלאָבט. נאָך אַ באַדינגונג האָט ער געשטעלט, אַז אין די תנאים זאָל ער פּשוט גערופֿען ווערען ישראל בן אליעזר, אָן וועלכער ס'איז באַצייכנונג אַלס למדן אָדער אַלס דיין. ר' אפֿרים האָט צוגעשטימט צו די באַדינגונגען. מען האָט געשריבען די תנאים אין צוויי קאָפּיעס, איינע האָט גענומען ר' ישראל און די צווייטע ר' אפֿרים. דער לעצטער איז דאַן אַהיים געפֿאָרען, אָבער אויפֿ'ן וועג איז ער קראַנק געוואָרען און ווען ער איז אַהיים געקומען איז ער נפטר געוואָרען. די תנאים האָט געפֿינען זיין זוהן, דער בּראָדער רב ר' גרשון קוטעווער, און ער האָט זיך געוואונדערט ווי ס'קומט וואָס זיין פֿאָטער האָט געטאָן אַ שידוך מיט איינעם וואָס איז ניט קיין בן תורה. ער האָט ייאַגען דעם אויך גערעדט מיט זיין שוועסטער און ס'איז געבליבען ביי זיי, אַז זיי זאָלען וואַרטען ביז דער חתן וועט קומען באַשטימען די צייט פֿון דער חתונה, וועלען זיי זעהן וואָס פֿאַר אַ מין מענש דאָס איז.

נאָך דעם וואָס ר' ישראל האָט אָבגעלערענט דעם זמן, האָט ער געזאָגט די בעלי הבתים, אַז ער דאַרף אַוועקפֿאָרען. זיי האָבען געוואָלט, אַז ער זאָל בלייבען ווייטער לערנען מיט די קינדער, אָבער ער האָט דאָס ניט אָנגענומען און איז אַוועק פֿון דעם שטעטעל קיין בראָד. אויפֿ'ן וועג האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ קורץ פּעלצעל און אַ ברייטען גאַרטעל, דאָס איז געווען זיין טראַכט ייען ער איז געווען אַ יונגערמאַן. אַזוי אָנגעטאָן ווי אַ פּויער איז ער אַנגעקומען צו הרב אברהם גרשון אין בראָד, בעת יענער איז געזעסען און האָט גע'משפט אַ דין תורה.

ווען דער רב האָט דערזען דעם אידען אין די פויערישע קליידער האָט ער געמיינט, אַז ער איז אַן אָרימאַן וואָס וויל אַ נדבה, האָט ער אים געוואָלט געבען אַ פרוטה.

ר׳ ישראל האָט אים אָבער געזאָגט, אַז ער דאַרף מיט אים רעדען אַ סוד, און זיי זיינען אַרײַן אין אַ באַזונדער חדר. דאָרט האָט דער בעל שם אַרויסגענומען די תנאים, און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז געקומען נעמען דעם רב׳ס שוועסטער, חנה האָט זי געהייסען, פאַר אַ ווײַב. דער רב איז געוואָרען אַ דערשראָקענער: סטײַטש, וואָס האָט זײַן פאָטער געטון? — פאַר אַזאַ עם הארץ פאַר׳-קנס׳ן די שוועסטער זײַנע?... נאָר ער האָט אַרײַנגערופען די שוועסטער, זאָל זי באַשטימען... די שוועסטער איז אַרײַנגעקימען; דער ברודער האָט איר ערקלערט, אַז אָט דער איז עס דער חתן. האָט זי געענטפערט, דאָס אַזוי ווי איר פאָטער האָט עס באַשטימט, איז עס מן הסתם ריכ-טיג און זי איז דערצו מרוצה. עס קען פון זיי אפשר אַרויסקימען גוטע קינדער. הרב ר׳ אברהם גרשון האָט ניט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי צו אַראַנזשירען דעם טאָג פון דער חתונה.

ווען ס׳איז געקומען פאַר דער חופה האָט דער בעש״ט ערקלערט, אַז ער וויל רעדען מיט דער כלה אַליין. ער האָט איר דאַמאָלט מגלה געווען ווער ער איז, אָבער ער האָט זי באַשוואוירען דאָס זי זאָל עס קיינעם ניט אויסגעבען. זי האָט געוואָלט ביי איהם פועל׳ן, אַז זי זאָל דאָס קענען דערציילען איר ברודער, וועלכער איז זיך שטאַרק מצער וואָס זי נעמט אַן "עם הארץ". זאָל ער וויסען דעם אמת און זאָל ער זיך ניט אומזיסט ערגערען. אַבער ער האָט דאָס ניט ערלויבט. ער האָט איר אויך ערקלערט, אַז ס׳וועט זיי אויסקומען צו לעבען אַ צײַט אין אָרימקײַט און נויט, אָבער דאָס וועט ניט זײַן אויף שטענדיג. זי האָט צו אַלין צוגעשטימט, און — זיי האָבען חתונה געהאַט.

## 12. א לעבען אין ארימקייט

נאָך דער חתונה פון ר' ישראל'ן האָט דער
שוואָגער זיינער, דער קיטעווער רב, געוואָלט
לערנען מיט ר' ישראל'ן, כדי ער זאָל איהם אויס-
לערנען דברי תורה, אָבער דער בעל שם האָט זיך גע-
מאַכט, אַז ער קען דאָס ניט פאַרנעמען. האָט ר' אברהם
גרשון געזאָגט צו זיין שוועסטער, אַז ס'איז איהם אַ גרויסע
חרפה, וואָס ער האָט פאַר אַ שוואָגער אַזאַ עם הארץ.
ער האָט איהר פאָרגעשלאָגען דאָס זי זאָל זיך מיט איהם
גט'ן; נאָר אַזוי ווי זי האָט דאָס ניט געוואָלט טון האָט
ער איהר אָנגעבאָטען זיי צו קויפען אַ פערד און וואָגען,
און זיי זאָלען אַוועקפאָרען פון דער שטאָט, ווייל ער קען
די חרפה ניט דערטראָגען. זי האָט צו דעם צוגעשטימט.
זיי האָבען באַקומען דעם פערד און דאָס וועגעלע און זיי
האָבען זיך באַזעצט אין אַ דאָרף נעבען די קאַרפאַטען
בערג אין גאַליציען, צווישען די שטעטלעך קאַסאָווע און
קיטאָווע. דער בעל שם איז געזעסען אין די בערג, דאָרט
געפאַסט, זיך מתבודד געווען. עס ווערט אויך באַהויפ-
טעט, אַז נאָך די תעניתים פלעגט ער אויסגראָבען אַ
גריבעל אין דער ערד, אַריינטון דערין מעהל און וואַסער;
דאָס פלעגט זיך באַקען פון דער זון, און דערמיט האָט
ער זיך דערנערט. די ווייב ווידער פלעגט האָבען פרנסה
דערפון וואָס זי איז אַ פאָר מאָל אין וואָך געקומען אין
די בערג מיט'ן פערד און וועגעלע. ער פלעגט אָנגראָבען
ליים און עס אַרויפלעגען אויפ'ן וועגעלע. זי פלעגט דער-
מיט פאָרען אין שטעטעל אַריין און דאָס פאַרקויפען, און
אַזוי האָט זי זיך מפרנס געווען.

## דער בעל שם טוב און זיין שוואגער

דערציילט וויטער די מעשה:

זיבען יאָר נאָך זייער חתונה זיינען דער בעל שם
און זיין ווייב געפאָרען קיין בראָד צו איהר ברודער הרב
ר' אברהם גרשון. ער האָט געפרעגט זיין שוועסטער וואר

זיי זײַנען געװען, און זי האָט אים געענטפֿערט; "אין פֿילע פֿלעצער און מיר האָבען געהאַט גרויסע צרות" עס ווערט אויך דערציילט, אַז דער בעל שם איז געגאַנגען אין גראָבע צוריסענע קליידער און די פֿינגער האָבען זיך אַרויסגעזיען פֿון זײַנע שיך. דער בראָדער רב האָט גרויס רחמנות געהאַט אויף זײַן שוועסטער, האָט זיי געגעבען אַ וואַיינונג ניט ווײַט פֿון אים און האָט גענומען דעם בעש"ט אַלס אַ משרת צו זיך.

איין מאָל האָט הרב ר' אברהם גרשון באַדאַרפֿט ערגעץ פֿאָרען, האָט ער גענומען דעם בעש"ט פֿאַר אַן אָנטרײַבער. אויפ'ן וועג איז דער רב אַנטשלאָפֿען געוואָרען, און דער בעל שם זײַענדיג פֿאַרטיפֿט אין היילינגע מחשבות, האָט ער געלאָזט די פֿערד גיין ווי זיי ווילען און זיי זײַנען אַרײַן מיט דעם וואָגען אין אַ זומפּ, פֿון וועלכען ס'איז ניט מעגליך געווען אַרויסצוקריכען, האָט ער אויפֿגעוועקט זײַן שוואָגער, דעם רב. ווען ר' אברהם גרשון האָט געזען וואָס ס'איז געשען, האָט ער זיך געטראַכט, אַז ער וועט אים שיקען אין דאָרף אַרײַן נאָך מענשען קען ער אים נאָך דאָרט לאָזען שטעקען, האָט ער באַשלאָסען אַליין צו גיין. ווען ער איז צוריקגעקומען מיט מענשען און מיט פֿערד האָט ער שוין באַגעגענט דעם בעש"ט פֿאָרען מיט זײַן פֿערד און וואָגען. פֿרעגט ער אים: "ווער האָט דיך אַרויסגעשלעפּט?" האָט ער געענטפֿערט פּשוט: "איך האָב אַ גוטען קלאַפּ געטון די פֿערד, זײַנען זיי אַרויסגעגאַנגען". האָט ר' אברהם גרשון באַמערקט: "אפילו אָנצוטרײַבען אַ פֿערד און וואָגען קומט ער אויך ניט צונוץ. צו קיין שום זאַך טויג ער ניט".

נאָך דער האָזינגער רײַזע האָט דער בראָדער רב זיך מיישב געווען און האָט זיי געדונגען אַן אכסניה אין אַ דאָרף, אַז זיי זאָלען זיך דערפֿון מפרנס זײַן. דאָרט האָבען זיי געהאַט פּרנסה. די פֿרוי פֿלעגט אויפֿנעמען אורחים בכבוד גדול און זיי געגעבען גוט עסען. דער בעש"ט האָט זיך געבויט אַ שטיבעל אין וואַלד. דאָרט איז ער געזעסען טאָג און נאַכט און זיך איבערגעגעבען צו תורה און תפילה. נאָר אויף שבת פֿלעגט ער אַהיים גיין. ער

איז געגאַנגען אין מרחץ און אָנגעטון זיך ווײַסע קליידער
אויף שבת. זײַן סדר איז אויך געווען, אַז ער פלעגט קו-
מען אין שטאָט אַרײַן ראש חודש אלול און פלעגט דאָרט
בלײַבען ביז איבער די ימים טובים.

איין מאָל אין חול המועד סוכות האָט הרב ר׳
אברהם גרשון געזען אַז זײַן שוואָגער לייגט ניט קיין
תפילין. ער האָט דאָס געזען, ווײַל ר׳ ישראל פלעגט
דוקא שטיין אין מזרח וואַנט, כאָטש ער האָט נאָך ניט
געהאַט קיין חשיבות אין די אויגען פון די מענשען. דער
רב האָט עס באַטראַכט פאַר אַ משוגעת, נאָר ער האָט
זיך דערין ניט געקימערט. אָבער ווען ער האָט געזען, אַז
ער לייגט ניט קיין תפילין אין חול המועד, האָט ער אים
געפרעגט פאַר וואָס טוט ער דאָס, האָט דער בעל שם
אים געענטפערט, אַז ער האָט געזען אין אַ ספר, וואָס
איז געשריבען אין עברי-טײַטש, (דאָס הייסט פשוט אין
אידיש), אַז ווער עס לייגט תפילין אין חול המועד איז
חייב מיתה. איז ר׳ אברהם גרשון שטאַרק ברוגז געוואָ-
רען. ער האָט אים געזאָגט, אַז רבנים און גאונים לייגען
תפילין אין חול המועד און זיי זײַנען ניט חייב מיתה;
אָבער ר׳ ישראל האָט דאָס אַלץ ניט געוואָלט טון. האָט
דער בראָדער רב גענומען זײַן שוואָגער און איז געגאַנגען
מיט אים צו אַ צווייטען רב, וועלכער איז געווען באַקאַנט
אַלס גרויסער צדיק. ער האָט אים צוערשט געזאָגט, אַז
ער האָט אַ שוואָגער אַ פרומען אידען, אָבער ער האָט
דעם פעלער וואָס ער קען ניט לערנען און פאָלגליך
ווייסט ער ניט ווי אַרויסצוברייננען די פרומקייט. ער
האָט אים דערפאַר געבעטען, דאָס ער זאָל אים אויס׳-
מוסר׳ן און זאָל אים כאָטש הייסען פאָלגען. ער האָט דאַן
אַרײַנגעבראַכט דעם שוואָגער. ווי דער צווייטער רב האָט
געגעבען אויף אים אַ בליק האָט ער דערזען אַ ליכט אויף
זײַן קאָפּ, האָט ער זיך פאַר אים אויפגעשטעלט און זיך
געבויגען. ווען דער רב האָט אים געוואָלט זאָגען אַז ער
זאָל דאָס ליכט אויף זײַן קאָפּ, האָט דער בעש״ט אַ מאַך
געטון מיט די ליפּען, און דאָס ליכט איז פאַרשוואונדען.

נאָך אַ װײַלע איז דאָס ליכט צוריקגעקומען און דער רב האָט זיך װידער פֿאַר אים אויפֿגעשטעלט. אַזוי איז געשען איינציקע מאָל. הרב ר׳ אברהם גרשון האָט אָבער דאָס ליכט ניט געזען, און ער האָט װײַטער דערציילט דעם "חטא" פֿון זײַן שװאָגער. דער צװייטער רב האָט אַרײַנגערופֿן דעם בעל שם אין אַ צװייטן צימער און ער האָט פֿון אים פֿאַרלאַנגט, אַז ער זאָל אים אויסזאָגן װער ער איז. אַזוי װי דער דאָזיקער רב איז געװען אַ גרויסער צדיק, האָט ער אים מגלה געװען, אַז ער לערנט בײַנאַכט סתרי תורה בײַ אחיה השילוני, נאָר פֿון הימעל איז אים נאָך ניט דערלויבט זיך מתגלה צו זײַן. ער האָט טאַקע דערפֿאַר גוזר געװען אויף דעם רב, אַז ער זאָל דאָס האַלטן בסוד, און קיינעם ניט אויסגעבן. װען זיי זײַנען צוריק אַרײַן אין גרויסן צימער װאו עס איז געװען הרב ר׳ אברהם גרשון, האָט דער צװייטער רב אים געזאָגט, אַז כאָטש זײַן שװאָגער איז אַ פּראָסטאַק װעט ער דאָך קיין שלעכטס ניט טון. זאָל מען אים לאָזן זיך פֿירן װי ער פֿירט זיך.

---

עס איז נאָך פֿאַראַן אַזאַ מעשׂה װעגן דער באַציהונג פֿון ר׳ גרשון קיטעװער צו זײַן שװאָגער דער בעש"ט:

איין מאָל האָט מען בײַ ר׳ ישׂראל׳ן צוגעגנב׳עט אַ פֿערד, האָט ר׳ גרשון אים געשטראָפֿט און האָט אים געזאָגט: "איבער דײַנע שלעכטע מעשׂים שטראָפֿט דיך גאָט".

דער בעל שם טוב האָט זיך פֿאַרטראַכט אַ װײַלע און האָט דערנאָך פּלוצים אַ זאָג געטון: "מען װעט עס מיר אָבברײנגען אַהײַם".

האָט ר׳ גרשון פֿון אים געלאַכט און געזאָגט: "די װעסט לאַנג װאַרטן ביז מען װעט דיר אָבברײנגען דאָס פֿערד".

עס האָט געדויערט לערך אַ יאָר און דאָס פֿערד האָט זיך ניט באַװיזן, און װען דער בעש"ט איז געקומען אין שטאָט אַרײַן פֿלעגט ר׳ גרשון פֿון אים שפּעטן און

אים פרעגען צי מען האט אים שוין אבגעבראכט דאס פערד.

צום סוף איז געקומען א פויער און האט געגעבען א קלאפ אין פענסטער און האט געבעטען פייער צו פאררויכערען די לולקע. דער בעש"ט איז ארויסגעגאנ־גען און האט דערקענט, אז דאס פערד, מיט וועלכען דער גוי איז געקומען, איז געוועזען דאס צוגע'גנב'עטע פערד. דער פויער איז אוועק און דאס פערד איז געבליבען ביים בעל שם. דער שוואגער זיינער האט מער ניט געלאכט.

דאס זיינען במעט נאאיווע מעשה'לעך. זיי האבען אבער א טיפען מיין. זיי ציינען, קודם כל, אז איידער ר' ישראל בעל שם טוב איז נתגלה געווארען האט ער זיך פארהאלטען גאנץ איינפאך; און זיין שוואגער, דער גרויס-שטאטישער רב, איז אויף אים קיין מבין ניט גע־וועזען און האט פון אים ניט געהאלטען. ער האט זאגאר פון אים חוזק געמאכט... אבער ווי מיר וועלען שפעטער ערפארען איז אויך ר' גרשון קיטיווער געווארען מיט דער צייט גאר א גרויסער חסיד פון זיין שוואגער, דער בעש"ט. ער האט אויך אנערקענט זיין גרויסקייט און הייליגקייט.

די מעשה'לעך האבען אויך א מוסר השכל, אז מען דארף ניט אורטיילען א מענשען לויט זיין ערשטיינונג: לויט דעם אויסערליכען איינדרוק וואס ער מאכט, ווייל עס קען טרעפען, אז ער זעט נאר אויס פשוט און אז ער באזיצט אין אמת'ען גאר גרויסע גייסטיגע כחות.

און דער עיקר, די מעשה'לעך ציינען, אז פון א פשוט'ן פאלקס מענשען איז ארויסגעקומען דער גרעס־טער דערהויבער פון יודענטום אין זיין צייט און פאר וייטערע צייטען. דאס פאלק דארף אין די אייגענע רייען זוכען זיינע פירער, זיינע דערהויבער, זיינע רעטער.

## 13. מעשיות מיט גזלנים

אין שייכות מיט'ן אויפהאַלטען זיך פון בעל שם אין די בערג ווערט דערציילט אַזאַ מעשה:

דער בעל שם טוב איז תמיד געזעסען אַליין צווישען די בערג, און האָט געפאַסט גרויסע הפסקות. דאָס פּלאַץ וואו ער האָט זיך אויפגעהאַלטען איז געווען אויף גאַנץ הויכע בערג, צווישען וועלכע עס זיינען געווען טיפע טאָלען.

איין מאָל איז דער בעל שם געגאַנגען אויף אַ באַרג שטאַרק פאַרטראַכט. ער איז אַזוי געגאַנגען ביז צום סאַמע ברעג פון שפּיץ באַרג. אויף אַ צווייטען באַרג געגענ-איבער זיינען געשטאַנען גזלנים און האָבען זיך צוגעקוקט ווי ער גייט אַזוי בײַם סאַמע ברעג, און האָבען זיך גע-טראַכט, אַז אָט, אָט, וועט ער אַראָבפאַלען און צושאָטען ווערען. אָבער פּלאי פלאים. ווען ער האָט אויפגעהויבען דעם פוס און האָט געהאַלטען בײַם אַרײַנפאַלען אין תהום, האָט דער שפּיץ פון צווייטען באַרג זיך צוגעבויגען גאַר נאָענט צו דעם שפּיץ פון דעם באַרג, אויף וועלכען דער בעש"ט איז געווען, און אָנשטאָט אַראָבצופאַלען האָט ר' ישראל געשטעלט זיין פוס אויפ'ן צווייטען באַרג, און האָט אָנגעהויבען אויף איהם צו גיין. נאָך דעם וואונ-דער האָבען די שפּיץ בערג זיך ווידער צוריקגעקערט צו זייערע פּאָזיציעס. אַזוי ווי דער בעל שם האָט שפּאַצירט אַהין און אַהער, האָבעןביידע שפּיץ בערג באַוויזען דעם זעלבען וואונדער איינינגע מאָל. די גזלנים האָבען פאַר-גאַפט זיך צוגעקוקט צו דאָס וואָס איז פאָרגעקומען. זיי זיינען דאַן צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט, אַז זיי זען דאָס ער איז אַ געטליכער מאַן און ער זאָל פאַר זיי מתפלל זיין. ער האָט זיי געהייסען שווערען אַז זיי וועלען מער ניט טון קיין שלעכטס צו די אידען, און זיי האָבען דאָס געשוואוירען.

נאָך אַנדערע מעשיות ווערען דערציילט פון בעש"ט פון יענער צייט ווען ער האָט געלעבט אַליין אין די בערג.

עֶם פֿאַרשטייט זיך, אַז זיי ווייגען הויפּטזעכליך אַלֶגאָ-
ריעֶן, און זיי צייגען ווי הויך דער בעל שם איז געשטאַנען
אין דער שעצונג פֿון די מענשען.

איינע פֿון די מעשיות האָט די כונה אָנצוצייגען ווי
מען דאַרף זיך היטען פֿאַר דער ערשטער זינד און ווי
שעדליך ס׳איז שברות פֿאַר׳ן מענשען. ס׳איז כדאי זי
איבערצוגעבען:

# א מעשה מיט א פראש

גזלנים האָבען אַמאָל געזאָגט דעם בעש״ט, אַז זיי
ווילען אים פֿירען קיין ארץ ישראל. ער האָט זיך געלאָזט
אין וועג אַריין, אָבער זיי האָבען אים פֿאַרלאָזען אויף אַ
פּלאַץ פֿון בערג און טאָלען אָן באַפֿעלקערונג.

דער בעש״ט איז געגאַנגען ווייטער פֿאַרטראַכט
דריי טעג און דריי נעכט. ווען ער האָט זיך אַרומגעקוקט
האָט ער ניט געוואוסט וואו ער איז. געזען האָט ער, אַז
ער איז ווייט אַוועק פֿון זיין אָרט, און ער האָט פֿאַרשטאַ-
נען, אַז עס מוז זיין אַ גרונד, וואָס ער איז אַהין פֿאַרבלאָנ-
דזשעט געוואָרען. מיט אַמאָל איז צו אים צוגעקומען אַ
גרויסע פֿראָש. זי איז געווען אַזוי גרויס דאָס ער האָט
במעט ניט דערקענט וואָס פֿאַר א בריאה דאָס איז. האָט
ער זי געפֿרעגט:

— ווער ביזטו?

האָט זי אים דערציילט, אַז איר נשמה איז פֿון אַ
תלמיד חכם וועלכער איז אין איר מגולגל געוואָרען. שוין
פֿינף הונדערט יאָר געפֿינט זיך די דאָזיגע נשמה אין איר,
כאָטש ר׳ יצחק לוריע האָט מתקן נשמות געווען. די נשמה
אין דער פֿראָש איז געווען אַזוי פֿול מיט עבירות, אַז מען
האָט זי פֿאַרטריבען גאָר ווייט פֿון מענשען און זי האָט
דערפֿאַר ניט געקענט האָבען קיין תיקון.

פֿרעגט דער בעל שם: — וואָס האָסטו געטין ווען
די האָסט צים ערשטען מאָל געזינדיגט?

דערציילט די פֿראָש, דאָס הייסט די פֿאַרוואָגעלטע
נשמה: — די ערשטע עבירה איז געווען אַ קליינינקייט,

זיך ניט ריכטיג געוואַשען די הענד. דער שטן מקטרג האָט געגעבען מען זאָל איהם דערפֿאַר באַשטראָפֿען, האָט מען איהם געענטפֿערט: זאָל די ערשטע עבירה שטיין פֿאַרשריבען, אויב דו ווערסט איהם צורעדען צו נאָך אַן עבירה וועט מען איהם שוין באַשטראָפֿען. עס קען דאָך זיין, אַז ער וועט זיך שוין דערמאָנען און גאָט און וועט איבערשטיין דעם נסיון... מען האָט איהם דערנאָך געפרובט מיט נאָך אַן עבירה און ער איז ווידער נכשל געוואָרען. און אַזוי ווי עבירה גוררת עבירה, איזן זינד פֿירט צו אַ צווייטער, האָט ער געזינדיגט און געזינדיגט ביז ער האָט שוין עובר געווען כמעט אויף דער גאַנצער תורה. איז אַרויס אַ פסק געגען איהם, אַז מען זאָל איהם שוין ניט מקבל תשובה זיין. דאָס הייסט, אַז אפילו אויב ער וועט תשובה טון זאָל מען דאָס ניט אָננעמען. פֿון דעסטוועגען האָט ער דאָך באַשטימט צו טון תשובה, און ער האָט געמיינט, אַז מען וועט איהם דאָך מוחל זיין. האָט אָבער דער שטן זיך ווידער אַריינגעמישט, און האָט איהם צוגערעדט צו ווערען אַ שכור, און דאָס האָט איהם שוין דערקאָנטשעט. דאָס שכור'ן האָט איהם פֿאַרדרייט דעם קאָפּ, אַז ער האָט שוין מער ניט געקענט תשובה טון, און ווען ער איז געשטאָרבען האָט מען באַשטימט, אַז דורך דעם וואָס די ערשטע עבירה זיינע איז געווען דאָס ניט וואַשען זיך, זאָל ער ווערען אַ פֿראָש און ליגען אין וואַסער אָבער אויף אַ פּלאַץ וואו מענשען גייען ניט אַרום, ווייל אויב אַ איד זאָל מאַכען נעבען איהם אַ ברכה, אָדער זאָל מתפלל זיין, קען דאָס ברענגען אַ תיקון צו דער נשמה.

דער בעש"ט האָט דערין געפֿונען אַן ערקלערונג פֿאַר וואָס די פֿיס האָבען איהם אַהין געבראַכט. ער האָט דערפֿאַר מתקן געווען דעם פֿאַרוואָגעלטען: די פֿראָש איז אומגעקומען און די נשמה איז אַרויף אין הימעל.

---

עס איז אויך פֿאַראַן אַזאַ מעשה'לע:

בעת דער בעש"ט איז נאָך געווען אַ מלמד, נאָר מען פֿלעגט אויך קומען צו איהם זיך מישפּט'ן, זיינען געקומען

צווי גולנים, וועלכע האָבען געהאַט אַ סכסוך צווישען זיך. ר׳ ישראל האָט גע׳משפט אויף זיין שטייגער מיט אַ טיפען באַגריף פאַר געגערעכטיגקייט, רעכענענדיג זיך מיט דער כונה און מיט דעם ציעל און שייכות, צו דעם וואָס איז פאָרגעקומען. זיין פסק איז איינעם פון די גולנים ניט געפעלען, איז ער אַרונטערגעבליבען און ווען ער האָט דערשפירט, אַז דער בעש״ט איז אַנטשלאָפען געוואָרען, האָט ער אויפגעהויבען אַ האַק איבער זיין קאָפּ און האָט איהם געוואָלט דערלאַנגען. אָבער עס האָט עפּעס ווי אָנגעכאַפּט זיין האַנד, ער האָט ניט געוואוסט וואָס און ווער עס טוט דאָס. ער האָט אויך געפילט, אַז מען דערלאַנגט איהם קלעפּ רעכטס און לינקס, און מען האָט איהם געמאַכט פילע וואונדען. דער גזלן איז אַנידערגעפאַלען און האָט פאַרלוירען דאָס לשון.

ווען דער בעש״ט האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער דערזען ווי דער גזלן ליגט אַ צובלוטיגטער, פרעגט ער איהם וואָס ס׳איז געשען, אָבער יענער האָט קיין כח ניט געהאַט צו ענטפערען. האָט ער איהם געלאָזט ליגען ביז אין דער פרי. דער גזלן איז געקומען צו זיך, און האָט דערציילט וואָס מיט איהם איז געשען. דער בעש״ט האָט אַ שמייכעל געטון: ״וועסט געדענקען, אַז מען דאַרף ניט וועלען טון שלעכטס אפילו ווען עס דאַכט זיך דיר, אַז מען האָט דיר געטון אַן עולה.״

---

אַלע מעשיות וואָס איך האָב ביז איצט איבערגעגעבען זיינען פון דער צייט איידער ר׳ ישראל בעל שם טוב איז נתגלה געוואָרען. עס זיינען נאָך דאָ פילע מעשיות פון יענער צייט וועלכע צייגען, אַז ביי די חסידים האָט געהערשט די מיינונג, אַז ער האָט שוין דאַמאָלט געטון וואונדער, אָבער בסוד; אידען האָבען דערפון ניט געוואוסט. עס ווערט נאָך צוגעגעבען, אַז ער האָט זיך אויפגעהאַלטען אין היילען און אין וועלדער, כדי קיין מענש זאָל איהם ניט שטערען אין דער עבודה, און אַז ער זאָל זיך קענען מתבודד זיין. עס ווערט אויך אָנגעגעבען, אַז צווישען די שטעט קאסוב און קוטיב אין די גרויסע בערג

איז דאָ אַ הייל, וואו דער בעש"ט האָט אַ לאַנגע צײַט זיך מתבודד געווען, און דערנעבען איז דאָ אַ מקוה וואו ער פֿלעגט זיך טובל זײַן. מען זאָגט, אַז די הייל און די מקוה עקזיסטירען נאָך הײַנט צו טאָג און ווער עס פֿלעגט דאָרט דורכפֿאָרען האָט זי געקענט זען.

אגב, עס איז אויך פֿאַראַן אין געגענד פֿון אָקופּ אַ דאָרף, אין וועלכען ס'איז פֿאַראַן אַ ברונעם, וואָס פּויערים רופֿען דעם היילינגען ישראל'ס קערניצע, און ווען עס ווערט זיי קראַנק אַ פֿערד אָדער אַן אַנדערע בהמה ברײנגען זיי איר טרינקען וואַסער פֿון דעם ברונעם, און זיי גלויבען אַז האָס קען רעטען די קראַנקע בהמה. אָט דעם דאָזיגען גלויבען פֿון די פּויערים האָבען מאַנכע פֿאַרבונדען מיט דער מעגליכקײַט, אַז ר' ישראל בעל שם טוב איז געבוירען געוואָרען אין דעם דאָזיגען דאָרף. איך האַלט ניט, אַז מען דאַרף אָננעמען די דאָזיגע מיינונג וואָס שטיצט זיך אויף פּויערישען גלויבען. איך האַלט זיך בײַ דער מיינונג, אַז די ערשטע לעגענדע וועגען בעל שם טוב'ס געבורט אין וואַלאַחיי איז די ריכטיגע. איך זע ניט אײַן פֿאַר וואָס מען זאָל אויפֿגעבען די עלטסטע אידישע לעגענדע וועגען בעל שם טוב און זי פֿאַרבײַטען אויף אַ פּויערישע מעשה. עס קען זײַן אַז ר' ישראל איז אין זײַן יוגענד געווען אין דעם דאָרף און האָט געטרונקען וואַסער פֿון דער קערניצע, אַ דאַנק וועלכען די פּויערים האָבען נאָכדעם וואָס ער איז באַרימט געוואָרען ענטוויקעלט זייער גלויבען.

## 13. ווען דער בעש"ט איז געווען א שוחט

עס איז נאך דא א דערקלערונג, אז פאר א צייט איז דער בעל שם טוב אויך געווען א שוחט אין דארף קאשילעוויטץ ביי יאזלאוויטץ. אויך דאמאלט האט מען אין אים נים געזען קיין שום זאך, פאר וואס מען זאל אים האלטען העכער פון וועלכען ס'איז אנדערען שוחט.— אזוי זאגט בפירוש די מעשה. און דאך האט מען דאמאלט אויך פון אים געהערט אין די ארומיגע געגענדען.

עס ווערט דערציילט, אז אין א שטאט אין יענעם געגענד האט געוואוינט א אידישער למדן מהר"ץ, וועלכער האט געהאט צוויי זין וועלכע זיינען שפעטער שטארק בארימט געווארען. זיי זיינען געווען: ר' יצחק בער, א באקאנטער גאון, ער איז דאמאלט אלט געווען זיבעצען יאר, און ר' מאיר, דער שפעטערער מחבר פון "מאיר נתיבים", ער איז דאמאלט אלט געווען עלף יאר. אט די צוויי ברידערלעך האבען פלוצלינג דערפילט אין זייער הארץ א גרויסען חשק צו פארען צום שוחט אין קאשילעוויטץ, נים וויסענדיג פאר וואס. דאס האט זיי נים געלאזט רוהען, עס האט זיי אבגענומען דעם אפעטיט צו עסען, און עס האט געשטערט זייערע געדאנקען ביים לערנען. האבען זיי זיך אויפגעהויבען און זיינען אוועק אין דערמאנטען דארף, נים זאגענדיג קיינעם אז זיי פארען אהין. זיי זיינען דארט אויפגענומען געווארען זייער פריינדליך אין הויז פון דעם שוחט, און זיי האבען פון אים געזען וואונדער, וועלכע זיי האבען געהאלטען זייער גאנצען לעבען אין געהיים.

זייערע עלטערן האבען אין דער צייט ארומגעזוכט די צוויי ברידערלעך. טאטע מאמע זיינען געווען באאונרוהיגט דורך דאס פארשווינדען ווערען פון זייערע ליבע קינדער. זיי האבען זאגאר געדונגען שליחים און זיי ארומגעשיקט זיי זוכען. די שליחים האבען זיך דערוואוסט, אז מען האט געזען צוויי אינגלאך גיין אין יענעם דארף

אַרײַן, זײַנען זײ אַהין אַוועק, און זײַנען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב ביז זײ זײַנען געקומען אין הויז פון דעם שוחט. דאָרט האָבען זײ געטראָפען די צווײ פאַרשוואונדענע, וועלכע זײ האָבען מיט געוואַלט צוריקגעשלעפט צו זײערע עלטערן, ווײַל זײ האָבען ניט געוואָלט פון דאָרט אַוועקגײן.

זײער פאָטער האָט זײ געפרעגט וואָס האָבען זײ אַזוינס געזען בײַ דעם אָרימען דאָרפס שוחט, אַז זײ האָבען גאָר ניט געוואָלט זײַן הויז פאַרלאָזען. האָבען זײ בלויז געענטפערט, אַז דער דאָרפס שוחט איז ניט קײן מענש נאָר אַ מלאך אין געשטאַלט פון אַ מענשען, און אַז ס'געפינט זיך ניט צו אים קײן גלײַכען אין תורה, חכמה און יראת שמים.

די צווײ ברידער גאונים זײַנען זײער גאַנצען לעבען געבליבען חסידים פון בעל שם, און זײ פלעגען צו אים אָפט פאָרען און זײ האָבען פון אים געלערענט תורה.

אָט די דאָזיגע מעשה גיט איבער ניט נאָר דעם פאַקט, אַז דער בעש"ט איז געווען פאַר אַ צײַט אַ שוחט נור אויך, אַז ער האָט געהאַט אַן אײַנפלוס אויף דער יוגענד, אַז גײַסטעס-פעהיגע קינדער האָבען זיך געפילט צו אים צוגעצויגען, און אַז זײַן ווירקונג אויף זײ איז געווען אַזעלכע וואָס לאָזט זיך גאָר ניט ערקלערען, אײַנפאַך אַ געהײמניספולע.

# כח פון סוגעסטיע

וועגען דעם יונגערען ברודער מאיר, וועלכער האָט, זוען ער איז גרויס געוואָרען, דערגרייכט גאָר הויכע שטעלען אַלס רב; — ער איז געוואָרען אב"ד פון לעמבערג, און אויך פון אוסטראָה; און ער איז געווען אַ מחבר פון באַרימטע ספרים — אָט וועגען דעם ר' מאיר און דער בעש"ט איז פאַראַן אַ כאַראַקטעריסטישע מעשה'לע:

װען מאיר'ל איז געווען אַ קלײן אינגעלע און האָט אָנגעהױבען לערנען חומש, האָט מען אים געשטעלט אויף אַ טיש זאָגען אַ דרשה. אין חדר זײַנען געווען פילע מענשען, וועלכע זײַנען געקומען הערען דאָס קינד, אי צוליעב די עלטערן, פון וועלכע ער האָט געשטאַמט, אי ווײַל ער איז געווען באַקאַנט אַלס אַ שען און זײער קלוג קינד. אָבער

פלוצלינג האָט זיין מוטער דערזען ווי אַ אונבאַקאַנטער איד קוקט אויף איהם מיט שטאַרק געעפענטע אויגען, און דער איד איז געגאַנגען אין אַ פעלד. די מוטער האָט גלייך אַ כאַפּ געטהון דאָס קינד און עס אַוועקגעטראָגען, ווייל זי האָט מורא געהאַט אַז דער אונבאַקאַנטער איד וועט איהם געבען אַ עין הרע.

ווען דער זעלבער מאיר׳ל אַלס אינגעל איז געקומען צו דעם שוחט אין דאָרף קאשילוויץ, האָט דער שוחט, דער נאָבדעם געוואָרענער בעל שם, איהם געפרעגט: ״געדענקסטו ווען דו האָסט אָנגעהויבען לערנען חומש בוזטו געשטאַנען אויפ׳ן טיש און געזאָגט אַ דרשה?״

האָט ר׳ מאיר איהם געענטפערט: ״געוויס געדענק איך; איך געדענק אויך, ווי די מאַמע האָט מיך פלוצלינג אין מיטען די דרשה אַראָבגעכאַפּט פון טיש מורא האָבענדיג פאַר אַן עין הרע פון אַ מענשען אין אַ פעלד וועלכער האָט מיך דורכגעשפּיזט מיט זיינע אויגען״.

דער בעל שם האָט איהם דערביי באַמערקט: ״ווייסטו, מאיר׳ל, דער מענש אינ׳ם פעלד בין איך געוועזען. מיין קוקען דאַמאָלט אויף דיר האָט אַריינגעבראַכט אין דיין נפש שטראַלען פון חכמה, בינה און יראה. ווען דיין מאַמע וואָלט דיך דאַמאָלט ניט אין מיטען אַוועקגעכאַפּט וואָלסטו היינט אויף אַ פּיל העכערע מדרגה געשטאַנען״.

דאָס מעשה׳לע צייגט אַז דער בעל שם טוב האָט שטאַרק געהאַלטען פון זיין סוגעסטיווען כח, און ער האָט געמיינט באַזונדערס אַ גרויסען כח פון סוגעסטיע, פון באאיינפלוסען מיט זיינע בליקען, און אויך מיט זיין חכמה און פאַרשטענדניש.

דאָס קאָן מען אויך זען פון דעם וואָס דער זעלבער ר׳ מאיר מרגליות האָט איבער איהם פּיל שפּעטער געשריבען, ווען דער בעש״ט איז שוין געוועזען אַוועק פון דער וועלט.

ר׳ מאיר איז געוואָרען גאָר אַ הייסער חסיד פון בעש״ט, און אפילו ווען ער איז שוין געוועזען גאָר גרויס אַלס רב, האָט ער אַלץ ווייטער הויך געשעצט זיין רבי׳ן פון דער יוגענד.

אין זײַן ספר "סוד יכין ובועז" האָט הרב מאיר מרגליות געשריבען פאָלגענדעס:

"איך האָב געטון ווי עס האָבען מיך געוואָרענט מײַנע רבי'ס, וועלכע זײַנען געווען גרויס אין תורה און חסידות, און צווישען זיי מײַן גוטער פרײַנד הרב החסיד, מופת הדור, מוהר"ר ישראל בעל שם טוב, זכר צדיק לברכה לחיי עולם הבא. ער האָט מיך דערהויבען צו דער באַווילינגטער כונה צו לערנען תורה לשמה, זיך צו באַהעפטען מיט היילינקײַט און מיט ריינקייט מיט די אותיות פון דער תורה; פאַראייניגען דעם כח מיט דער טאַט און מיט דעם רעדען און מיט דעם געדאַנק, אָנצוקניפען דעם חלק פון נפש, רוח, נשמה, חיה יחידה אין דער היילינקײַט פון דער ליכטיגקײַט פון מצוות און אין דער באַלײַכטונג פון דער תורה. אירע אותיות מאַכען קלוג, זיי געבען אַרײַן אַ שפע פון ליכטיגקײַט, מיט אַ פאַרשטענדניס פון אַן אמת'ן לעבען אַן אייביגעס. און אַז דער מענש איז זוכה צו פאַרשטיין די היילינע אותיות און זיך צו באַהעפטען מיט זיי קען ער פאַרשטיין פון די אותיות אפילו עתידות, אפילו אַזעלכע זאַכען וואָס דאַרפען ערשט קומען אויף דער וועלט. פון מײַנע יונגע יאָרען אָן, פון דעם טאָג וואָס איך האָב מיך באַקענט און באַהעפט מיט ליבשאַפט מיט מײַן רבי'ן הרב רבינו ישראל בעל שם טוב... ווייס איך ריכטיג און גלויב אַז דאָס איז געווען זײַן וועג. ער האָט זיך אויפגעפירט מיט היילינקײַט און מיט ריינקייט, מיט פיל חסידות, אָבשײַדונג פון דאָס אונריינע אין דער וועלט, און מיט פיל חכמה. דער צדיק האָט געלעבט מיט זײַן אמונה, באַהאַלטענע זאַכען זײַנען צו אים געווען ענטפלעקט, נאָר צוליב דעם כבוד פון רבונו של עולם האָט ער זאַכען פאַרבאָרגען".

אָט די דאָזיגע שילדערונג פון הרב מאיר מרגליות איז די טיפסטע און אויך לאָגישסטע, און מן הסתם ריכטיגסטע, וואָס איז פאַראַן איבער ר' ישראל בעל שם טוב. זי צײַגט אי דעם וועג זײַנעם, אי דעם איינפלוס וואָס ער האָט געהאַט אויף זײַנע געלערענטע חסידים, אי די הויכע שעצונג וואָס זיי האָבען וועגען אים געהאַט.

## 15. פֿאַר'ן נתגלה ווערען

דער לענטשנער רב ר׳ שלמה לייב האָט דערציילט, אַז ווען ר׳ ישראל בעל שם טוב איז געווען מלמד אין אַ דאָרף אונטער לעמבערג, און קיינער האָט נאָך ניט געוואוסט פֿון זיין גרויסקייט, איז ער אויך געווען אַ בעל־תפילה. יעדען שבת פֿלעגט ער דאָרט לערנען מיט אַ עולם אידען און האָט פֿילע פֿון זיי געמאַכט פֿאַר לומדים. ער האָט איין מאָל געזאָגט סליחות פֿאַר'ן עמוד מיט אַזוי פֿיל מתיקות און התלהבות, אַז דער שטענדיגער חזן האָט אים אָבגעטראָטען דאָס פּלאַץ און ער האָט ראש השנה אין יום כפור געדאַווענט פֿאַר'ן עמוד און האָט אויך געבלאָזען שופר. אַלע אידען, מענער און פֿרויען, וואָס האָבען דאָרט געדאַווענט האָבען געהאַט אַ גליקליך יאָר, זיי האָבען אין יענעם יאָר ניט געוואוסט פֿון קיין אונגליק און פֿון קיין קראַנקהייט. אויב אימיצער פֿון די אידישע איינוואוינער פֿון יענעם דאָרף איז אין יענעם יאָר קראַנק געוואָרען איז עס געווען פֿון יענע וועלכע זיינען געפֿאָרען אין שטאָט אַריין אויף די ימים נוראים. אָט דורך דעם האָט מען שוין אָנגעהויבען באַטראַכטען דעם בעל שם פֿאַר ניט קיין געוועהנליכען מלמד.

וועגען דער זעלבער געשעהעניש איז פֿאַראַן נאָך אַ מעשה. עס ווערט דערציילט, אַז אין דער צייט, ווען דער גאון בעל פני יהושע איז געווען רב אין לעמבערג איז דער בעש״ט געווען אַ מלמד אין אַ דאָרף נעבען דער שטאָט און ער האָט זיך געפֿירט באַהאַלטען מיט זיינע גוטע מעשים, און ער איז אין דעם דאָרף געווען אַ בעל־תפילה. שבת האָט זיך פֿאַרזאַמעלט דער מנין און דער בעש״ט האָט מיט זיי געלערנט. פֿאַר ראש השנה האָט ער געזאָגט סליחות, האָט ער עס געזאָגט אַזוי האַרציג, אַז די מתפללים האָבען פֿון אים פֿאַרלאַנגט, אַז ער זאָל אויך דאַווענען ראש השנה פֿאַר'ן עמוד. האָט ער זיי דאָס צוגעזאָגט, און געדאַווענט שחרית און מוסף, און אויך געבלאָזען שופר.

די בעלי הבתים פֿון לעמבערג האָבען געהאַט טענות פֿאַר וואָס דורך איהם האָבען די אידען פֿון דאָרף זיך גע־מאַכט אַ באַזונדערען מנין און זיינען ניט געקומען אין שטאָט אַריין, אַז די מענשען פֿון שטאָט זאָלען עפּעס ביי זיי פֿאַרדינען. אָבער ס'איז געבליבען ביי די שטאָט בעלי הבתים, אַז מן הסתם אויף יום כפור וועלען זיי ניט וועלען זיך פֿאַרלאָזען אַז דער מלמד זאָל זיין זייער שליח ציבור, און די דאָרפֿס לייט וועלען דאָך קומען אין שטאָט אַריין. אָבער זיי האָבען געמאַכט אַ טעות. די ישוב'ניקעס זיינען געווען ענטציקט פֿון בעל שם'ס דאַווענען און ער האָט פֿאַר זיי געדאַווענט אויך אין יום כפור. האָט דאָס די שטאָט בעלי הבתים פֿון לעמבערג שוין פֿאַרדראָסען און זיי האָבען געשריבען אין אַלע שטעט און שטעטלעך אַרום, אַז מען זאָל צו די דאָרפֿס מענשען ניט פֿאַרקויפֿען קיין אתרוג אויף סוכות. אָט דאָס האָט געצוואונגען די ישוב'ניקעס, אַז זיי זאָלען קומען קיין לעמבערג. דאָרט האָט מען אַרויסגעגעבען אַ פּסק, אַז די דאָרפֿס לייט זאָ־לען אָנטון קיטלען מיט טליתים אויף זייערע יום טוב קליידער, און זאָלען באָרוויסערהייט גיין צום הויז פֿון רב בעל פּני יהושע און פֿון דעם הויז אין שול אַריין, און זייער חזן, דער מלמד, דער בעש"ט הייסט עס, זאָל נאָך אַמאָל דאַווענען אַלע תפילות פֿון ראש השנה און יום כפור מיט זיינע אייגענע ניגונים. אויב ער וועט דאָס טון טאַקע ווי אַ חזן וועט מען צו די דאָרפֿס מענשען גאָרניט האָבען. אויב אָבער ער וועט ניט קענען וועט מען אַרויסגעבען געגען איהם און געגען זיין מנין אַ שווערען פּסק.

די דאָרפֿס לייט האָבען זיך געמוזט אונטערוואַרפֿען. עס איז געווען פֿאַר זיי אַ גרויסע בושה צו דאַרפֿען גיין דורך די גאַסען באָרוויס. אַלע קליינע קינדער זיינען נאָכ־געלאָפֿען, ס'איז געווען לעבעדיג. דער בעש"ט האָט גע־דאַווענט פֿאַר'ן עמוד און געזאָגט די תפילות ביז ער איז געקומען צו הזכרת נשמות. דאָרט האָט ער זיך אָבגע־שטעלט און אויסגערופֿען, אַז די וועלכע האָבען ניט געטון קיין תשובה אויף די עברות פֿון דער יוגענד זאָלען אַרויס־גיין פֿון שול בעת ער וועט מזכיר נשמות זיין. האָבען די

שטאָטישע בעלי הבתים דערפון געלאַכט. אָבער ווי ער האָט אָנגעהויבען ווידער זאָגען זיינען פילע פון דעם עולם געפאַלען חלשות. איז געוואָרען אַ גרויסער רעש, מען איז געלאָפען צום רב, און דער רב, דער בעל פני יהושע, האָט געשיקט נאָך דעם בעש״ט. דער רב האָט איהם געוואַרט אנגעטון אין טלית און תפילין, אָבער ווי דער בעש״ט איז צו איהם אַריינגעקומען איז דער רב האָט געגעבען אויף איהם אַ קוק, האָט ער גלייך געהייסען די שטאָט בעלי הבתים, אַז מען זאָל איהם אָבלאָזען, און מען זאָל איבערבעטען דעם מגיד ווינעם פאַר דעם אומ׳-כבוד.

אַזוי איז קלאָר געוואָרען, אַז ר׳ ישראל איז ניט בלויז אַ מלמד.

## 16. א רבּ האָט אויף אים גוזר געווען זיך צו אַנטפּלעקן

עס איז אויך פאַראַן אַזאַ מעשה'לע:

הרב ר' דוד פון קליינבערג איז געפאָרען נאָך חנוכה גילה, האָט ער פאַרבלאָנזשעט צו דעם דאָרף אין וועלכען ר' ישראל האָט געוואוינט. ער איז צו אים פאַרפאָרען, און ווען ער איז אַרײַן אין שטוב האָט ער געפרעגט די בעל-הבית'טע: וואו איז דײַן מאַן? האָט זי געענטפערט, אַז ער טרינקט אָן בהמות. אין אמת'ן איז ער געזעסען אין זײַן באַזונדער שטיבעל און האָט זיך מתבודד געווען.

האָט ר' דוד ווײַטער געפרעגט: וואָס וועל איך דאָ עסען? האָט זי געענטפערט: עס איז דאָ אַן עוף וואָס מײַן מאַן האָט געקוילעט. זאָגט דעם חלף, אויב ער וועט אײַך געפעלען וועל איך עס פאַר אײַך קאָכען. האָט ער געזען דעם חלף, איז ער אים געפעלען און האָט געהייסען קאָכען.

די בעל הבית'טע איז געגאַנגען און האָט מודיע געווען איר מאַן, דעם בעש"ט הייסט עס, אַז זיי האָבען אַ גאַסט. ר' ישראל איז אַרײַנגעקומען אין שטוב וואו ר' דוד איז געווען און האָט אים משמש געווען. ער האָט אַליין אים געמאַכט דאָס בעט, און אים געשטעלט אַ כלי מיט וואַסער זיך צו וואַשען. ער האָט זיך אויך געלעגט שלאָפען פונקט ווי דער גאַסט, נאָר אין מיטען נאַכט איז דער בעש"ט אויפגעשטאַנען, האָט זיך געזעצט אונטער'ן אויווען און האָט אָנגעהויבען לערנען, ווי ער פלעגט זיך עוסק זײַן. ער פלעגט מער ניט שלאָפען ווי צוויי שעה אַ נאַכט און די איבעריגע צײַט פלעגט ער לערנען.

ר' דוד האָט דערנאָך זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געזען אַ גרויסע ליכטיגקײַט שײַנט אַרויס פון אונטער'ן אויווען, האָט ער אָנגעהויבען שרײַען: עס ברענט!... ר' ישראל'ס ווײַב האָט אים געענטפערט פון איר צימער, אַז ביז זי וועט זיך אָנטון זאָל ער נעמען וואַסער און לעשען

דאָס פֿײַער, עס זאָל זיך ניט מער צופֿלאַמען... ווען ר׳ דוד איז צוגעקומען מיט׳ן וואסער און געוואָלט געבען אַ גאָס, האָט ער דערזען, דאָס ר׳ ישראל זיצט און לערנט און אַרום זײַן קאָפּ שײַנט די גרויסע ליכטיגקײַט. איז ער אַזוי איבערראַשט געוואָרען דאָס ער איז געפֿאַלען חלשות. דער בעש״ט האָט געמוזט איבעררײַסען זײַן לערנען, אים אויפֿמונטערן, און לעגען אין בעט.

אין דער פֿרי האָט ר׳ דוד אים געזאָגט, אַז ער האָט געזען די ליכטיגקײַט אַרום זײַן קאָפּ און האָט אים געפֿרעגט וואָס דאָס באַדײַט. האָט ר׳ ישראל אים געענטפֿערט: אפשר האָב איך געזאָגט תהלים מיט גרויס כונה און האָב זיך מדבק געווען אין השם יתברך, האָט זײַן ליכטיגקײַט זיך באַוויזען. ר׳ דוד האָט געזען, אַז ער האָט צו טון מיט אַן אויסערגעוועהנליכען אידען און האָט אויף אים גוזר געווען דאָס ער זאָל זיך מגלה זײַן. פֿון דאַמאָלט אָן פֿלעגט דער רב ר׳ דוד פֿאָרען אָפֿט צום בעל שם און איז געוואָרען זײַנער אַ גרויסער חסיד.

## נאך א מעשה׳לע מיט זיין שוואגער

וועגען יענער זעלבער צײַט ווערט נאָך דערציילט פֿאָלגענדע מעשה׳לע:

איין מאָל האָט ר׳ ישראל ניט געהאַט קיין מצה אויף פסח. האָט ער אײַנגעשפּאַנט פֿערד און וואָגען און איז געפֿאָרען אויף די דערפֿער מיט׳ן חלף צו קוילען. ער האָט היפֿר גערעכנט געקראָגען מעל אויף פסח. אָבער ווען ער איז אַהיים נעקומען, איידער ער האָט אַראָבגענומען די מעל פֿון וואָגען, האָט פּלוצלינג אויסגעבראָכען אַ רעגען, און דאָס מעל איז חמץ׳דיג געוואָרען. האָט דער בעש״ט ווידער גענומען דעם חלף און איז ווידער געפֿאָרען אין דערפֿער צו קוילען, און האָט ווידער באַקומען מעל אויף יום טוב. ווען ער איז צוריקגעפֿאָרען איז ער געקומען אונטער אַ באַרג. דאָס פֿערד האָט ניט געקענט דעם וואָגען אַרויפֿשלעפּען. האָט ר׳ ישראל געמוזט אַרויפֿשלעפּען דעם וואָגען און דאָס פֿערד. אין מיטען באַרג האָט דאָס

פערד זיך אַנידערגעלעגט און איז געפּגר'ט. האָט דער בעש"ט שוין אַליין געשלעפּט דעם וואָגען מיט'ן מעל. אָבער ער האָט נִיט געקענט לאַנג שלעפּען. איז ער געבליבען שטיין אַנגעשפּאַרט אין וואָגען און האָט אָנגעהויבען וויינען פאַר גאָט און איז אַזוי איינגעשלאָפען. איז אליהו הנביא אים געקומען צו חלום און האָט אים אָנגעזאָגט, אַז מען וועט שיקען איינעם, וואָס וועט אָבפירען דאָס מעל צו זיין היים. ער האָט אים אויך געזאָגט, אַז ער וועט מער נִיט זיין קיין אָרימאַן.

ווען דער בעש"ט האָט זיך אויפגעכאַפּט איז געקומען צו פאָרען אַ גוי מיט אַ פערד און וואָגען, און האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל צובינדען זיין וואָגען צו דעם וואָגען מיט'ן פערד, וועט ער אים אַהיים פירען. ר' ישראל האָט געגעבען דעם גוי אַ זעקסער, און יענער האָט דערפאַר אָבגעשינדען די פעל פון דעם פערד וואָס איז געפאַלען. דער בעש"ט האָט די פעל פאַרקויפט פאַר פיר גילדען. מיט די געלד האָט זיין ווייב געמאַכט אַ מסחר'ל און האָט פאַרדינט נאָך עטליכע גילדען. ר' ישראל האָט זיך געקויפט אַ זשופּיצע און דער ווייב האָט ער געקויפט אַ קלייד אויף יום טוב.

דער בעש"ט איז דאַמאָלט געוועזען אַ שענקער ביי אַ מוכסין, און אַז דער דאָזיגער בעל הבית זיינער האָט דערזען, אַז ער און זיין ווייב זיינען אַזוי באַקליידט, האָט ער געמיינט דאָס ער האַנדעלט אין געהיים מיט בראָנפען. איז דער מוכסין אַוועק צו הרב ר' גרשון, און האָט אים געזאָגט דאָס אויב זיין שוואָגער וועט זיך נִיט מודה זיין וועט ער אים לאָזען שמייסען. ר' גרשון האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אים אויספאָרשען, און האָט געלאָזט וויסען ר' ישראל'ן דאָס ער זאָל צו אים קומען. ווען ער איז געקומען האָט ר' גרשון אים געפרעגט: פון וואַנען האָסטו געהאַט געלד צו קויפען בגדים?

ענטפערט ער אים: — גאָט האָט מיר געגעבען.

— פאַר וואָס גיט ער מיר נִיט? — האָט געפרעגט ר' גרשון.

— פרעג ביי אים! — האט ר׳ ישראל אים געענט-פערט.

— ווי קען איך ביי אים פרעגען? — האט ר׳ גרשון ווידער געפרעגט.

— אט טאקע דערפאר, ווייל דו קענסט ניט ביי אים פרעגען, גיט ער דיר ניט — האט דער בעש״ט ווידער געענטפערט.

— דער מוכסין וועט דיך לאזען שמייסען, דו הערסט? — האט ר׳ גרשון זיך געבייזערט.

— איך האב פאר אים קיין מורא ניט! — זאגט ר׳ ישראל.

דער סוף איז געווען, אז דער מוכסין האט געוואלט גיין און הויף מאכען א קלאגע געגען ר׳ ישראל׳ן, אבער אידער ער האט באוויזען דאס צו טון איז דער מוכסין געשטארבען.

האט דאס געמאכט א גרויסען רושם אפילו אויף זיין שוואגער.

## ער ווערט נתגלה אלס רופא

עס ווערט אויך דערציילט, אז ר׳ ישראל בעש״ט האט געוואלט מפורסם ווערען דורך זיין דרך החסידות, ווי אליהו הנביא איז צו אים נתגלה געווארען. אט דער-פאר האט ער זיך אויפגעפירט מיט גרויס פרישית, מיט טהרה און תעניתים. ער איז געזעסען ביים טייך פרוט און פלעגט דארט לערנען. די ווייב פלעגט אים ברייגגען פון צייט צו צייט א ביסעל בראנפען, און ער פלעגט אהיים קומען משבת לשבת. איין מאל האט ר׳ גרשון אים באגעגענט, האט ער געזען דאס ער האט א ספר אין בוזים. פרעגט ער אים וואס איז דאס פאר א ספר? האט ער עס ארויסגענומען און ס׳איז געווען א זוהר. איז ר׳ גרשון אויף אים ברוגז געווארען: — "ווי קומסטו צו אזא ספר!" און ער האט עס ביי אים צוגענומען.

און שטאט איז געווען א פריץ, וועלכע פלעגט זאגען צו מענשען זייערע איינגעשאפטען גוטע און שלעכטע.

האָט ר׳ גרשון געבעטען דעם צווייטען רב פֿון שטאָט, אַז ער זאָל נעמען זיין שוואָגער צו דער פֿרוי, דאָס זי זאָל איָם זאָגען, אַז ער פֿירט זיך אויף ניט ווי עס דאַרף צו זיין, אפשר וועט ווערען פֿון איָם אַ לײַט. יענער רב האָט שוין געוואוסט וואָס ר׳ ישראל איז, אָבער ער האָט געמוזט צוליב טון ר׳ גרשונ׳ען.

ווען דער רב מיט ר׳ ישראל׳ן זיינען אָנגעקומען צו דעם הויז פֿון דער פֿרוי, איז דער רב אַריינגעגאַנגען פֿריער. זי האָט איָם אויפֿגענומען מיט די ווערטער: ״ברוך הבא קדוש וטהור״. אָבער ווי דער בעש״ט איז אַריינגע-קומען האָט זי צו איָם געזאָגט: ״ברוך הבא ר׳ ישראל, וואָס מיינסטו איך האָב פֿאַר דיר מורא? איך האָב ניט קיין מורא פֿאַר דיר. איך ווייס, אַז מען האָט דיך באַ-שוואוירען פֿון הימעל, אַז דו זאָלסט ניט עוסק זיין מיט היילינע שמות ביז דו וועסט אַלט זיין זעקס און דרייסיג יאָר״.

ר׳ ישראל האָט גלייך געזען, אַז אין דער פֿרוי איז אַ דיביק, וואָס מאַכט די אַלע קונצען, האָט ער איָם גע-וואָרענט אַז ער וועט איָם אַרויסטרייבען פֿון דער פֿרוי. דער דיבוק האָט זיך דערשראָקען און האָט געבעטען, אַז מען זאָל איָם לאָזען אַרויס מיט גוטען. דער בעש״ט האָט דאָס איָם ערלויבט נאָך דעם וואָס ער האָט אויסגעזאָגט ווער ער איז, און די פֿרוי האָט אויפֿגעהערט באַווייזען קונצען.

עס זיינען נאָך דאָ מעשיות ווי דער בעש״ט האָט גע-טריבען דיבוקים, און ער האָט אויך געהיילט קראַנקע. עס איז פֿאַראַן דאָ אַ מעשה, אַז ער האָט אַ כלה מחיה מתים געווען. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיגע מעשיות זיינען פֿול מיט אַבערגלויבען. קיינער קען אויך ניט זאָ-גען צי די כלה איז טאַקע געווען טויט. איינינע מיינען אַז זי איז געווען אין הינהער-פּלעט; אָבער ווען אפילו זי איז נאָר געווען גאָר געפֿערליך קראַנק און ער האָט זי געזונד געמאַכט, קען עס דאָך אויך הייסען, אַז ער האָט זי מחיה מתים געווען.

זיכער איז, אַז דער בעש״ט האָט באַרוהיגט צורו־דערטע נשמות מיט זיין גוטען ראַט, מיט זיינע באַרוהיגענדע צערטליכע ווערטער, מיט זיין גוטסקייט. אין עס קען גאַנץ לייכט געמאָלט זיין, אַז דורך די רפואות וואָס ער האָט געגעבען האָט ער געוויסע קראַנקע געהאָלפען. דאָס האָט איהם צוערשט געמאַכט באַרימט, און ער איז באַקאַנט געוואָרען אַלס רופא און אַרויסטרייבער פון דיבוקים נאָך איידער ער איז באַקאַנט געוואָרען אַלס צדיק.

אָבער ס׳איז דאָ נאָך אַ אינטערעסאַנטער שטריך אפילו אין די דאָזיגע אַבערגלויבערישע מעשיות. אין פילע פעלע האָט ער געהאָלפען אייך ניט־אידען הן פון קראַנקהייטען אין הן פון אַ דיבוק, וואָס דאָס איז אַ מין גייסטיגע קראַנקהייט. ער פלעגט דאָס טון אין אַזעלכע פעלע, ווען מען האָט באַדאַרפט אידען ראַטען פון עפּעס אַ צרה און גזירה.

פרומקייט, פעהיגקייט צו באַווייזען ״מופתים״ (אַזעלכעס וואָס אַנדערע האָבען ניט געקענט), אינענדליכע גוטסקייט אין גרייטקייט צו העלפען אידען — אָט דאָס זיינען געוועזען די הויפּט זאַכען, וואָס מען האָט צוגעשריבען צו ר׳ ישראל בעל שם טוב, און אַזוי איז ער נתגלה געוואָרען. און ער האָט אָנגעהויבען פּראַווען חסידות אין טלוסט.

מיט עטליכע יאָר שפּעטער, נאָך 1740, האָט ער זיך איבערגעציגען קיין מעדזשיבאָזש (מעזשבאָזש, ווי די חסידים רופען די שטאָט) אין דאָרט האָט דער קרייז פון זיינע חסידים זיך זייער שטאַרק פאַרגרעסערט.

דאָרט איז ער שוין באַרימט געוואָרען מיט זיין גרויסער חכמה און מיט זיין איינגענאַרטיגען וועג פון חסידות.

# 17. דאס נתגלה ווערען

וועגען דאָס נתגלה ווערען פֿון בעל שם טוב איז קודם כל פֿאַראַן אַזאַ מעשה'לע:

ר' ישראל האָט געלעבט אין גרויס דחקות. ער איז אַרומגעגאַנגען אָבגעריסען און אָבגעשליסען. (אָט אין דער מעשה'לע ווערט אויך געזאָגט, אַז "ער איז אַרומגע-גאַנגען אין אַלטע צוריסענע קליידער און די פֿינגער פֿון זײַנע פֿיס האָבען זיך אַרויסגעזען דורך זײַנע געלעכערטע שיך"). ווען ער איז אַלט געוואָרען זעקס און דרײַסיג יאָר האָט מען אים פֿון הימעל מגלה געווען, אַז ס'איז שוין געקומען די ריכטיגע צײַט, אַז ער זאָל ווערען אויס נסתר. אין זעלבען טאָג איז צו אים געקומען נעכטיגען אַ תלמיד פֿון זײַן שוואָגער ר' אברהם גרשון. דער בעל שם האָט געבעטען דיזען אורח, אַז ער זאָל בײַ אים האַלטען שבת, נאָר יענער האָט אים געענטפֿערט, אַז ער מוז נאָך אָב-פֿאָרען פֿאַר שבת. דער בעל שם האָט אים באַמערקט, אַז אים דאַכט זיך נאָר, דאָס ער מוז פֿאָרען. ער ווייסט, אַז ער מוז פֿאַרבלײַבען אויף שבת. ווי דער בעש"ט ענדיגט די ווערטער, קומט אַרײַן דער קוטשער פֿון דער קאַרעטע, מיט וועלכער דער אורח איז געקומען צו פֿאָרען, און זאָגט, אַז דאָס פֿערד איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרען, עס ליגט די גאַנצע צײַט אויף דער ערד און וויל ניט עסען און טרינקען, און זיי קענען ניט פֿאָרען. דער תלמיד האָט געהאַט דערפֿון גרויס עגמת נפש, ווײַל זײַן רבי, ר' אברהם גרשון, האָט אים געשיקט מיט דער קאַרעטע וועגען זייער אַ וויכטיגען ענין און ער האָט געמוזט זײַן וואָס שנעלער צוריק. דער בעל שם טוב האָט אים באַרו-היגט, אַז ער איז אים מבטיח אַז דאָס פֿערד וועט געזונד ווערען און ער וועט דעם ענין קענען ערלעדיגען זונטאָג און ער וועט גאָרניט פֿאַרשפּעטיגען.

דער תלמיד האָט קיין ברירה ניט געהאַט און ער האָט שוין דאָרט געמוזט בלײַבען אויף שבת. דאָס האָט אים געגעבען אַ געלעגענהײַט צו הערען דעם בעל שם

זאָגען תורה, איבערהויפט ביי שלוש סעודות האָט ער דערזען ווי די שכינה רוט אויף זיין קאָפּ. דער אורח איז ווייטער איבערראַשט געוואָרען, אָבער דער בעל שם האָט אים געבעטען ניט צו דערציילען זיין שוואָגער וואָס ער האָט געהערט און געזען. נאָר אין בראָד, וואו ר׳ אברהם גרשון איז געוועזען רב, זיינען דאָ גרויסע חסידים, וועלכע שפּילען אַ ראָלע, זאָל ער זיי זאָגען, אַז אַרום בראָד ברענט אַ גרויסע ליכט, און אַז ס׳איז שוין צייט, אַז די ליכט זאָל שיינען אין שטאָט.

זונטאָג איז דער תלמיד אַריינגעפאָרען אין בראָד, און ער האָט דאָרט איבערגעגעבען צו חסידים וואָס דער בעל שם האָט אים געזאָגט, און ער האָט זיי דערציילט וואָס ער האָט געזען. ווי חסידים האָבען דאָס דערהערט האָבען זיי צוזאַמענגערופען אַלע חסידים, און זיי האָבען אָנגעהויבען גיין אין דאָרף אַריין. אין דער זעלבער צייט איז דער בעל שם אָבגעפאָרען אין שטאָט אַריין. זיי האָבען זיך באַגעגענט אויפ׳ן וועג. די חסידים האָבען גלייך אויסגעפלאָכטען אַ שטול פון צווייגען; זיי האָבען דעם בעל שם געזעצט אויף דעם שטול און האָבען אים מיט גרויס התלהבות אַריינגעטראָגען אין שטאָט אַריין און אים געקרוינט אַלס רבי.

## 18. נאָך אַ מעשה וועגען זײַן נתגלה ווערען

עס איז פֿאַראַן אַ גאָר װאָנדערבאַרע מעשה װעגען דאָס נתגלה װערען פֿון ר׳ ישראל בעל שם טוב. זי װערט דערציילט אין "שבחי בעש"ט":

עס איז אים געזאָגט געװאָרען פֿון הימעל, אַז ס׳איז שוין געקומען די צײַט, דאָס ער זאָל צײַגען זײַן גרויסקײַט פֿאַר דער װעלט, און זאָל טון זײַן הײליגע עבודה פֿאַר׳ן פֿאָלק, אַז מען זאָל פֿון אים לערנען תורה און יראת שמים. אָבער מען האָט אים אויך געזאָגט דאָס אײדער ער װעט זיך באַװײַזען פֿאַר׳ן פֿאָלק זאָל ער פֿריער גײן זיך משמש זײַן בײַ אײנעם גרויסען און הײליגען אידען, דערנאָך װעט ער שוין זײַן בכח צו גײן אויף זײַן אײגענעם הײליגען װעג אַנטפּלעקטערהײַט. האָט ער געפֿרעגט: "װער איז דאָס דער גרויסער איד, צו װעלכען איך זאָל גײן זיך משמש זײַן?"... האָט מען אים געענטפֿערט: "גײ, און דו װעסט שוין געפֿינען".

דער בעש"ט האָט זיך ניט מער פֿאַרזוימט. ער האָט באַלד זיך געמאַכט גרייט און װעג אַרײַן. ער איז געגאַנגען פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון דאָרף צו דאָרף ביז ער איז אָנגעקומען אין אַ געדיכטען װאַלד, אַ זײער גרויסען מיט פֿילע גרויסע גראָבע בוימער, און ער איז דאָרט פֿאַרבלאָנזשעט געװאָרען, אַז ער האָט שוין ניט געװאוסט, דורך װעלכען װעג ער איז אַרײַנגעקומען און אויף װעלכען װעג ער זאָל גײן. ס׳איז איבערהויפּט אויסגעפֿאַלען אַ גרויסער שניי, װאָס האָט באַדעקט דעם גאַנצען װאַלד, און דער פֿראָסט האָט זיך געשטאַרקט אַלץ מער און מער. ער האָט דערזען אַז ער איז אין גרויס סכנה, און ער איז אויך געװען זײער מיד. דערצו איז ער אויך געװען הונגעריג און דורשטיג, ער האָט שוין לאַנג ניט געגעסען און ניט געטרונקען.

האָט ער געקוקט אין דער װײַטער װײַטקײַט מיט זײַנע הײליגע אויגען, האָט ער דערזען פֿון װײַטען אַ קליינע ליכטעל, װאָס איז געקומען פֿון אַ קליינע הײַזעל.

ער האָט זיך אָנגעהויבען פרייען, אָבער גלייך איז פאַר-שוואונדען געוואָרען זיין שמחה. ער האָט אָנגעהויבען צו טראַכטען אפשר איז עס אַ וואוינונג פון גזלנים, וועלכע באַרויבען און הרג׳ענען מענשען. דאָך האָט ער זיך גע-שטאַרקט מיט בטחון און איז אַוועק צו דעם שטיבעל, פון וועלכען ס׳איז אַרויסגעקומען די קליינע ליכט. ווען ער איז דאָרט אָנגעקומען האָט ער געפונען אַן אַלטען גרייז-גרויען מאַן, וועלכער איז געזעסען פאַרטיפט אין אַ ספר פון רמב״ם. דער בעש״ט איז געבליבען שטיין מיט גרויס שמחה אין האַרצען, וואָס ער האָט געפונען אַ אידען, וועלכער האָט געלערענט תורה, אָבער עס איז אים ניט געקומען אויפ׳ן געדאַנק, אַז דאָס זאָל זיין דער הייליגער איד, ביי וועלכען ער זאָל זיך משמש זיין.

נאָך אַ רגע האָט דער אַלטער איד צו אים אַ קוק געטון און געזאָגט: ״ישראל, וואָס שטייסטו? דו ביזט דאָך געקומען זיך משמש זיין, נעם-זשע זיך צו דער עבודה. הייך אַין דעם אויווען מיך צו דערוואַרימען״.

דער בעש״ט האָט גלייך געפרעגט וואו איז דאָס האָלץ פאַר׳ן איינהייצען? דער אַלטער האָט געענטפערט, אַז ס׳איז אין קעמערל געגענאיבער דעם שטיבעל. ר׳ ישראל האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט צו ברייננען האָלץ און צו מאַכען פייער. דאָס אייוועלע איז שוין לאַנג ניט געהייצט געוואָרען. די אַרבייט עס איינצוהייצען איז ניט געווען קיין לייכטע, אָבער ער האָט זי געטון מיט גרויס אמונה. ער איז דערביי געווען אַזוי מיד, אַז ער האָט געגעבען אַ פאַל אַנידער, איז געבליבען ליגען און איז איינגעשלאָפען.

דער אַלטער איד האָט ווייטער געלערענט און זיך גאָרניט ציגעקוקט וואָס ס׳איז געשען. די בעל הבית׳טע פון הייזעל האָט יאָ דערהערט אַז עפּעס איז געפאַלען, אָבער ס׳איז געווען אַזוי פינסטער אין איר צימער, אַז זי האָט ניט געזען אויפצושטיין, און זי איז געבליבען ליגען ביז אין דער פרי, ניט קענענדיג מער איינשלאָפען.

ווען זי איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי האָט זי גע-פילט ווייער קאַלט. זי האָט געוואָלט זען וואָס ס׳איז איי-

געגנטלין געפאַלען און טאַקע מאַכען פײַער אין איינוועלע פון איר מאַנ'ס צימער. אָבער ווי ערשטוינט איז זי געוואָ- רען, ווען זי האָט געזעהן ליגען אַ פרעמדען מענשען און שלאָפען. דאָס איינוועלע האָט גראָד שטאַרק געברענט, און ס'איז שיער ניט צופלאַצט געוואָרען. איר איז ניט געפעלען די געשיכטע, איז זי צוגעגאַנגען צום קעמערל מיט'ן האָלץ, און זי האָט געזעהן, אַז דאָס גאַנצע האָלץ איז פאַרטון געוואָרען. איז זי אַרײַנגעקומען מיט אַ געשריי צו איר מאַן, פאַר וואָס ער האָט געלאָזט פאַרברענען דאָס גאַנצע האָלץ. דערבײַ האָט זיך דער בעש"ט אויפגעכאַפט. ער האָט דערזען ווי אַ פרוי — אַ אשה הייסט עס אין דער מעשה — שטייט און שרײַט און שילט. האָט ער געכאַפט זײַן פעקעל און איז פון דאָרט אַרויס. ער איז געלאָפען איבער בוימער און גריבער, איז עטליכע מאָל געפאַלען, האָט זיך אויפגעהויבען און איז ווײַטער געלאָפען. אים האָט זיך געדוכט, אַז די "אשה" יאָגט אים נאָך.

דער אַלטער איד האָט אויך ניט געקענט לײַדען די געשרייען פון זײַן פרוי און איז אויך אַרויס פון הײַזעל, און איז נאָכגעלאָפען דעם בעש"ט. ווען ער האָט אים אָנגעיאָגט האָט ער צו אים געזאָגט: "זעסטו שוין וואָס פאַר אַ צרות אַ שלעכטע אשה טוט אָן דעם מאַן? זי איז אים מבטל אין זײַן גרויסער עבודה"...

דער אַלטער איד דערציילט אים דערבײַ אַזאַ מעשה: אין דער נאַכט איז זײַן נשמה געווען אין הימעל און ער האָט זיך צוגעקוקט צו די גרויסע תענוגים וואָס זײַנען דאָרט געווען. פלוצלינג איז דאָרט געוואָרען אַ גרויסע ליכטיגקייט וואָס האָט באַלויכטען אַלע וועלטען אָן אַ סוף און אָן אַ שיעור. ער איז שיער בלינד געוואָרען פון אַזוי פיל ליכטיגקייט. האָט ער געפרעגט אַ מלאך וועלכער איז דאָרט געשטאַנען: וואָס איז פלוצלינג געוואָרען אַזוי ליכ- טיג? האָט דער מלאך אים געענטפערט, אַז ס'איז געקו- מען אַ נשמה פון אַ גרויסען צדיק, אַ זייער היילינער מענש וועלכער האָט דערפילט אַלע מצוות און מעשים טובים, און אַלע זײַנע יאָרען האָט ער געלעבט אין גרויס מורא און אין ליבשאַפט פאַר'ן רבונו של עולם. איצט איז

עֶר נפטר גֶעווֹארֶען און זײַן נשמה איז אַרײַן אין הימעל... פּלוצלינג איז אין הימעל פינסטער געוואָרען. פרעגט עֶר שוין דעם מלאך: וואָס באַדײַט דאָס? ענטפערט ער אים, אַז מען האָט די נשמה אַוועקגעפירט צום בית דין של מעלה אַז ער זאָל אָבגעבען דין וחשבון פאַר זײַנע מעשים, ווײַל אין הימעל איז מען קיינעם ניט "נושא פנים". דאָס, זאָגט דער אַלטער איד, האָט מיך פאַראינטערעסירט, און איך האָב זיך צוגעשטופּט צו אַ טיר פון בית דין של מעלה צו הערען וואָס ס׳קומט פאָר, "האָב איך געהערט, ווי מען רעכענט אויס זכותים אָן אַ שיעור. דערנאָך האָט מען געפרעגט: האָט אימיצער צו זאָגען עפּעס געגען דער נשמה? ס׳האָט זיך צוערשט ניט געהערט קיין שום טענה געגען איר, און מען האָט געוואָלט אַרויסגעבען אַ פּסק צום גוטען, אַז זי זאָל אַרײַן גלײַך אין גן עדן. אָבער פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קווימשיג קול: "וואַרט, איך האָב געגוג צו זאָגען געגען... דער גע׳משפט׳ער איז ניט געווען אַזאַ גרויסער צדיק ווי מען זאָגט. ווען ער האָט געגעבען צדקה האָט ער עס ניט געטון אויס מורא און ליבשאַפט צום רבונו של עולם, ווי אַ פרומער איד דאַרף דאָס טון, נאָר ער האָט געגעבען צדקה אָן כונה... אָט דערפאַר האָט די שטימע געפאָדערט אַז מען זאָל אים באַשטראָפען, ווײַל וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט אַ מצוה ווען זי ווערט געטון אָן "יראה ואהבה" — דאָס איז גאָר קיין מצוה ניט... האָט אָבער דער בית דין של מעלה גע-פרעגט די נשמה: פאַר וואָס האָט ער ניט געטון די מצוה פון צדקה בשלימות, האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט געהאַט אַ "אשה רע", אַ שלעכטע פרוי. ווען ער פלעגט געבען יאַן אָרימאַן אפילו אַ פרוטה האָט זי אים פאַרבי-טערט זײַן לעבען, אים געזידעלט און געשאָלטען. ער האָט דערפאַר פאַר איר מורא געהאַט; און ער האָט גע-געבען צדקה, אַז ס׳זאָל זיך גאָרניט מערקען... האָט מען געפרעגט דעם מלאך חבלה, וואָס האָט ער צו זאָגען, האָט ער זיך צושריען מיט כעס: "וואָס-זשע, האָט דען די תורה געמאַכט אַ אונטערשיד צווישען איין מין מענש און אַ צווייטען מין מענש? מאַכט דען די תורה אַ אונטערשיד

צווישען איינעם וואָס האָט אַ אשה טובה און איינעם וואָס האָט אַ אשר רע? די תורה איז פאַר אַלע מענשען גלייך, און פאָלגליך קומט אים שטראָף פאַר ניט דערפילען ריכ-טיג די מצוה פון צדקה".

דערציילט אַלץ דער אַלטער איד צום בעש"ט: "אַז איך האָב געזען דאָס ס'האַלט דערביי אַז דער מלאך חבלה זאָל אויספירען און מען זאָל אַרויסגעבען אַ פסק צום שלעכטען, האָב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטען און האָב געזאָגט: "ווי אַזוי קען וועלכער ס'איז מלאך וויסען, וואָס ס'הייסט די קראַפט פון אַ "אשה רע", האָט ער דען געהאַט אַ אשה?... די הייליגע חכמים האָבען געזאָגט: "אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו", דו זאָלסט ניט משפט'ן דיין חבר ביז דו וועסט ניט זיין אין זיין לאַגע. טאָ ווי קען אַ מלאך אורטיילען איבער איינעם וואָס האָט געהאַט אַ אשה רע?... דער בית דין של מעלה האָט גע-זאָגט אַז איך בין גערעכט, און האָט אַרויסגעגעבען אַ פסק צום גוטען פאַר דער נשמה".

נאָך דעם וואָס דער אַלטער האָט געענדיגט דערציי-לען זיין מעשה האָט ער געזאָגט צום בעש"ט: "איצט גיי זיי מדריך די אידען אויפ'ן אמת'ן וועג ביד רמה און האָב קיין מורא ניט פאַר קיין שום זאַך. דו זאָלסט נאָר לערנען דעם עולם זיך היטען פון אַ אשה רע, און אַז ס'וועט קו-מען צו אַ זאַך פון תורה אָדער מצוה זאָל מען זיך ניט צו-הערען צו אַ שלעכטער עצה. מען זאָל זיך נאָר באַהעפ-טען מיט מענשען וואָס לערנען תורה און ליבען דעם רבונו של עולם, און מען זאָל בעטען, אַז די וועלט זאָל זיין פול מיט גוטסקייט ביז אייביג".

דער אַלטער איד איז פאַרשוואונדען, און אונטער דעם איינדרוק פון זיינע רייד האָט ר' ישראל בעל שם טוב גענומען לערנען אין דער עפענטליכקייט זיינע לערען.

די מעשה איז גאַנץ קלאָר; און ס'איז ניט נויטיג צו מאַכען באַזונדערע פירושים. יעדער קען פאַרשטיין וואָס דער אַלטער איד האָט געלערענט דעם בעש"ט. איך וויל אָבער, אַז מען זאָל אויך ניט פאַרזען דעם מוסר השכל פונ'ם אָנהויב פון דער מעשה: אפילו

אַזאַ גרויסער צדיק ווי ר׳ ישראל בעל שם טוב האָט ניט געקענט נתגלה ווערען ביז ער האָט זיך ניט משמש געווען ביי אַ צוויטען, פון וועלכען ער זאָל לערנען. דאָס איז דער ריכטיגער וועג: קיינער זאָל זיך ניט איינבילדען, אַז ער קען אַליין אַלץ, און ער דאַרף בלויז אויף זיך שטע-לען. מען דאַרף אָנהויבען ענו׳דיג מיט שווערער אַרבייט, לערנען פון אַנדערע, פון עלטערע, מיט מער ערפאַרונג, ווייל ערפאַרונג טראָגט ביי אונגעהויער פיל צו חכמה...

און דאַן דאַרף מען לערנען צו אורטיילען מיט ריכ-טיגקייט און גערעכטיגקייט. און מען דאַרף אַרבייטען פאַר שאַפען גוטסקייט אין דער וועלט. אָט דאָס האָט דער בעש״ט געלערענט, און אָט דאָס האָט אים געמאַכט זוכה צו זיין, דאָס ער זאָל ווערען אַזאַ גרויסער פירער, לערער און וועג-ווייזער ביים אידישען פאָלק.

## 19. זײַנע לערען

װען ר׳ ישראל בעל שם טוב איז שוין געװען א רבי אין מעזשבאָזש און חסידים און גלאַט אידען פון ארומיגע געגענדען פלעגען צו אים קומען בעטען עצות, אָדער אז ער זאָל בענשען, פלעגט ער אַרײַנקוקען אין זוהר, און דאַן ענטפערען אויף די פראַגען װאָס מען האָט אים געשטעלט און בנוגע די עצות װאָס מען האָט אים געבעטען. ער פלעגט זאָגאַר אַרײַנקוקען אין זוהר װען אן ענונה פלעגט קומען און בעטען בײַ אים, אַז ער זאָל איר העלפען געפינען איר אַנטרונענעם מאַן.

עס האָבען זיך געפונען אַזעלכע װעלכע האָבען אים געפרעגט: װאָס פאַר א שײַכות האָט אַזאַ אַלטער ספר, װי דער זוהר, צו אַ פריװאַטען ענין פון אַ מענשען? דערויף האָט דער בעש״ט געענטפערט:

"דורך דאָס ליכט װאָס איז געשאַפען געװאָרען אין די ששת ימי בראשית האָט אדם הראשון געזען פון איין עק װעלט ביז צום צװײטען עק װעלט; נאָר אַז הקדוש ברוך הוא האָט געזען, אַז דער מענש איז ניט ראוי צו באַנוצען ריכטיג דאָס דאָזיגע ליכט, האָט ער עס באַהאַלטען בלויז פאַר די צדיקים לעתיד לבוא. אָבער װאו האָט ער עס באַהאַלטען? — אין דער תורה. אָט דערפאַר אַז איך עפען דעם ספר הזוהר, װאָס ערקלערט די סודות פון דער תורה זע איך דורך די גאַנצע װעלט".

עס קען קיין שום ספק ניט זײַן, אַז ר׳ ישראל בעל שם טוב איז געװען ניט נאָר שטאַרק באַאײנפלוסט, נור טאַקע אינספּירירט פון דעם זוהר, װאָס איז דאָס הויפּט װערק פון דער קבלה, װאָס זוכט צו ערקלערען די נאַטור פון גאָט; די אומענדליכקײַט און אײביגקײַט פון אוניװערזום, פון װעלט-אַל; די פאַרבינדונג פון גאָט מיט דעם װעלט-אַל, און די פאַרבינדונג פון מענשען דורך זײַן נשמה מיט גאָט.

דער זוהר ענטהאַלט אַ אוניװערזאַליטעטס פילאָזאָפיע, אַן אַל-אומפאַסענדע, אַלװעלטליכע לערע פון גאָט,

זײַן שאַפֿונג און מענטשן אין אײן פֿאָלשטענדיגער האַר-מאָניע. אָט דאָס איז אויך געװען די הויפּט לערע פֿון ר' ישראל בעל שם טוב.

עס פֿאַרשטייט זיך אַז דער באַזיס פֿון דער דאָזיגער לערע איז די תורה, אָבער ניט נאָר לויט דעם טײַטש פֿון יענע בעלי התלמוד, װעלכע האָבן זיך געגריבעלט אין אירע דינים, נור אויך לויט דעם טײַטש פֿון יענע בעלי התלמוד װי ר' שמעון בן יוחי (אָדער יוחיא) און אַנדערע, װעלכע האָבן געזוכט צו דערגיין ניט נאָר דעם דין נור אויך דעם זין פֿון דער תורה. זיי האָבן געזוכט צו דער-גיין אירע סודות, די סתרי תורה, די פֿאַרבאָרגענע געהיים-ניסן, װאָס געפֿינען זיך אין איר און אין אירע װערטער.

די לערע פֿון בעל שם טוב איז דערפֿאַר אַ לערע פֿון פֿאַרטיפֿונג; ניט פֿון אָננעמען דאָס אויבערפֿלעכליכע, דאָס שײַנבאַרע, דאָס װאָס קען זײַן אָבנאַרענד, נור פֿון זוכען אַרײַנצודרינגען אינ'ם זין פֿון דאָס װאָס מען זעט און פֿילט, כדי צו פֿאַרשטיין דאָס װאָס מען זעט ניט, און מען קען בלויז באַגרײַפֿען. עס פֿאַרשטייט זיך דאָס אַזאַ לערע קען נאָר זײַן ספּעקולאַטיװ און פֿילאָזאָפֿישען זין, אָבער ר' ישראל בעל שם טוב, װי אַלע בעלי קבלה, האָבן זי פֿאַרבונדען מיט אַ טיפֿער אמונה, מיט אַ אונ-באַשרענקטען אַבסאָלוטען גלויבען אין גאָט, און דערפֿאַר איז זײַן לערע אַרויסגעקומען זײער פּאָזיטיװ און ניט בלויז ספּעקולאַטיװ.

## די צען יסודות פון זיין לערע

דעם בעל שם טוב'ס לערע קען אײַנגעטיילט װערען אין פֿאָלגענדע צען עלעמענטען:

1. גאָט דערקענטעניש און ליבע צו גאָט.
2. דביקות — באַהעפֿטונג מיט געטליכקײַט — דער צדיק.
3. כונה — טיפֿקײַט, דורכדרינגליכקײַט, ערנסט-קײַט און אויפֿריכטיגקײַט.

4. תפילה — דער וועג, דאָס מיטעל צו דער באַ-העפטונג מיט גאָט.

5. התלהבות און שמחה — באַגײַסטערונג, ברען, פרייד.

6. תורה און תורה לערנען — צו קענען און צו פאַרשטיין גאָט און זײַנע וועגען.

7. עבודה — דינען גאָט, וואָס מיינט אויך ערפי-לען די חובות און די פאַראַנטוואָרטליכקײַט צו מענשען.

8. התבודדות — פאַרטיפונג אין זיך, פאַרשטיין דעם דראַנג און דאָס שטרעבען פון דער אייגענער נשמה.

9. עניוות — ניט האַלטען זיך גרויס, נאָר מען זאָל פילען, אַז מען איז בלויז אַ שליח, אַ דינער פאַנ'ם ווילען פון גאָט.

10. צדקה — העלפען און שטיצען די לײַדענדע מיטמענשען.

אָט די דאָזיגע צען עלעמענטען זײַנען די יסודות פון דער לערע פון ר' ישראל בעל שם טוב, און זיי זײַנען גע-וואָרען דער באַזיס, דער יסוד פון גאַנצען חסידיזם, און דערפאַר ווערט דער בעל שם טוב באַטראַכט פאַר'ן גרינ-דער פון חסידיזם. ער האָט אַרויסגעבראַכט קלאָר די לערע דורך וועלכער ס'זײַנען ענטשטאַנען די חסידישע באַוועגונגען.

## 20. גאט דערקענטעניש

דער בעש״ט גייט ארויס פון דעם אייבינגען אידישען שטאנדפונקט, אז גאט איז אבסאלוט, ער איז די סבה הראשונה, דער אנפאנג פון אלע אנפאנגען, און דער א י ן ס ו ף. די דערקענונג פון גאט מוז אויך זיין אבסאלוט, אן קשיות און אן תירוצים, אן דריידלאך און פשט׳לאך. ער איז געווען, איז דא, און וועט זיין לעולם ועד, אן אן אנהויב און אן א סוף. מען דארף ניט וועגען אים קיין באווייזען. דער גאנצער אוניווערזום איז דער באוויז. אלץ וואס איז פאראן איז פון אים געשאפען, איז פון אים קאנטראלירט, און פון אים באאיינפלוסט און באווירקט.

די וועלט, די נאטור, זיינען בלויז אן עמאנאציע, אן אבשיין, אן ארויסשטראלונג פון דער גאטהייט, און די ערשיינונגען פון דער וועלט און פון דער נאטור זיינען געשטעלט אין באוועגונג פון זיין גייסט, ווילען און כח.

אייגענטליך איז דאס ניט געווען קיין נייע לערע, דאס איז די אלטע אידישע לערע פון אברהם אבינו און משה רבנו. אבער ס׳איז דאך פאראן אין דער לערע פון בעש״ט, אויב ניט נייעס, וועניגסטענס א פארטיפונג און צו דער זעלבער צייט א פאלקסטימליכערע ערקלערונג, ווי אין דער לערע פון די בעלי קבלה בכלל.

עס איז כדאי אנצוצייגען אז דער אונטערשיד צווי־שען דער אויפפאסונג פון אזעלכע רבנים גאונים ווי למשל פון ווילנער גאון און די פון בעל שם טוב איז א גרינדלי־כער.

ווערענד די גאונים האבען געזוכט צו מאכען א צווי־שענשייד צווישען גאט, וועלט און מענש: פאר גאט האָ־בען זיי באשטימט דעם הימעל, און די וועלט, באזונדערס די ערד מיט די מענשען, האבען זיי ערקלערט אלס זיין פוס־בענקעלע. איז גאנץ אנדערש די אויפפאסונג פון די בעלי קבלה און פון בעל שם טוב. לויט זייערע לערען

איז גאָט און וועלט, אײַנגעשלאָסען די ערד מיט די מענ־שען, פֿאַראייניגט. מען דאַרף גאָט ניט בלויז זוכען אין הימעל נור אויך אין דער גאַנצער שעפּפונג, אין דעם וועלט־אַל, אײַנגעשלאָסען די ערד.

די בעלי קבלה און דער בעל שם טוב שטיצען זיך אויף דעם פּסוק פֿון ישעיה הנביא (ו׳ ג׳): „קדוש, קדוש ה׳ צבאות מלא כל הארץ כבודו” (הייליג, הייליג איז גאָט צבאות, די גאַנצע וועלט איז פֿול מיט זײַן פּראַכט). די קבלה האָט דאָס פֿאַרשטאַרקט מיט נאָך אַ רעאַלען באַגריף: „לית אתר פּנוי מניה” (ס׳איז ניטאָ קיין אָרט, וואו ער זאָל ניט זײַן).

ר׳ ישראל בעל שם טוב האָט דאָס ערקלערט אויף פֿאָלגענדען אופֿן:

„גאָט׳ס גײַסט פֿילט אָן די וועלט פֿאַר אַלע צײַטען און גאָט זוכט שטענדיג אַ וועג צו זײַן צווישען מענשען. ווען אונזערע תּפילות אָדער אונזער לערנען זײַנען קאָנ־צענטרירט אויף גאָט, פֿאַראייניגען זיי זיך מיט׳ן גײַסט פֿון גאָט און זיי שאַפֿען דעם וועג, דורך וועלכען ער קומט צו דער וועלט”.

ער האָט אויך געזאָגט: „ער (דער מענש) זאָל גע־דענקען אַז אַלץ וואָס איז פֿאַראַן אויף דער וועלט איז פֿול מיט דעם שעפֿער, געבענטשט זאָל ער זײַן. אַלע זאַכען, וואָס ווערען געטון אויף דער וועלט דורכ׳ן כח פֿון מענ־שענס געדאַנקען, זײַנען פֿון דער השגחה פֿון השם יתברך”.

ער האָט נאָך געזאָגט: „ער (דער מענש) באַדאַרף טראַכטען, אַז דער בורא איז פֿול אין דער גאַנצער וועלט, זײַן כבוד און זײַן שכינה זײַנען שטענדיג מיט אים (מיט׳ן מענשען). ער איז דאָס גײַסטיגסטע וואָס קען נאָר עקזיס־טירען. ער איז דער האַר פֿון אַלע באַשעפֿענישען אויף דער וועלט, און ער קען טון אַלץ וואָס ער וויל”.

נאָך קלאָרער האָט דער בעש״ט דאָס אַרויסגעזאָגט אין פאָלגענדע ווערטער:

״איינציגע זוכען גאָט, ווי גלייך ער וואָלט געוועזן ווייט אַוועק פון אונז און אַרומגערינגעלט מיט פילע ווענט. זיי זאָגען: ״איך האָב אים געזוכט, אָבער איך האָב אים ניט געפונען״. וואָלטען זיי געווען קלוג, וואָלטען זיי געוואוסט אַז ס׳איז ניטאָ קיין פלאַץ אָן זיין איינוועזענהייט. זיי קענען אים געפינען אין יעדער זאַך און איבעראַל, און זיי זאָלען פאַרשטיין, אַז איינער וועלכער פאַרבינדט זיך מיט וועלכען ס׳איז טייל פון גאָט איז גלייך ווי ער וואָלט זיך פאַרבונדען מיט אַלץ און אין אַלץ וואָס איז געטליך״.

מען קען דערפאַר זאָגען, אַז ווערענד די גאונים האָבען געזוכט צוצוגרייטען די מענשען, די אידען הייסט עס, זיי צו ברייגנען צו גאָט, זיי צו מאַכען ראוי, דאָס זיי זאָלען צוקומען צו גאָט, נאָכ׳ן טויט; האָט דער בעל שם טוב געזוכט צו ברייגנען גאָט צו די מענשען, צו די אידען, ער האָט געזוכט זיי צו מאַכען ראוי, אַז גאָט זאָל זיין צווישען זיי, אויך ביים לעבען.

אָט אין דעם באַשטייט אויך הויפטזעכליך דער גרונד אונטערשיד צווישען חסידיזם און דאָס אַנדערע אָרטאָדאָקסישע אידענטום.

עס קען זיך אויך שטעלען די פראַגע, דאָס אויב גאָט איז דאָ און ווירקט און מ׳קען אים דערקענען, דאַן ווי קומט עס וואָס ניט אַלע דערקענען גאָט? ווי קומט עס וואָס עס זיינען פאַראַן ניט גלויבער? דאָס איז זיכער אַן אפיקורסישע פראַגע, און לויט ווי עס זעט אויס איז זי אויך געשטעלט געוואָרען אין דער צייט פון בעש״ט, ווייל ער האָט זיך מיט דער פראַגע באַשעפטיגט, און ער האָט איר פאַרענטפערט מיט אַ וואונדערבאַרען משל:

## דער מלך און זיין געהיימניספולע הויז

״אַ מלך האָט אַמאָל זיך געלאָזט אויפבויען אַ הויז וואָס האָט בלויז געהאַט איין טיר, קיין פענסטער און קיין ליכט האָט אין איר פון דרויסען ניט געקענט אַריינקומען.

"ווען דער בנין איז פאַרטיג געוואָרען האָט דער מלך אײַנגעלאַדען אַלע פירשטען און די וויכטיגסטע מענשען פון לאַנד, אַז זיי זאָלען קומען זען זײַן הויז. ווען זיי זײַנען אַרײַנגעקומען אין דעם מערקווירדיגען בנין האָבען זיי עס געפונען שטאַרק באַלײַכטעט און זיי האָבען דערזען פאַר זיך אַ סך טירען: טירען נאָך טירען... זיי האָבען געפירט, איינע נאָך די אַנדערע, אין זאַאַלען, אַלץ ווײַטע־רע און ווײַטערע זאַאַלען, גאָר אָן אַ סוף. די טירען און די זאַאַלען האָבען זיך פאַרלוירען אין אַ ווײַטקײַט, וואָס דער בליק האָט מער ניט געקענט דערגרייכען.

"די געסט האָבען געוואָלט גיין דורך די טירען אין די זאַאַלען אַרײַן. זיי האָבען געוואָלט גיין ביז צום סאַמע סוף, ביז צום לעצטען זאַאַל צו געפינען דעם מלך. אָבער זיי האָבען ניט געקענט דורכגיין דורך קיין טיר און ניט אַרײַנקומען אין קיין זאַאַל... די איינציגע טיר וואָס זיי האָבען געקענט באַנוצען איז געווען די טיר דורך וועלכער זיי זײַנען אַרײַנגעקומען, און דורך וועלכער זיי האָבען געקענט אַרויסגיין אין דרויסען. זיי האָבען אָבער געוואָלט זען דעם מלך און זיי האָבען געקוקט דורך די טירען אין די זאַאַלען, ווי ווײַט זייערע אויגען האָבען נאָר געקענט, אָבער דעם מלך האָבען זיי ניט געזען.

"צום סוף איז אָנגעקומען איינער פון דעם מלך'ס זין. ער האָט גלײַך דערזען, אַז די טירען זײַנען גאָר קיין טי־רען ניט און די זאַאַלען זײַנען קיין זאַאַלען ניט, דאָס זײַ־נען געווען בלויז אָבשפּיגלונגען פון דער איינער טיר צום דרויסען, און פון דער איינער זאַאַל וואָס דער בנין האָט געהאַט. די אָבשפּיגלונג האָט זיך גענומען ווײַל די ווענט זײַנען געווען באַלעגט מיט שפּיגלען, איינע געגען די אַנדערע.

"דעם מלך'ס זון האָט אויב זיך אַרומגעקוקט אין דער איינער זאַאַל, וואו אַלע געסט זײַנען געווען, און ער האָט דערזען זײַן פאָטער, דעם מלך, זיצען אויף אַ הויכען טראָן, שמייכלענדיג. די אַנדערע האָבען אים ניט געזען, ווײַל זיי האָבען ניט אויפגעהויבען זייערע אויגען".

אָט דאָס איז דעם בעל שם טוב'ס משל. דער נמשל איז קלאָר: אַז מען וויל דערקענען גאָט דאַרף מען אים ניט זוכען אין אַבסטראַקטע וויטקייטען וואָס קענען נאָר זיין אילוזאָרישע שיינבאַרקייטען, נור מען זאָל אים זוכען אין דער נאָענטער רעאַליטעט פון דער וועלט און לעבען, און איבערהויפט זאָל מען די אויגען האַלטען געווענדעט אַרויף...

אגב וויל איך באַמערקען, אַז דער דאָזיגער משל פון בעל שם, וועלכער איז דער ערשטער וואָס איך האָב ביז איצט געבראַכט פון אים אַליין, אַחוץ דעם משל פון זיין וואונדערבאַרער ראש השנה תפילה, ציינט, וואָס פאַר אַ גרויסער מייסטער ער איז געווען אין משלים, און ווי שעהן, ערהאַבען זיינער אַ משל איז, גייסטרייך, מען קען זאָגאַר זאָגען קינסטלעריש, און געשטיצט אויף רעאַליטעט. דאָס וועט מען אויך זעהן אין די ווייטערע משלים, וואָס איך וועל פון אים ברייגגען.

## 21. ווי צו דערקענען גאָט

דער בעל שם טוב האָט אויך אָנגעצײַגט אַ וועג ווי צו דערקענען גאָט. דער וועג איז: — באַוואונדערונג פון זײַן שאַפונג... ער האָט ערקלערט, אַז די נאַטור איז דער לבוש (דאָס קלייד) פון דער גאָטהײַט. גאָט איז פאַרבאָרגן פאַר'ן מענשענס אויג דורך דער פראַכט פון דעם לבוש, אָבער אַז דער מענש באַטראַכט ריכטיג דאָס דאָזיגע וואונדערבאַרע קלייד, קען ער דערזען, בעסער געזאָגט דערקענען, גאָט. ער האָט וועגען דעם געגעבען אַ כאַראַקטעריסטישען שענעם משל:

"עס איז געווען אַ באַרימטער מלך, וועלכער האָט געוואוינט אין אַ וואונדערבאַרען ווײַסער רײַכען פּאַלאַץ. האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער מלך נעמט אויף אַלס גאַסט יעדען מענשען וועלכער קומט אים זען.

"זײַנען צוויי מענשען געקומען מיט דעם וואונש, אַז דער מלך זאָל זיי אויפנעמען. ווען זיי זײַנען געקומען צום פּאַלאַץ האָט מען זיי געזאָגט, אַז דער מלך נעמט אין דעם טאָג ניט אויף קיין געסט, און מען קען אים פּאָלגליך איצט ניט זען.

"איינער פון די צוויי מענשען הערענדיג די ערקלערונג איז גלײַך אַוועקגעגאַנגען. ער האָט אויך מער דעם מלך ניט געזען. אָבער דער צווייטער האָט געזאָגט: "אַז איך קען ניט זען דעם מלך, אפשר קען איך זען זײַן פּאַלאַץ און זײַנע אוצרות?"

"מהיכי תיתי, פאַריואָס ניט?" האָבען די באַאַמטע אים געענטפערט.

זיי האָבען אים געלאָזט אַרומגיין אין פּאַלאַץ און זען די אוצרות. ער האָט געזען וואונדערבאַרע בילדער, פּראַכטפולע אָרנאַמענטען, אימפּאָזאַנטע רײַכטימער, גלענצענדע פּערל, דיאַמאַנטען, קרוינען, צירונג, און אויסערגעוועהנליכע שענע גערטנער, ווי אויך טייערע ביבליאָטעקען מיט ספרים. דער מאַן האָט זיך ניט געקענט

נעֶנוּנג אָב׳חידוש׳ן פֿון דעֶם וואָס עֶר האָט געֶזעֶן. עֶר האָט געֶפֿילט, דאָס עֶר וואָלט דאָרט געֶקעֶנט אַרומגיין זײַן גאַנצעֶן לעֶבעֶן, און עֶר וואָלט ניט מיד געֶוואָרעֶן אין זײַן באַוואונדעֶרונג... עֶר האָט אויך דורך דעֶם באַקומעֶן אַ קלאָרעֶן באַגריף ווי גרויס און רײַך דעֶר מלך איז... און אַזוי אַרומגייעֶנדיג צווישעֶן דעֶם מלך׳ס אוצרות, האָט אים אויך אַ שײַן געֶטון אַ שפּאַלט אין׳ם טראָן זאַאַל, וואו דעֶר מלך איז געֶוועֶן, און עֶר האָט טאַקעֶ דעֶם מלך דעֶרזעֶן אין זײַן ליכטיגעֶר שײַן. דאָס האָט אים נאָך מעֶר באַגײַסטעֶרט, און עֶר האָט זיך געֶפֿרייט מיט דעֶר געֶלעֶגעֶנהײַט, וואָס עֶר האָט געֶהאַט״.

אָט דאָס איז דעֶם בעש״ט׳ס משל, דעֶר נמשל איז אויך קלאָר: אַז מעֶן באַוואונדעֶרט די נאַטור, גאָט׳ס שאַפֿונג און אירעֶ אוצרות, קעֶן מעֶן אויך באַקומעֶן די מעֶגליכקײַט צו דעֶרבליקעֶן די העֶרליכקײַט און די ליכט פֿון דעֶר געֶטליכקײַט.

## גאָט און די נאַטור

עֶס איז אויך וויכטיג איבעֶרצוגעֶבעֶן, אַז ר׳ ישראל בעל שם טוב האָט אָנגעֶנומעֶן דעֶם שטאַנדפּונקט, אַז אפילו בגימטריא איז פֿאַראַן אַ עֶנליכקײַט צווישעֶן גאָט און דעֶר טבע (נאַטור). די דאָזיגעֶ גימטריא איז: ״אלהים״ (גאָט׳ס נאָמעֶן) און ״הטבע״ (די נאַטור) מאַכעֶן אויס די זעֶלבעֶ צאָל: זעֶקס און אַכציג.

אָט דעֶרפֿאַר טאַקעֶ האָט דעֶר בעש״ט געֶהאַלטעֶן, אַז ס׳איז ניטאָ אַזאַ זאַך וואָס איז מחוץ לדרך הטבע. אַלץ איז פֿאַר אים אי נאַטירליך אי געֶטליך, אי אידעֶאַליש אי רעֶאַליסטיש: נפלאות הבורא און ווירקליכקײַט.

אַלץ דעֶרפֿאַר האָט עֶר אויך געֶלעֶרנט, אַז דעֶר מאמין, דעֶר גלויביגעֶר, דאַרף טראַכטעֶן און גלויבעֶן באמונה שלימה, אַז די שכינה איז מיט אים, אַז עֶר איז פֿאַרבונדעֶן מיט גאָט און גאָט איז מיט אים. עֶר דאַרף אויך אין זײַן געֶדאַנק זוכעֶן צו דעֶרהויבעֶן די גשמיות׳דיגעֶ זאַכעֶן פֿון אַרום אים, און אויך זײַנעֶ אייגעֶנעֶ תאוות צו

רוחניות'דיגע פֿאָרשטעלונגען. יעדע זאַך, וואָס שרעקט אים, איז נאָר אַ פֿאַרבײַגייענדע ערשײַנונג. ער דאַרף דערפֿאַר נאָר מורא האָבען פֿאַר גאָט, וואָס שטייט איבער אַלע זאַכען, און אויף אַזאַ אופן קענען זיי אויף אים קיין שליטה ניט האָבען, און אויב ס'געשעהט דאָך עפּעס שלעכ־טעס איז עס פֿון גאָט, צוליב אַ סבה וואָס מען קען זיך ניט ערקלערען, און פֿאָלגליך דאַרף מען דאָס מקבל באהבה זײַן.

דאָס זעלבע איז אויך מיט תאוות. דער מענש דאַרף שטעלען זײַן ליבע צו גאָט העכער ווי אַלע זײַנע נײַגונגען, ווינשע און פֿאַרלאַנגען, און ער זאָל זוכען די באַפֿרידיגונג פֿון זײַן נשמה אין דער ליבע צו גאָט. דאָס קען אונבאַ־דינגט אָבשוואַכען די קראַפֿט פֿון זײַנע לײַדענשאַפֿטען, אַזוי אַז ער זאָל זיי קענען קאָנטראָלירען. למשל: „אויב אַ מענש זעט אַ שענע פֿרוי, זאָל ער טראַכטען: פֿון וואַנען קומט צו איר אַזאַ שענקייט? ווען זי זאָל זײַן טויט וואָלט זי דאָך אַזאַ שענעם פּנים ניט געהאַט... די שענקייט קומט צו איר ווײַל דער לעבעדיגער געטליכער כח, וואָס איז אין איר, גיט איר די שענקייט. פֿון דעם זאָל דער מענש דרינ־גען, אַז דער שורש פֿון שענקייט איז דער געטליכער כח. — טאָ פֿאַר וואָס זשע זאָל אים ציען צו אַ טייל, אָדער צו אַ פּאָלגע פֿון געטליכען כח? ס'איז בעסער זיך צו באַ־העפֿטען מיט דעם קוואַל פֿון אַלע שענקייטען גופא, מיט דעם שורש פֿון אַלע וועלטען".

ווי ס'איז צו זען באַזירט זיך די דאָזיגע לערע פֿון בעש"ט ניט נאָר אויף אַ פּשוט'ן רעליגיעזען באַגריף, נור אויך אויף אַ פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזע.

## וועגען ליבע צו גאָט

וועגען ליבע צו גאָט האָט דער בעש"ט אויך געזאָגט:

„אונזער ליבע צו גאָט זאָל גיכער זײַן ווי די ליבע צווישען ברודער און שוועסטער, אָדער ווי צווישען אַ מו־טער און איר קינד, אייִדער ווי די ליבע צווישען מאַן און ווײַב אָדער צווישען פֿאַרליבטע. די ערשטע קענען צײַגען

זייער ליבע אז פאר זיך זעלבסט אז אין דער עפענטליכ-קייט, ווערענד די אנדערע קענען צייגען זייער ליבע נאר ווען זיי זיינען אבגעזונדערט פאר זיך אליין. מיר זאלען ניט פאלגען יענע וועלכע זאגען, אז מיר דארפען אונזער ליבע צו גאט נאר דעמאנסטרירען אין די שולען, אדער אין דער היים, אבער מיר זאלען עס ניט ארויסצייגען אין די גאסען אדער אין די עפענטליכע פלעצער.

"די אויבענדערמאנטע לערע איז איבערגעגעבען אין שיר השירים (ח׳ ו׳) אין די ווערטער: "מי יתנך כאח לי יונק שדי אמי אמצאך בחוץ אשקך גם לא יבוזו לי" (הלואי וואלסטו געוועזען צו מיר ווי א ברודער מיינער, וואס האט געצויגען די ברוסט פון מיין מוטער;׳ ווען איך וואלט דיך געטראפען אין גאס וואלט איך דיך געקושט, און דאס וואלט מיך ניט פארשעמט).

ליבע, ריינע ליבע צו גאט, און פאלגליך אויך צו זיין שאפונג און צו זיינע מענשען, איז אן עיקר אין דער לערע פון ר׳ ישראל בעל שם טוב.

## 22. דבקות, באהעפטונג מיט גאט — דער צדיק

די באַהעפֿטונג פֿון מענשען אין זײַן מחשבה מיט דער גאָטהײַט, איז דבקות. ר׳ ישראל בעל שם טוב האָט געלערענט, אַז דאָס איז דער סאַמע עיקר פֿאַר דער גליק-זעליגקײַט פֿון מענשען אויפֿ׳ן עולם הזה, בײַם לעבען, און אויפֿ׳ן עולם הבא, נאָכ׳ן טויט.

ווען מען וויל ריכטיג פֿאַרשטיין דעם בעל שם טוב׳ס געדאַנק וועגען דבקות מוז מען וויסען וואָס ס׳איז דער אונטערשיד צווישען אַנדערע זאַכען און חיות, וועלכע עקזיסטירען, און דער מענש? דער אונטערשיד איז דעם מענשענס באַוואוסטזײַן, דאָס וואָס ער פֿאַרשטייט און גיט זיך באַוואוסטזיניג רעכנונג פֿון דעם וואָס קומט פֿאָר אַרום אים.

לויט דעם בעל שם טוב׳ס לערע קען מען זאָגען, אַז דבקות איז די העכסטע באַוואוסטזיניגקײַט פֿון מענשען וועגען דער עקזיסטענץ פֿון גאָט, און וועגען זײַן פֿאַרבינ-דינג מיט אַלץ וואָס עקזיסטירט; און דערפֿאַר דאַרף דער מענש זיך באַהעפֿטען מיט דער גאָטהײַט, און אין זײַן וועזען און געדאַנק פֿאַרווירקליכען די אײַנהײַט, אָדער ווענינגסטענס די אָבשפּיגלונג פֿון דער אײַנהײַט, וואָס עק-זיסטירט אין אוניווערזום און צווישען אוניווערזום און גאָט.

לויט דעם בעש״ט ווערט דורך דבקות געשאַפֿען דער „זיווג״, די פֿאַראייניגונג, צווישען דער שכינה און דעם מענשען. ער האַלט אויך, אַז דבקות גיט דעם מענשען פֿעסטקײַט אין זײַן נשמה, עס שאַפֿט זיכערקײַט אין אים, און עס בילדעט זיך בײַ אים אויס דער כח איבערצושטיין אַלע צרות און געפֿאַרען, וואָס זײַנען פֿאַראַן אין דער וועלט. ער האָט געזאָגט:

„דבקות איז שטאַרקײַט פֿאַר די געפֿילען, די בענקע-ניש פֿון דער נשמה צו גאָט און זײַן שאַפֿונג, די אומאַר-מונג מיט זײַן פּראַכט וואָס פֿילט אָן די וועלט״.

דער מענש וועלכער דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון דבקות, דאס הייסט דער וועלכער באפרייט זיך אלץ מער פון זיינע איינענע פערזענליכע זארגען און גיסט זיך צוזאמען אין געפיל מיט דער וועלט, אז ער זאל פילען, דאס אלץ, ער איינגעשלאסען, איז אין גאט "אחד" — איינס, — אט דער מענש איז א צדיק און ער איז ראוי דאס ער זאל זיין א פירער פון פאלק. דער גרעסטער פון די צדיקים פון זיין צייט, ניט דער גרעסטער אין נאמען, נאר דער גרעסטער אין דבקות, איז דער צדיק יסוד עולם, פון וועלכען איך האב שוין גערעדט אין אנפאנג פון דעם ווערק.

עס איז וויכטיג צו ערקלערען, אז אלע אמונות האבען געהאלטען און האלטען אז וויערע פירער זיינען בלויז שליחים פון גאט צו די מענשען. ביי פילע פעלקער האט מען אבער אנגענומען, אז זיי, די פירער, זיינען געטער... די קריסטען האבען איינעם פון די פירער ערקלערט פאר א זון פון גאט, וואס טיילט מיט איהם די הערשאפט פון דער וועלט. גאנץ אנדערש איז ביי אידען. לויט דעם אידישען באגריף קענען די פירער זיין בלויז שליחים פון גאט. משה, דוד, די נביאים, די העכסטע פירער פון אידישען פאלק, און אלע אנדערע, האבען זיך בלויז ערקלערט אלס שליחים פון גאט, וועלכע האבען די אויפגאבע צו זאגען דעם פאלק זיינע ווערטער, און צו ערקלערען גאט׳ס באפעלען. זיי האבען אויך געבעטען און שטארק געבעטען צו גאט פאר׳ן פאלק.

ר׳ ישראל בעל שם טוב האט, פארשטייט זיך, נאכגעפאלגט די וועגען פון די העכסטע אידישע פירער. מען קען אבער אויך זאגען, אז ער האט אם שטארקסטען אקצענטואירט די צווייטע אויפגאבע: דאס בעטען גאט. לויט זיין לערע קומט אויס, אז דער פירער, דער צדיק, איז ניט נאר א שליח פון גאט צום פאלק, נור ער איז נאך מער א פארשטעהער פון פאלק פאר גאט. אט דערפאר דארף דער צדיק, לויט דעם בעש״ט, זיך דערהויבען צו אזא מדרגה פון דבקות, צו אזא באהעפטינג מיט גאט, אז ער זאל קענען דערפילען זיין אויפגאבע אלס פארשטעהער

פון פאָלק און זאָל קענען דערגרייכען דאָס וואָס דאָס פאָלק דאַרף האָבען. און נאָר דורך דעם קען ער ווערט זײַן צו האָבען געטרײַע חסידים.

ס'איז נאָך וויכטיג אָנצוצײַגען, אַז די באַגריפען פון צדיק און חסיד, פון פירער און געטרײַער פרומער נאָכ-פאָלגער, געפינען זיך שוין אין תנ"ך. דער בעש"ט האָט די באַגריפען ניט געשאַפען, נאָר ער האָט זיי פאַרווירק-ליכט אין לעבען אין אַ ווייטער הויכער מאָס. אין דברים, ל"ב, ד', ווערט גאָט אַליין באַצייכענט אַלס צדיק: "הצור תמים פעלו כי כל דרכיו משפט, אל אמונה ואין עול צדיק וישר הוא" (דער פעלז, גאַנץ איז זײַן ווערק, ווײַל אַלע זײַנע וועגען זײַנען רעכט, גאָט פון געטרײַשאַפט, און אָן אומרעכט, צדיק (גערעכט) און רעכטפאַרטיג איז ער). אָט די דאָזיגע הויכע אייגענשאַפטען, וואָס זײַנען אין גאָט, האָט ר' ישראל בעל שם טוב געזוכט אײַנצוקערפערען אין צדיק.

אויך דוד המלך האָט געזאָגט אין תהלים קמ"ה י"ז: "צדיק ה' בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו" (גערעכט איז גאָט אין אַלע זײַנע וועגען און אַ חסיד איז ער אין אַלע זײַנע מעשים). אויף דעם דאָזיגען זאַץ האָט דער תלמוד געמאַכט אַ פירוש: צוערשט איז ער (גאָט) אַ צדיק, דער-נאָך ווערט ער אַ חסיד.

רש"י האָט דערויף געמאַכט אַ ווײַטערען פירוש. ער האָט געזאָגט: "צוערשט איז ער אַ צדיק און ערשט מיט אמת'ן רעכט, און דערנאָך ווערט ער אַ חסיד, ער ווענדעט זיך אָב פון בלויז רעכט און באַנוצט חסד" (גנאַדע, רחמנות).

אָט די דאָזיגע הויכע באַגריפען האָט ר' ישראל בעל שם טוב געזוכט אײַנצופירען ממשות'דיג אין אידישען לעבען.

בנוגע דעם געוועהנליכען מענשען, וועלכער קען זיך ניט דערהויבען צו אַזאַ הויכע מדרגה צו ווערען אַ צדיק אין פולסטען זין, קען מען זאָגען, אַז דער בעש"ט הייסט אים האָבען פאָלשטענדיגע אמונה אין גאָט און זיך אייף

אִים פֿאַרלאָזען. דאָס מיינט נִיט, אַז דער מענש דאַרף זִיך בלויז פֿאַרלאָזען אויף גאָט און גאָר נִיט טון — בשום אופן נִיט. גאָט האָט געמאַכט דעם מענשען צו זײַן אַק־טיוו, ער זאָל זײַן טעטיג, ער זאָל האַנדלען, ער זאָל האָ־בען איניציאַטיווע. וואָס ס'מיינט זיך פֿאַרלאָזען אויף גאָט איז צו וויסען, אַז סאַי וואָס מען טוט דאַרף מען דערצו האָבען די הילף פֿון גאָט, און צו גלויבען באמונה שלימה, אַז ער וועט העלפֿען. אויב אפֿילו עס ענטשטייען הינדער־נישען און שוועריגקײטען, זאָל מען נִיט פֿאַרצווייפֿלען, מען זאָל אַלץ גלויבען און שטאַרק גלויבען, אַז די הינדער־נישען און שוועריגקײטען וועלען באַזײַטיגט ווערען אַלץ דורך גאָט'ס הילף, און ער וועט העלפֿען דאָס מען זאָל דערגרייכען דאָס וואָס מען וויל.

צו דעם געוועהנליכען מענשען האָט דער בעש"ט גע־זאָגט:

"ווען דו רעדסט, געדענק, אַז די קראַפֿט צו רעדען קומט פֿון דײַן נשמה, וואָס איז אַ טייל פֿון גאָט. ווען דו הערסט, געדענק, אַז די קראַפֿט צו הערען קומט פֿון דײַן נשמה. אויף אַזאַ אופן וועסטו זײַן אין דער לאַגע צו פֿאַר־אייניגען דײַן נשמה מיט דער שכינה, און דו וועסט זיך קענען פֿאַרלאָזען אויף גאָט".

## דער שכר פאר'ן צדיק

אין שייכות צו דעם, וואָס דער גלויבען מוז שטענדיג זײַן פֿעסט אַז גאָט וועט העלפֿען, איז אויך פֿאַראַן אַ שיין מעשה'לע.

ס'האָט וואַרשײַנליך אימיצער געפֿרעגט בײַ דעם בעש"ט: אייב גאָט העלפֿט דירך דעם וואָס מען גלייבט אין זײַן הילף, ווי זשע קומט עס וואָס עס זײַנען דאָ שטאַרק פֿרומע אידען, וועלכע זײַנען זייער אָרים?

דערויף האָט דער בעש"ט געענטפֿערט:

"אָפֿט באַמערקען מיר ווי אַ צדיק באַקלאָגט זיך צו דעם האַר פֿון דער וועלט אויף זײַן אָרימקײַט, און דאָך

באַקומט ער ניט קיין פֿאַרבעסערונג אין זײַן לאַגע. דאָס זאָל ניט אָנגענומען װערען אַלס באַװײַז, אַז דער רבונו של עולם קימערט זיך ניט אין׳ם צדיק. נײן, פֿאַרקערט, ס׳איז אַ באַװײַז פֿון גאָט׳ס ליבע צו אים. אָט איז אַ משל װאָס װעט דאָס ערקלערען: אַ בן מלך האָט אין זײַנע קינדער יאָרען זיך געמאַכט אַ קליינע הויז, אַ שפּילכעל. אַ ניט אויפֿמערקזאַמער באַדינער האָט, ניט געבענדיג קיין אַכטונג, אַ קלאַפּ געטון מיט זײַן פֿוס אין דעם שפּילכעל און ס׳איז צופֿאַלען געװאָרען. דאָס װײנענדע קינד האָט זיך באַקלאָגט פֿאַר דעם מלך און אים געבעטען צו באַשטראָפֿען דעם דינער. דער מלך האָט אָבער בסוד געװאָלט מאַכען זײַן געליבטען זון אַן איבערראַשונג און האָט געלאָזט פֿאַר אים אויפֿבויען אַ פּאַלאַץ אין מיניאַטור פֿון פֿעסטע און שענע מאַטעריאַלען. װיסענדיג אַז ער האָט אַזאַ טײערע מתנה פֿאַר דעם פּרינץ, האָט ער אים ניט צוליב געטון צו האַנדלען װי ער האָט פֿאַרלאַנגט.

„אָט דאָס זעלבע איז מיט׳ן צדיק, גאָט׳ס געליבטער זון. דער רבונו של עולם האָט געמאַכט פֿאַר אים אַ גלענ־צענדען פּאַלאַץ אין גן עדן, דערפֿאַר הערט ער זיך ניט צו צו זײַן באַקלאָגען זיך אויף די אונאַנגענעמליכקײטען װאָס ער האָט אויף דער אונבאַדײַטענדער זינדיגער ערד״.

דער נמשל פֿון דער מעשה׳לע איז קלאָר: גלויבט שטאַרק אונטער אַלע באַדינגונגען. פֿון גלויבען מוז גו־טעס אַרויסקומען אפילו װען מען קען דאָס ניט גלײַך זען. פֿון טיפֿען גלויבען קומט אַרויס אַ פֿיל גרעסערע גוטס־קײַט װי מען קען גאָר באַגרײַפֿען.

## 23. תפילה

דבקות, וואָס איז אַן עיקר אין בעל שם טוב׳ס לערע, קען הויפּטזעכליך דערגרייכט ווערען, לויט זיין מיינונג, דורך תפילה.

תפילה איז שטענדיג געווען זייער הויך געשעצט ביי אידען. עס ווערט ערקלערט אין דער תורה, אַז אויף דריי זאַכען שטייט די וועלט: אויף תשובה, תפילה און גמילות חסדים. דאָס הייסט אַז תפילה איז איינע פון די יסודות פון דער וועלט.

אין תלמוד ירושלמי (ברכות) ווערט געזאָגט, אַז "תפילה איז געשאַפען געוואָרען דורך דאָס פאָרגעפיל פון די אבות, אברהם, יצחק און יעקב, און די אידען האָבען עס פון זיי באַקומען בקבלה". עס ווערט אויך דאָרט געזאָגט: "ווען אויף אַ מענשען קומט אַן אונגליק רופט ער ניט צו מיכאל און ניט צו גבריאל, נאָר דירעקט צו גאָט".

דער בעל שם טוב האָט אונגעהויער פיעל געשטעלט אויף תפילה. ער האָט געהאַלטען, אַז תפילה איז די בריק דורך וועלכער דער מענש גייט איבער פון דער נידעריג-סטער צו דער העכסטער מדרגה. ער האָט געזאָגט, אַז דורך זיין אייגענער נויט און מאַנגעל קען ער בעטען די שכינה, דאָס אַזוי ווי זי פילט די נויט און דעם מאַנגעל זאָל זי דורך זיין תפילה צוריקשטעלען די האַרמאָניע צווישען אים און די געטליכע איינהייט".

ער האָט אויך געזאָגט, אַז "דער מענש דאַרף וויסען, אַז זיינע לײדען קומען פון די לײדען פון דער שכינה. עס איז אַ גליד פון אירע גלידער, און די איינשטעלונג פון אירע באַדערפנישען באַפרידיגט אויך זיינע נויטווענדיג-קייטען".

אָט דאָס צייגט ישוין, ווי לויט דער מייגונג פון בעל שם טוב גרייכט דער מענש די באַהעפטונג מיט גאָט דורך תפילה, און אַז דאָס איז דער וועג צו דערגרייכען די באַ-פרידיגונג פון זיינע נויטווענדיגקייטען.

די ווירכטיגקייט פֿון תפילה איז אַזוי שטאַרק אָנגעגנו־
מען געוואָרען בײַ אַלע נאָכפֿאָלגער פֿון בעל שם טוב, אַז
איינער, אַ צדיק, האָט געזאָגט: "די מענשען מיינען אַז
דורך תפילה בעטען זיי בלויז צו גאָט, אָבער אין אמת'ן
איז עס ניט אַזוי, ווײַל שוין די תפילה אַליין איז געט־
ליכקייט".

וועגען דעם ווי ר' ישראל בעל שם טוב האָט אַליין
מתפלל געווען ווערט דערציילט אַ זייער כאַראַקטעריס־
טיש מעשה'לע: ווען ער איז גאָר וואָס נתגלה געוואָרען
האָט זיך געפֿונען אַ רב, אַ תלמיד חכם, אַ מופלג אין
תורה, וועלכער איז געווען אַ מתנגד. ער האָט ניט געהאַט
קיין צוטרויען צום בעש"ט און האָט אים נאָכגעשפּירט,
כדי ער זאָל דערגיין דעם שורש פֿון זײַן הנהגה. איין מאָל
אין אַן ערב שבת האָט ער געזען ווי ר' ישראל האָט זיך
געשטעלט דאַווענען מנחה, עס איז נאָך געווען פֿיר שעה
צו שבת, און ווען ער האָט זיך געשטעלט שמונה עשרה
איז ער געשטאַנען איבער דרײַ שעה. ווען דער רב האָט
געזען, אַז ער שטייט אַזוי לאַנג שמונה עשרה, האָט ער
ניט געקענט פֿאַרשטיין דעם זין דערפֿון. בײַ אים, בײַ דעם
רב, האָט געדויערט אַ שמונה עשרה צען מינוטען אָדער
אַ פֿערטעל שעה, אָבער ניט איבער דרײַ שעה. ער איז
דערפֿאַר צוגעגאַנגען צום בעש"ט און האָט אויפֿגעהויבען
זײַן טלית פֿון איבער זײַן פּנים. ווען דער רב האָט דערזען
זײַן פּנים איז ער געפֿאַלען אין חלשות, און איז קראַנק
געוואָרען. נאָך איינציגע חדשים איז דער רב געזונד געוואָ־
רען און ער האָט דערציילט: "ר' ישראל איז מיר באַקאַנט
אַלס געזונטער מענש מיט אַ רויטען פֿול־בלוטיגען
פּנים, אָבער ווען איך האָב אויפֿגעהויבען דעם טלית און
האָב געגעבען אַ קוק אויף זײַן פּנים, האָט ער אויסגעזען
ווי אַ טויטער מענש, די אויגען פֿאַרגלײַזט, און פֿון זיי
זײַנען געפֿלאָסען טרערען ווי אַן אַבשטעל. זײַן גוף איז
געשטאַנען ווי ער וואָלט געווען געגאָסען און האָט זיך ניט
אַ ריר געטאָן. אָט דערפֿאַר האָב איך זיך אַזוי דערשראָקען".
זינט דאַמאָלט איז ער געוואָרען אַ חסיד פֿון בעש"ט.

אָט אַזוי האָט ר' ישראל בעל שם טוב מתפלל געווען.

# נאך ווערטער זיינע וועגען תפילה

בנוגע תפילה האט דער בעש"ט נאך געזאגט פאל-גענדעס:

"דער ריכטיגער דאוונער איז דער וועלכער ענטדעקט די שכינה אין זיינע תפילות. ער האנדעלט ווי א שליח פון דער שכינה, וואס פארוואנדעלט מחשבות אין ווער-טער".

"אמת'ע תפילה איז די, אין וועלכער דער מתפלל זעט א נס אין דעם, וואס זיין נשמה איז אים ניט ארויס, בעת ער איז געווען באהעפטעט מיט זיין שעפער".

"האב צוטרויען צו גאט'ס חסדים און זיין גוטסקייט וועט דיך ארומרינגלען. האב מורא פאר גאט'ס משפט און זיין חסד וועט זיין ארום דיר. דו וועסט אויסגעפינען, אז וואס דיין געדאנק נעמט אן האלטסטו זיך פעסט דערין, דו וואקעלסט זיך ניט. דיען גאט מיט ליבע און מיט פו-לען צוטרויען און דו וועסט באקומען זיינע חסדים".

* * *

"מיר זאלען זוכען מתפלל צו זיין און זינגען שבחים צו גאט אויף א שטילען אופן, אבער מיט דער גאנצער קראפט, וואס איז אין אונז. דאס איז אויך נוגע לערנען. יעדער רוף צו גאט פון א הארץ וואס איז מיט אים פאר-אייניגט זאל זיין אין דער שטיל, ווייל עס שטייט: "צעק לבם אל ה' " (זייער הארץ האט גערופען צו גאט.—איכה ב' י"ח).

* * *

"ווען א מענש איז מתפלל פאר מאטעריעלע נוצען איז זיין בעטען ארויסגעווארפען. עס ווערט געשאפען א מאטעריעלער פארהאנג צווישען דעם דאזיגען מענשען און גאט, ווייל ער האט געזוכט אריינצובריינגען א מא-טעריעלען ענין אין דעם געביט פון גייסט. ער באקומט דערפאר ניט קיין ענטפער".

דער בעל שם טוב האָט אויך געזאָגט:

„לאַך ניט פון די באַוועגונגען פון אַ מענשען, פון זיין שאָקלען זיך, ווען ער איז מתפלל מיט עקסטאַז. ער מאַכט די באַוועגונגען כדי זיך צו רעטען פון די מחשבות זרות, וועלכע דרינגען אַריין אין זיין מוח און דראָען צו פאַרפלייצען זיינע תפילות. וואָלט איר דען געלאַכט פון אַ מענשען וועלכער וואָלט געמאַכט באַוועגונגען אין וואַסער, כדי זיך צו רעטען פון דערטרינקען ווערען?"

## פאַר וואס זיינען די פרומע אָרים?

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם בעל שם טוב, פאַר וואָס זיינען די פרומע אָרימער ווי די ניט פרומע? אַלס ענטפער האָט ער געזאָגט אַ משל:

„אַ מלך האָט געוואָלט באַפרידיגען זיינע געטריינע הויפלייט, און האָט מיטגעטיילט, אַז מען וועט יעדען פון זיי ערפילען זיינעם אַ וואונש. איינינגע האָבען פאַרלאַנגט עהרע; אַנדערע האָבען פאַרלאַנגט רייכטום; אָבער איינער האָט געזאָגט: „מיין וואונש איז צו רעדען מיט דעם מלך דריי מאָל אין טאָג".

„מיר אָרימע ציען פאָר די פאַרבינדונג מיט גאָט דריי מאָל טעגליך, מיר שטעלען דאָס העכער פון עהרע און רייכטום, און גאָט ערפילט אונזער וואונש".

## 24. כונה

תפילה, ווי מיר האָבען געזעהן, לויט דעם בעל שם טוב, שטייט העכער הויך און איז העכער וויכטיג. זי איז דער וועג צו דבקות, צו דער באַהעפטונג מיט גאָט. אָבער גלאַט תפילה איז לויט זיין לערע ניט גענוג. זי מוז זיין פאַראייניגט מיט נאָך עפּעס — מיט כונה.

אָבער וואָס איז כונה?

כונה איז לויט ר' ישראל בעל שם טוב דער פולער אויסדרוק פון מענשענס נשמה.

די נשמה איז דער עיקר אין מענשען. זי איז פאַרבונדען מיט דער שכינה. זי איז פאָלגליך דער צוזאַמענבונד פון מענשען מיט גאָט.

דער בעל שם טוב האָט געזאָגט, אַז די נשמה איז דאָס לעבעדיגע קלייד וואָס גאָט האָט געגעבען דעם מענשען. דערפאַר טאַקע דאַרף דער מענש זוכען מיט אַלע מעגליכקייטען צו האַלטען ריין זיין נשמה, זי ניט באַפלעקען מיט וועלכער ס'איז זינד, כדי אין באַשטימטען אויגענבליק, ווען ער דאַרף דאָס דאָזיגע קלייד צוריקקערען צו דעם באַשאַפער, זאָל עס זיין אונבאַפלעקט.

ער האָט אויך געזאָגט, אַז „ריינקייט פון האַרצען, לויטערקייט פונ'ם געוויסען, טיפע ליבע צו מענשען און צו אַלע באַשעפעניששען, פאַרהיטען די נשמה פון באַפלעקט צו ווערען".

אויף דעם בעל שם טוב'ס נשמה גופא זאָגט מען אַז זי איז געווען איינע פון די ריינסטע נשמות, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען. זיינע חסידים האָבען געזאָגט:

„די נשמה פון בעל שם טוב איז געווען פון די יעניגע נשמות וועלכע זיינען אַוועקגעפלויגען, בעת אדם הראשון האָט באַגאַנגען די גרעסטע זינד, צו עסען פון עץ הדעת. אין יענעם שלאַנגען-חטא זיינען געווען פאַרמישט אַלע נשמות פון אַלע דורות, אָבער איינציגע פון די דאָזיגע נשמות איז געלונגען אַוועקצופליען, צווישען זיי איז אויך

געווען די נשמה פֿון ר׳ ישראל בעל שם טוב, און זי איז דערפֿאַר געבליבען אונבאַרירט פֿון דער זינד".

לויט דעם בעש"ט׳ס ערקלערונגען איז די נשמה די גרעסטע געהיימניס אין דער וועלט, און זי האָט אַ הויכען ציעל, וואָס ציט זיך פֿון צײַט צו צײַט, פֿון דורות צו דורות. כונה מיינט אויסצודריקען אָט דעם גרויסען ציעל פֿון דער נשמה, בעסער געזאָגט פֿון אַלע הויכע, ריינע אונבאַפֿלעקטע נשמות.

אָבער וואָס איז דער דאָזיגער הויכער ציעל פֿון אַלע הויכע, ריינע נשמות? דאָס איז: צו דערלייזען די וועלט, צו דערגרייכען די דערלייזונג, די גאולה.

"כונה איז די שטראַל פֿון גאָט׳ס פראַכט, וואָס וואוינט אין יעדען מענשענס נשמה און וואָס מיינט: די שטרע- בונג צו דערלייזונג".

דאָס מיינט, אַז כונה איז פֿאַרבונדען מיט דער האָפֿ- נונג און גלויבען אין משיח; און אָט מיט דער האָפֿנונג און גלויבען מוז זײַן דורכגעדרונגען תפילה, כדי זי זאָל זײַן עכט.

אָן צו בעטען פֿאַר דער גאולה און אָן צו אַרבײַטען פֿאַר איר דערגרייכונג האָט קיין זאַך קיין ווערט ניט, ווײַל צו דערלייזונג ציט זיך די גאַנצע וועלט און צו דערלייזונג ציט זיך דעם מענשענס נשמה. תפילות וואָס ווערען גע- זאָגט אָן כונה, און אפילו גוטע מעשים, אַז זיי ווערען גע- טון אָן כונה, קענען זייער ציעל ניט דערגרייכען, ווײַל ס׳פֿעלט אין זיי דער טיפֿער אויסדרוק פֿון דער מענשלי- כער נשמה.

## א ביישפּיל מיט א מלך

וועגען דער וויכטיגקײַט פֿון כונה בכלל האָט דער בעש"ט דערציילט פֿאָלגענדע מעשה׳לע:

"אַ מלך האָט אַמאָל מיטגעטיילט, אַז יעדער אונ- טערטאַנער פֿון זײַן מלוכה קען שיקען צו אים אַ בקשה און זײַן געבורטסטאָג. מענשען האָבען אָנגעהויבען שיקען

בקשית פֿאַר געלד, פּאָזיציע, רעכט, נקמה, אָדער ערע. איינער האָט אָבער געבעטען די פּריוויליעגיע צו קענען סאַי ווען צוקומען צום מלך. דער מלך איז שנעל געוואָרען באַפֿרײַנדעט מיט דעם מענשען און ער האָט אים גע-פֿרעגט וואָס ער זאָל אים שענקען? אַלס פֿאָלגע דערפֿון האָט דער דאָזיגער מאַן באַקומען פֿיל מער טובות, ווי וועלכער ס'איז אַנדערער.

"מיר לערנען, אַז גאָט האָט געזאָגט צו שלמה המלך דאָס דערפֿאַר וואָס ער האָט געבעטען חכמה וועט ער אים אויך געבען רײַכטום און כבוד.

"ווען מיר בעטען גאָט, זאָלען מיר בעטען פֿאַר פֿאַר-שטענדניס און פֿעסטקײַט צו טון זײַן ווילען, דאַן וועלען מיר באַקומען אויך אַנדערע טובות אין אַ אונבאַגרענעצטער פֿאָרם, ווײַל גאָט איז אונבאַגרעניצט".

דער בעל שם טוב האָט נאָך געזאָגט:

"מיר מוזען זיך אָבער היטען פֿון צו זוכען צו זײַן פֿאַלש אין דער כונה: מיר טאָרען ניט ערקלערען אַז מיר זאָגען תפילות און טוען מעשים טובים אויס ליבע צו גאָט, און ניט פֿאַר ערוואַרטעטע באַלוינונג, ווערענד אין האַר-צען האָבען מיר אין זינען, אַז מיר וועלען דורך די תפילות באַקומען עפּעס אַ באַלוינונג.

"ס'איז פֿאַראַן אַ מעשה'לע וועגען דעם:

"אַן אָרימאַן האָט געפֿרעגט זײַן רײַכען ברודער: "פֿאַר וואָס ביזטו רײַך און איך ניט?"

דער אַנדערער האָט געענטפֿערט: "ווײַל איך האָב ניט קיין רוקזיכט געגען טון שלעכטס".

"דער אָרימאַן האָט אויך אָנגעהויבען טון שלעכטס אָן רוקזיכט, אָבער ער איז געבליבען אָרים. ער האָט זיך וועגען דעם ווידער באַקלאָגט צו זײַן רײַכען ברודער און יענער האָט אים געענטפֿערט: "די אורזאַך פֿאַר וואָס דײַנע שלעכטע מעשים האָבען דיך ניט געמאַכט רײַך, איז, ווײַל דו האָסט זיי געטון ניט אויס דער איבערצײַגונג אַז ס'מאַכט ניט אויס צי דו טוסט גוט אָדער שלעכט, נאָר בלויז ווײַל דו האָסט דורך דעם געוואָלט האָבען רײַכטום".

"מיט װיפֿיל מער איז דאָס אָנװענדבאַר אויף צו טון גוטעס מיט ריכטיגע כּונות" — האָט פֿאַרענדיגט דער בעש"ט זײַן מעשה'לע.

## נאָך א ביישפּיל

דער בעל שם טוב האָט אין שייכות צום זעלבען ענין אויך דערציילט פֿאָלגענדע מעשה'לע:

"אַ מלך האָט אַמאָל געלאָזט בויען פֿאַר זיך אַ פּאַלאַץ און האָט עס אַרומגערינגעלט מיט אַ וואַך. פֿילע פֿון דעם פֿאָלק זײַנען געקומען צוטיילען כּבוד דעם קעניג, אָבער ווען זיי האָבען געזען די וואַך זײַנען זיי אַוועקגעגאַנגען. אַנדערע האָבען געגעבען מתּנות די וועכטער און מען האָט זיי ערלויבט אַרײַנצוגיין. אָבער ווען זיי האָבען געזען די אָרנאַמענטען אין די גרויסע זאַלען, זײַנען זיי געוואָרען אַזוי פֿאַרגאַפֿט, אַז זיי האָבען גאָר פֿאַרגעסען, דאָס זיי זײַנען געקומען זען דעם מלך. אָבער נאָך אַנדערע האָבען זיך ניט אָבגעשטעלט, ניט בײַ די וועכטער, ניט בײַ די דעקאָראַציעס, נור זיי זײַנען גלײַך אַרײַנגעגאַנגען זען דעם מלך.

"אַזוי איז מיט מענשען — האָט אויסגעפֿירט דער בעל שם טוב — עס זײַנען דאָ אַזעלכע, וועלכע ווילען זיך פֿאַראייניגען מיט גאָט אָבער זיי ציען זיך צוריק בײַ דער ערשטער הינדערניש. אַנדערע טיילען צדקה און טוען מעשׂים טובים איידער זיי הויבען אָן זאָגען זייערע תּפֿילות, אָבער זיי ווערען צומישט, ווען זיי קומען צו אַ טיפֿערען געדאַנק אין אַ תּפֿילה. עס זײַנען אָבער אויך דאָ אַזעלכע וועלכע קאָנצענטרירען זייערע געדאַנקען פֿון אָנהויב אָן אויף גאָט און אויף משיח גלויבען און זיי לאָזען זיך ניט אַוועקרײַסען פֿון קיין שום ווײַטיגער זאַך".

## אפילו א טעות דארף זיין חשוב אויב די כוונה איז א גוטע

זאָגט אויך דער בעש"ט: — "דער האַר פֿון דער וועלט זעצט ניט אויס געגען אַ מענשען, וועלכער לערענט און פֿאַרשטייט געפֿעלט דאָס וואָס ער לערנט, אויב

יעֶנעֶר שטרעֶבט צו פֿאַרשטיין און האָט ליִב דאָס לעֶר-נעֶן. עֶס איִז ווי אַ פֿאָטעֶר באַציִט זיך צו זיַין באַליִבט קיִנד וועֶלכעֶר בעֶט ביַי איִם עֶפּעֶס און שטאַמעֶלט דעֶרביַי. דעֶר פֿאָטעֶר האָט פֿאַרגעֶניִגעֶן ווען עֶר הערט איִם כאָטש ווי עֶר שטאַמעֶלט".

דאָס הייסט, אַז ניִט בלויז די גוטעֶ טאַט איִז וויִכטיִג, נאָר עֶס מוז אויך זיַין די גוטעֶ כונה. דאָס איִז דעֶר עיקר. און פֿאַרגעֶסט ניִט, אַז דעֶר ציִעֶל פֿון דעֶר כונה איִז צו דעֶרגרייכעֶן די דעֶרלייזונג, די גאולה, די באַפֿריַיאונג פֿון אידיִשעֶן פֿאָלק און פֿון דעֶר מעֶנשהיַיט.

## 25. יעדע פארמע איז אויסדרוק פון כונה איז בארעכטיגט

אַז ר' ישראל בעל שם טוב האָט גֶעהאַלטֶען פֿון די אידישע אײַנריכטונגען, אין דעם קען זיכער קיין שום ספק ניט זײַן. אָבער ער האָט באַזעסען אַ ברייטע הארץ מיט אַ טיפער פֿארשטענדניס, און האָט זיך באצויגען מיט אַ זייער גרויסער טאָלעראַנץ און מיט געפֿיל צו יעדער מין פֿאָרמע פון אויסדרוק פֿון כונה, אויב דאָס איז נאָר געקומען פון דעם מענשענס נשמה. ער האָט געזאָגט:

"מיט יעדער טאַט קען דער מענש אויסדריקען די געשטאַלטונג פון גאָט'ס הערליכקײַט, וואָס שטראַמט אַרויס פון יעדער פֿאַרבאָרגעניש".

## "דורך אַ פייף!"

אין שייכות צו דעם איז פֿאַראַן פֿאָלגענדע מעשה'לע:

"ס'איז געווען אין אַ דאָרף אַן ערליכער איד, וועלכער פלעגט קומען אויף יעדע ימים נוראים דאַווענען מיט דעם בעל שם טוב'ס מנין. ער האָט געהאַט אַן איינציגען אינגעל, וועלכער האָט געהאַט אַ זייער שווערען קאָפּ, און ביז דער עלטער פון דרײַצען יאָר האָבען די מלמדים אים ניט געקענט אויסלערנען דעם אלף בית. צוליב דעם פלעגט דער איד ניט מיטנעמען זײַן זון צום בעל שם טוב אויף ימים נוראים, נור ער פלעגט אים לאָזען אין דאָרף. אַז ער איז אָבער אַלט געוואָרען דרײַצען יאָר האָט דער פֿאָטער אים שוין מיטגענומען, כדי ער זאָל קענען אויף אים אכטונג געבען, אַז ער זאָל פֿאַסטען אין יום כפור.

דער אינגעל האָט געהאַט אַ פֿײַפֿעל, מיט וועלכען ער פלעגט פֿײַפֿען, ווען ער האָט געפאַשעט די בהמות אין פֿעלד. ער האָט אָן זײַן פֿאָטער'ס וויסען מיטגענומען דאָס פֿײַפֿעל, ווען ער איז געפֿאָרען צום בעל שם טוב. יום כפור צו מוסף זאָגט ער צום פֿאָטער, אַז ער וויל אַ פֿײַף טון

מיט׳ן פייפעל. דער פאטער האט איהם אנגעשריעז אז ער זאל עס ניט טון... א ביסעל שפעטער האט דער אינגעל דאס זעלבע געוואלט טון. דער פאטער האט איהם געסטראשעט, אז ער וועט ביי איהם צונעמען דאס פייפעל. דאס זעלבע האט זיך איינינגע מאל ווידערהאלט. צו נעילה האט דער אינגעל זיך ניט מער געקענט איינהאלטען און ער האט געגעבען אין שול פון בעל שם טוב א שטארקען פייף. ס׳איז געווארען א גערודער. דער גאנצער עולם איז געווארען אויפגערעגט דורך דעם אינגעל׳ס פייף: סטייטש אין יום כפור און אין שול פון בעל שם טוב...

ר׳ ישראל בעל שם טוב האט זיי אבער אלע בארו-היגט, און האט זיי געזאגט, אז דער אינגעל מיט זיין פייף האט ארויפגעבראכט זייערע תפילות אין הימעל אריין, אין האט איהם, דעם בעש״ט, איינגעשפארט פיעל ארבייט.

ער האט זיי דאס געגעבען צו פארשטיין אויף פאל-גענדען אופן: ״ווייל דאס אינגעל האט ניט פארשטאנען וואס צו זאגען, איז זיין צער געווען זייער גרויס. ער האט געהערט ווי זיי אלע דאווענען און ער האט דאס ניט גע-קענט טון. זיין הייליגער אידישער פונק האט זיך צופלא-קערט אין זיין הארץ, ווי ער פלאקערט זיך אין יעדען פרומען אידען׳ס הארץ. דער וואס קען דאווענען ברייננט ארויס דעם פלאם אין די הייליגע ווערטער פון די תפילות, אזוי ווי דער אינגעל קען ניט די ווערטער האט ער ארויס-געבראכט דעם פלאם, די כונה, אין דעם פייף.

״גאט פארלאנגט נאר א ריין ערליך הארץ, און דערפאר האט ער אנגענומען דעם פייף פון אינגעל ווי א הייסע תפילה און צוליב דעם זיינען שוין אלע תפילות גלייך ארויף אין הימעל״.

די מעשה׳לע פארענדיגט זיך, דאס אלס באוויז האט דער אינגעל באקומען א גוטען קאפ צו לערנען. ער האט אין גיכען שוין געקענט דאווענען און איז מיט דער צייט געווארען א גרויסער למדן.

# די פרומסטע תפילה

װעגען דעם, אַז כונה איז געװען בײַם בעש"ט דער עיקר און אַז ער האָט געהאַלטען, דאָס תפילה קען זײַן אין סאַי װאָס פאַר אַ פאָרמע, דערציילט מען נאָך פאָל־גענדע מעשה'לע:

דער בעש"ט האָט געהאַט אַ קוטשער, אַ קריסט, אַלעקסעי האָט ער געהייסען. ער פלעגט אַרומפירען דעם גרויסען צדיק מיט זײַנע חסידים װאו ער האָט אים גע־הייסען. אָפט פלעגט דער בעש"ט הייסען אַלעקסעי'ן, דאָס ער זאָל זיך אומקערען מיט דעם פנים צו אים און מיט דער פלייצע צו די פערד, און ער זאָל לאָזען גיין די סוסים, װאוהין זיי װילען און די פערד פלעגען אָנקומען װאו מען האָט באַדאַרפט. עס פלעגט אויך טרעפען, אַז דער בעש"ט פלעגט אַליין איבערנעמען די לייצעס פון אַלעקסעי'ן, און דאַמאָלט פלעגען די פערד ניט בלויז לויפען מיט דער גרעסטער שנעליגקייט, נור זיי פלעגען איינפאַך פליען צו דעם ציעל.

איז עס געװען אַמאָל אין מוצאי יום כפור; בײַם בעש"ט זײַנען געװען פאַרזאַמעלט זײַנע תלמידים און זיי האָבען אָבגעפאַסט. דער בעש"ט איז געװען אין אַ זייער פריילעכער שטימונג. ער האָט געװאוסט, אַז ער האָט אויסגעבעטען אַ גוט יאָר פאַר אידען. פּלוצלינג האָט ער אויסגערופען: "אַלעקסעי זאָל שפאַנען די פערד און גרייט מאַכען דעם װאָגען צום פאָרען". װי דער קוטשער איז נאָר פאַרטיג געװאָרען האָט דער בעש"ט גערופען זײַן באַליבטסטען תלמיד, ר' נחמן קאָסאָװער, האָט זיך מיט אים אויפגעזעצט אויפ'ן װאָגען, און האָט געהייסען אַלעקסעי'ן פאָרען אין אַ דאָרף אַרײַן.

אין דאָרף האָט ער געהייסען צופאָרען צו אַ קרעטש־מע. װען דער קרעטשמער איז צוגעקומען צו די געסט זיי צו געבען שלום, האָט דער בעש"ט אים תיכף געפרעגט: — "װי האָסטו מתפלל געװען אין דעם היילינגען טאָג?"

דער קרעטשמער האָט זיך דערשראָקען, און נאָך אַ װײַלע האָט ער אויסגעשטאַמעלט: — "היילינגער רבי, איז

אײַך שוין ענטפלעקט געװאָרען, אַז איך האָב אין הײליגען טאָג זיך באַלאַסטעט מיט אַ גרויסען חטא?״

דער קרעטשמער האָט אָנגעהויבען װײנען: — ״װעה איז מיר!... אָבער, רבי, גלױבט מיר, איך בין פאַרנאַרט געװאָרען און ס'האָט געקענט זײן נאָר דער שטן װעלכער האָט מיך פאַרנאַרט״.

״דערצײל מיר װאָס ס'איז פאָרגעקומען״ — האָט געזאָגט דער בעש״ט.

האָט דער איד מיט די טרערען אין די אויגען דערצײלט:

״איך האָב נעכטען, ערב יום כפור אין דער פרי, זיך געלאָזט מיט װײב און קינדער אין שטאָט אַרײן, מתפלל צו זײן צװאַמען מיט אַנדערע אידען אין דעם הײליגען טאָג. פלוצלינג האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב פאַרגעסען צו שליסען דעם קעלער, און איך האָב מורא געהאָט, אַז דער גוי'שער װעכטער, װעלכען איך האָב געלאָזען אין הויז, װעט אַרײן אין קעלער און װעט פון װײן מאַכען יין נסך, בין איך אַראָב פון װאָגען, האָב געהײסען װײב און קינדער װײטער פאָרען, איך װעל שוין נאָכקומען... און האָב זיך צוריקגעקערט אַהײם צו פאַרמאַכען דעם קעלער.

״װי איך קום אָן אַהײם קומט צו גײן אַ שליח פון פריץ און פאַרלאַנגט עטליכע פלעשער װײן; אין שלאָס װערט געפײַערט אַ שמחה — אַזױ האָט ער געזאָגט... האָב איך אים געגעבען װאָס ער האָט פאַרלאַנגט. דערװײל זײנען אָנגעקומען אַנדערע קונים. ס'איז נאָך געװען אין מיטען טאָג, און איך האָב געדענקט, אַז איך װעל פאַרטיג װערען אין צײט צו פאָרען אין שטאָט אַרײן. אָבער עס זײנען געקומען קונים נאָך קונים און איך האָב ניט געקענט פון זײ פטור װערען. װען ס'איז שוין מער קײנער ניט געװען אין קרעטשמע און איך בין געגאַנגען פאַרמאַכען דעם קעלער איז צוגעפאַלען די נאַכט און ס'איז געװאָרען פינסטער. מיר איז געװאָרען גאָר פינסטער אין די אויגען. װעה איז מיר! ס'איז שוין שפּעט צו

פֿאָרען אין שטאָט אַרײַן. וואָס טוט מען? — האָב איך אָנגעהויבען צו טראַכטען.

"איך בין אַרײַן אין מײַן צימער מיט דער כוונה צו דאַווגען פֿאַר זיך. אָבער ווען איך האָב געוואָלט נעמען אַ מחזור אָדער כאָטש אַ סידור, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ס'איז ניטאָ אַזאַ זאַך אין שטוב. די ווײַב מיט די קינדער האָבען געהאַט די מחזורים און סידורים אויפ'ן וואָגען; זיי האָבען זיי מיטגענומען אין שטאָט אַרײַן... איז מיר געוואָרען גאָר ביטער אויפ'ן האַרצען; איך האָב זיך שטאַרק צואוויינט פֿאַר גאָט און האָב געזאָגט:

"דיר, רבונו של עולם, איז דאָך באַוואוסט ווי שווער ס'איז מיר אויפ'ן האַרצען, וואָס איך בין ניט אויף יום-כפור אין שטאָט מתפלל צו זײַן צוזאַמען מיט דער קהלה הקדושה. און זע אפילו קיין מחזור האָב איך ניט; אוי אַזוי ווי איך קען ניט די תפילות אויסענווייניג, וועל איך האַלטען אין איין זאָגען די הייליגע אותיות פֿון אלף בית, און שטעל דו אַליין צוזאַמען די תפילות"...

נאָך אַ ווײַלע האָט דער איד אויסגעווישט זײַנע אויגען און האָט געזאָגט: — "איצט פֿרעג איך אײַך, הייליגער רבי, וואָס עפעס אַנדערש האָב איך געקענט טון?"

דער בעל שם טוב האָט געלעגט זײַן האַנד אויף זײַן אַקסעל און האָט געזאָגט: — "זײַט צען יאָר איז נאָך אַזאַ פֿרומע אינגעריכע תפילה ניט אַרויף צום הימעל. גאָט אַליין האָט זיך מיט דײַן תפילה געפֿרייט".

## א ביישפּיל צו א וואפּענלאזען פּירער

דער בעל שם טוב האָט אויך געהייסען, אַז מען זאָל זיך ניט אין גאַנצען פֿאַרלאָזען בלויז אויף דעם רבי'ן. ער האָט ערקלערט דעם פֿאָלגענדען משל:

"אַ העלד האָט פֿאַרשפּראָכען צו פֿאַרטיידיגען זײַן שטאָט און ער האָט געצײַגט די אײַנוואוינער די פֿילע וואַפֿען, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט. דער שונא האָט אים אָבער באַגעגענט אונערוואַרטעט, ווען ער האָט ניט

געהאַט ביי זיך קיינע וואַפען. דער שונא האָט אים גע-פאַנגען און די אונבאַשיצטע שטאָט איז געפאַלען.

„איך דעם זעלבען אופן פאַרשפּרעכט דער רבי צו באַשיצען זיינע אידען געגען עברות. אָבער אויב דער שטן כאַפּט דעם רבי׳ן אַליין, דאַן פאַלען אַלע אַרײַן אין גלין. יעדער איינער דאַרף לערנען דעם חוב, וואָס ער האָט, זיך צו באַשיצען געגען עברות, אַזוי, אַז ווען עס זאָל אפילו טרעפען דאָס דער פירער זאָל פאַרכאַפּט ווע-רען אָן וואַפען, זאָל יעדער אַליין וויסען ווי זיך צו היטען און צו באַשיצען"...

דער דאָזיגער משל און נמשל פון בעל שם טוב קען אנגעווענדעט ווערען צו פילע ענינים: מענשען דאַרפען האָבען פירער איך אַלע געביטען, אָבער זיי דאַרפען ניט זיין בלויז סטאַדעס. יעדער מענש דאַרף דערהויבען זיין איינענע פערזענליכקייט, אַז ער אַליין זאָל אויך קענען האַנדלען, זיך פאַרטיידיגען און ווען נויטיג פירען.

## 26. התלהבות, שמחה

דבקות, תפילה, כונה, זײַנען עיקרים אין דער לערע פון בעל שם טוב, אָבער זײ זײַנען ניט די איינציגע. עס זײַנען נאָך דאָ הויפּט עלעמענטען אין זײַן לערע, צווישען זײ: התלהבות, באַגײַסטערונג, אינערליכער ברען, און שמחה, פרייד, צופרידענקײַט.

ר׳ ישראל בעל שם טוב האָט געלערענט, אַז אין עבודת הבורא און בכלל אין לעבען מוז מען פאַרטרײַבען עצבות, מען מוז זיך דערווײַטערען פון טרויעריגקײַט, פון אומעטיגע שטימונגען, און דאָס מוז דערגרייכט ווערען דורך התלהבות, דורך באַגײַסטערונג און אינערליכען ברען אין די תפילות און אין אַלץ וואָס מען טוט, און דורך שמחה, פשוט און אײַנפאַך זײַן פריילין, און זיך פריילין מאַכען. דאָס וואָס מאָדערנע פסיכאָלאָגען לערנען אָרימע און קראַנקע צו האַלטען אין איין זאָגען צו זיך: „איך פיל זיך בעסער און בעסער", אָט דאָס איז שוין לאַנג געלערענט געוואָרען פון בעש"ט אויף זײַן אייגענעם שטייגער.

התלהבות, ערקלערט ר׳ ישראל, איז וויכטיג, ווײַל אָן דעם האָט קיין זאַך קיין טעם ניט. ער האָט אונגעפּער געזאָגט: „ווען אַ מענש היט אָב גאָט׳ס תורה און ער טוט אַלע מצוות, אָבער ער טוט דאָס אָן התלהבות, אָן באַגײַסטערונג, דאַן ווען ער שטאַרבט גייט ער אַרײַן אין גן עדן, אָבער אַזוי ווי ער איז ניט געווען געניט באַגײַסטערט אין לערנען און אין טון מצוות איז ער אויך אין גן עדן ניט באַגײַסטערט".

דאָס הייסט, אַז ער איז אין גן עדן און ער פילט ניט דעם טעם גן עדן.

טרויער און דאגות, אומעטיגקײַט און פאַרזאָרגט-קײַט, ברייגנען דעם מענשען צו „קטנות דמוחין", צו קליינקייט אין גײַסט, צו אַ האַרץ פאַרשטאָפּונג, ווערענדיג צו דער דינסט פאַר גאָט דאַרף מען האָבען „גדלות דמוחין", געהויבענקײַט אין האַרצען, אויפגעוועקטקײַט פון גײַסט, פרייד און האָפנונג.

עֶס איז ווִיכטיִג צו בּאַמערקען, אַז אין דער תורה ווערט אָפּט געֶרעֶדט פון פרייד. עֶס ווערען אויך געבּרויכט אין העברעאיש פּילע אויסדריקע וועגען פרייד: "שמחה", "ששון", "חדוה", "גיל", "רינה". דאָס בּאַווייזט וואָס פאַר אַ גרויסע בּאַדייטונג פרייד האָט שטענדיג געהאַט בּיי אידען; און גראָד ווייל ס'איז געווען אַ זייער שווערע צייט פאַר אידען, האָט דער בעש"ט זיי געלערענט ווי ווִיכטיג ס'איז פאַר זיי צו זיין בּאַגייסטערט און פריילִיך, איבּערהויפּט אין זייער דינסט צו גאָט.

זיינער אַ נאָכפאָלגער, אַ צדיק, האָט ערקלערט: "עֶס שטייט אין דברים כ"ח מ"ז: "תחת אשר לא עבדת את ה׳ אלהיך בשמחה ובטוב לבב מרב כל" (ווייל דו האָסט ניט געדינט דעם האַר דיין גאָט מיט פרייד און מיט אַ גוט האַרץ, ווען דו האָסט געהאַט פיעל פון אַלץ). אָט דער דאָזיגער פּסוק קומט באַלד נאָך דער תוכחה, און עֶס צייגט, אַז ווייל מען דינט ניט גאָט מיט פרייד קומט די תוכחה"... אָט די דאָזיגע ערקלערונג איז געבּויט אויף דער לערע פון בעל שם טוב. ער האָט געהאַלטען, אַז מען מוז זיין בּאַגייסטערט און פריילִיך כדי פּטור צו ווערען פון די צרות. עצבות, אומעטיגקייט פאַרגרעסערען די צרות, זיי גראָבען אונטער דעם גלויבען און די האָפ-נונג, זיי שטערען אין טון ריכטיג די עבודת הבורא, און דאָס קען ח"ו מאַכען פאַרלירען די וועלט און יענע וועלט.

דער בעל שם טוב האָט געלערענט, אַז דער מענש דאַרף זיך דערהויבען צו דעם בּאַגריף, אַז ס'איז אויף דער וועלט גאָר קיין שלעכטס ניטאָ, אַז "דאָס שלעכטע איז בּלויז די אונטערשטע מדרגה פון גוטען", דאָס הייסט, אַז דורך דעם שלעכטען גרייכט מען צום גוטען, און פאָלגליך דאַרף מען זיך ניט שרעקען און זיין ניט ערגערען אפילו פון דעם ערגסטען.

אויף דער פראַגע: דאָס אויב די שכינה נעמט אַרום די גאַנצע וועלט מיט אַלע בּאַשעפעניִשען, די גוטע און די שלעכטע, ווי קען דאָס געמאָלט זיין, דאָס מיינט דאָך, אַז עֶס ווערען פאַראייניגט אין איין סוביעקט צוויי היפוכים?... אָט אויף דער פראַגע האָט דער בעש"ט גע-

ענטפערט, אַז אַזוי איז עס. ער האָט געזאָגט: "אין אמת'ן איז דאָס שלעכטע אַ טרעפ צום גוטען. למשל, ווען אַ צדיק זעט די מעשים פון די רשעים האָט ער הנאה. מעשים פון רשעים זײַנען שלעכט, זײַן הנאה איז גוט, ווײַל ער פרייט זיך דאַמאָלט דערמיט וואָס ער איז אַ צדיק"... אָט אויף אַזאַ אופן צײַגט דער בעש"ט ווי שלעכט און גוט קענען זײַן פאַראייניגט אין איין זאַך און ווי דאָס שלעכטע קען אַרויסרופען גוטעס.

אָט דערפאַר האָט ער געלערענט, אַז "דער מענש דאַרף זײַן שטענדיג אין שמחה, און ער זאָל גלויבען באמונה שלימה". זײַן הויפּט לערע איז געווען, אַז "דער בורא קען טון וואָס ער וויל, ער קען חרוב מאַכען אַלע וועלטען אין איין רגע, און זיי צוריק באַשאַפען אין איין רגע. אין אים (אין גאָט) זײַנען אײַנגעקערפערט אַלע גוטסקײַטען און אַלע צרות, ווײַל אין יעדער זאַך איז פאַראַן זײַן ברכה און זײַן לעבען".

"איך פאַרלאָז זיך נאָר אויף גאָט און האָב מורא נאָר פאַר השם יתברך" — איז געווען זײַן אויספירונג.

## א כאראקטעריסטישער משל בנוגע ר' עקיבא

כדי צו צײַגען, אַז אפילו הינטער דעם שרעקליכסטען קען עקזיסטירען אַ העכער גוטער ציעל פון דער השגחה, האָט ער געבראַכט פאָלגענדען בײַשפיל:

"עס ווערט דערציילט אין תלמוד, אַז ווען משה רבינו איז אַרויף אויפ'ן הימעל צו באַקומען די תורה, האָט ער געפונען דעם רבונו של עולם פאַרנומען אין מאַכען באַצירונגען צו די אותיות פון דער תורה. מען האָט דערבײַ ערקלערט משה'ן, אַז רבי עקיבא וועט אויס-געפינען דעם מיין פון יעדער צירונג.

"משה האָט דערויף געזאָגט: — "איך זע זײַן וויסען, קען איך אויך האָבען די מעגליכקײַט צו זען זײַן שכר?" האָט מען אים געצײַגט, ווי רבי עקיבא ווערט שרעקליך געפײַניגט פון די רוימער. און ער ווערט איינער פון די

עשרה הרוגי מלכות... משה האָט געפרעגט: „איז דאָס דער שכר פאַר דער תורה?" האָט גאָט אים געענטפערט: „זיי שטיל; אַזוי איז מיר איינגעפאַלען".

„דער נמשל דערפון איז אַזוי: אַ צדיק׳ס נשמה גייט ניט גלייך צו די העכסטע היכל׳ן פון גן עדן. צוערשט וואוינט ער אין נידעריגערען גן עדן, וואו ער איז נאָך ניט אין פאָלקאָמענע גליקזעליגקייט; נאָכדעם גייט ער איבער ממדרגה למדרגה אַלץ צו העכערע און העכערע היכל׳ן. אויב ער האָט געלאָזט אַ זון אָדער אַ טאָכטער אָדער אַ סומע געלד פאַר צדקה און מען דערמאָנט אים דורך קדיש אָדער דורך צדקה ביי זיין יאָרצייט, דאַן דינט דאָס צו העלפען דעם צדיק צו שטייגען אַלץ העכער אין גן עדן.

„אָבער ר׳ עקיבא איז געווען אַזאַ פאָלקאָמענער צדיק און האָט געאַרבייט אַזוי פרוכטבאַר אין לערנען און פאַרשפרייטען די לערען פון דער תורה הקדושה, אַז גאָט האָט געוואָלט דאָס ער זאָל אַריינקומען גלייך אין העכ-סטען קרייז פון גן עדן, און דערפאַר האָט ער אים געלאָזט אָבקומען פאַר אַלץ אויף דער וועלט, כדי זיין נשמה זאָל גלייך אַריין אין העכסטען היכל אָן וועלכען ס׳איז אָב-האַלט".

## די וויכטיגקייט פון פרייד

דער בעל שם טוב האָט אויך געזאָגט:

„אַ קינד ווערט געבוירען דורך פרייד און פאַרגעני-גען. אויף דעם זעלבען אופן אויב איינער וויל אַז זיינע תפילות זאָלען ברייגנען פרוכטען מוז ער זיי זאָגען מיט פאַרגעניגען און פרייד".

כדי צו פאַרמיידען, אַז מען זאָל ניט אַריינ-פאַלען אין עצבות איז ער אויך געווען געגען פייניגען דעם קערפער. אין אַ בריעף צום פולנואר רב האָט דער בעש"ט געשריבען: „איך האָב דער-האַלטען אייער בריעף געשריבען פון אייער ניט באַפלעק-טער האַנד, און איך האָב געזען פון די ערשטע שורות, אַז אייער הערשאַפט גלויבט אַז פייניגען זיך איז נויטיג.

דאָס האָט מיך אויפֿגעציטערט אין דער טיפֿקײט פֿון מײַן נשמה. דורך דעם ווילען פֿון גאָט און זײַן שכינה באַפֿעל איך אײַך אויפֿצוגעבען אַזאַ געפֿערליכע האַנדלונג, וואָס איז בלויז דער רעזולטאַט פֿון יאוש און פֿאַרצווייפֿלונג. די גלאָריע פֿון גאָט רוט ניט דאָרט, וואו ס'הערשט אבלות, נאָר בלויז דאָרט וואו עס הערשט פֿרייד מיט זײַנע געבאָטען. ווײַל ס'איז בפירוש אָנגעזאָגט: "ומבשרך לא תתהלם" (פֿון דײַן פֿלייש זאָלסטו זיך ניט באַהאַלטען).— דאָס איז אַ וואָרט פֿון ישעיה, וואָס ווערט אויך געזאָגט אין יום כפור, און עס מיינט, אַז דו זאָלסט ניט האַנדלען געגען די פֿאָדערונגען, אָדער בעסער געזאָגט רעגעלען פֿון דײַן קערפּער.

דער בעל שם טוב האָט אויך געוואָרענט, אַז מען זאָל זיך ניט אײַנרעדען אַז מען איז זינדיג, און אַז מען האָט געטון עפּעס אַן עבירה. ער האָט געזאָגט:

"אָפֿטמאָל טרעפֿט, אַז דער יצר הרע פֿאַרפֿירט דעם מענשען און ער רעדט אים אײַן, אַז ער האָט געטון אַ גרויסע עבירה, כאָטש ס'קען זיך האַנדלען בלויז אין אַ חומרא, וואָס איז גאָר קיין עבירה ניט. דער יצר הרע איז דערמיט אויסען, אַז דער מענש זאָל זײַן פֿאַרטרויערט און אַז דורך זײַן עצבות זאָל ער געהינדערט ווערען פֿון עבודת הבורא. דער מענש דאַרף פֿאַרשטיין די דאָזיגע אָבנאַרע-רײַ, און צוריקווײַזען דעם יצר הרע, אים זאָגען, אַז ער פֿאַרשטייט זײַן שפּיצעל אים צו הינדערען צו דינען גאָט, אָבער ער וועט אים דינען מיט שמחה, ווײַל ער איז ניט אויסען זײַן באַדערפֿניש, נאָר ער וויל אָנטון נחת צו השם יתברך".

דער בעל שם טוב איז געווען פֿאַר פֿרייד און פֿאַר-געניגען, אָבער ער האָט געמיינט גײַסטיגע פֿרייד און פֿאַרגעניגען. ער האָט געזאָגט:

"וואָס פֿאַר אַ באַדײַטונג האָט עס, אַז דו האָסט ניט געזינדיגט, ווען דער קוואַל פֿון זינד איז אין דײַן האַר-צען? דו האָסט אפשר ניט געזינדיגט, ווײַל דו ביזט ניט געווען געוואָרען פֿון באַדינגונגען און געלעגענהײַטען, אָדער ווײַל דו ביזט געווען געשטערט דורך שאַנדע.

וויַיסטו אַז כעס איז עבודה זרה? וויַיסטו אַז שטאָלץ איז אויך זיין עבודה זרה? וויַיסטו אַז שלעכטע געדאַנקען זיַי-נען ערגער ווי שלעכטע טאַטען, וויַיל געדאַנקען ריפען אַרויס מעשים? די בזוטי אויפ׳ן ריכטיגען וועג נאָר דאַן ווען דו פילסט די גרעסטע פרייד ווען דו טוליעסט זיך צו גאָט און דו זוכסט ניט קיין מאַטעריעלע פאַרגעניגענס״.

דער בעל שם טוב פלעגט זיך אָפט משמח זיין; באַ-זונדערס פלעגט ער זיין גאָר שטאַרק פריילין אין שמחת תורה, ווען ער פלעגט טאַנצען מיט באַזונדערער פרייד מיט דער תורה. עס ווערט דערציילט וועגען דעם אַ אינ-טערעסאַנט מעשה׳לע:

אין אַ שמחת תורה אָבענד האָט געטאַנצט דער בעל שם מיט זיַינע חסידים ביַי די הקפות. צוערשט האָט ער גענומען אַ ספר תורה און האָט דערמיט געטאַנצט. נאָך דעם האָט ער אַרויסגעגעבען די ספר תורה פון דער האַנד צו אַ חסיד און האָט וויַיטער געטאַנצט. איינער פון זיַינע תלמידים האָט דערביַי באַמערקט צו אַ חבר: ״אונזער רבי האָט די תורה שבכתב אַרויסגעגעבען פון דער האַנד, און ער טאַנצט וויַיטער מיט דער תורה שבעל פה״.

## 27. דריי מאָל געלאַכט

אין שבחי צו דער באַרימטינג וואָס דער בעל שם
טוב האָט געגעבן צו שמחה, פֿרייד, ווערט דערציילט אַ
ווייטער שיינע מעשה; איינע פֿין די מערקווירדיגסטע פּערל
צווישן די בעל שם טוב מעשיות.

זי ווערט דערציילט אין צוויי נוסחאות:

איין נוסח איז אַ איינפֿאַכער. עס ווערט איבערגעגע־
בען, ווי דער בעש"ט האָט געפֿירט זיינע תלמידים דאָס
זיי זאָלן זען ווי אַ ייד מיט זיין פֿרוי זיינען זיך משמח
מיט דעם היילינען שבת. צוליעב וועלכער שמחה האָט ער
זיי געבענטשט אַז פֿון זיי, וועלכע זיינען ביז דאַמאָלס גע־
ווען קינדערלאָז, זאָל אַרויסקומען אַ צדיק, און אַזוי איז
עס געשען.

דער צווייטער נוסח איז אָבער אַ פֿאַרוויקעלטער. ער
נים איבער, אַז די שמחה פֿין דעם פּאָר פֿאָלק איז נים
געווען בלויז מיט שבת, נאָר אייך מיט דעם, וואָס זיי האָ־
בען געקענט מאַכן שבת און זיך מיט אים צו פֿרייען און
נים דאַרפֿן אָנקומען צו מענשען.

דאָס הייסט, אַז אין צווייטן נוסח איז אייך פֿאַראַן
אַ מאָראַלער מאָמענט, און דאָס מאַכט די מעשה נאָך מער
אינטערעסאַנט. איך גיב איבער די מעשה אין דעם צוויי־
טען נוסח מיט'ן מאָראַלען מאָמענט:

אין אַ פֿרייטאָג צו נאַכטס, בעת דער בעל שם טוב
איז געזעסן מיט זיינע תלמידים ביים טיש, און זיי האָ־
בען נאָך'ן קידוש געטרונקען פֿון קידוש, איז ר' ישראל'ס
פּנים פּלוצלינג געוואָרן זייער באַלעכט, שטראַלענד פֿון
שמחה. ס'האָט זיך דערקענט, אַז עפּעס אַ גרויסע פֿרייד
האָט אים אַרומגענומען. ס'האָט נים גענומען אַ ווײַלע און
דער בעל שם טוב האָט זיך האַרציג צולאַכט. די תלמידים
האָבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן פֿאַרוואונ־
דערט, אָבער קיינער האָט נים געוואַגט צו פֿרעגן פֿאַר־
וואָס ער לאַכט. דער בעל שם טוב האָט אָבגעלאַכט און
מען האָט ווידער אָנגעהויבן רעדען פֿון היילינע זאַכען.

אָבער ר׳ ישראל ווערט ווידער שטאַרק פריילאך און צולאַכט זיך ווידער. איז דעם עולם געוואָרען נאָך מער קשה. וואָס זאָל דאָס באַדייטען? אָבער קיינער וואַגט ניט צו פרעגען. דער בעל שם טוב לאַכט אָב צום צווייטען מאָל. און מען רעדט שוין ווייטער; מען זינגט זאָגאַר זמירות. נאָר פּלוצלינג צולאַכט זיך ר׳ ישראל צום דריטען מאָל גאַנץ שטאַרק, פיעל שטאַרקער ווי פריער.

אַ גאַנצען שבת האָבען די תלמידים ניט געוואַגט צו פרעגען עפּעס וועגען דער סבה פון דעם בעל שם טוב׳ס לאַכען. אָבער אַז ס׳איז געקומען מוצאי שבת האָבען זיי געבעטען ר׳ וואָלף קיצעס וועלכער איז געשטאַנען גאָר נאָענט צום בעל שם, אַז ער זאָל ביי אים פרעגען וואָס ס׳איז געשען.

ר׳ וואָלף איז אַריינגעגאַנגען אין חדר מיוחד פון גרויסען צדיק און אים איבערגעגעבען דעם וואונש פון די תלמידים, אַז זיי ווילען ווימען פאַר וואָס ער האָט דריי מאָל געלאַכט.

„גוט! — האָט געזאָגט ר׳ ישראל — הייס אָלעקסי׳ן שפּאַנען די פערד און מיר וועלען פאָרען, און איך וועל זיי דאָס ווייזען".

מען האָט געשפּאַנט די פערד און עס זיינען געפאָ־רען דער בעל שם טוב און זיינע תלמידים. דער וואָגען איז געפאָרען דורך דער פינסטערניש פון דער נאַכט, און אַלע האָבען געשוויגען. די נייגעריגקייט און די שפּאַנונג איז געווען זייער גרוים.

ערשט זונטאָג אין דער פרי זיינען זיי אָנגעקומען אין אַ שטאָט און דער וואָגען האָט זיך אָבגעשטעלט ביי אַן אכסניה. דער בעל שם און זיינע תלמידים זיינען אַריין אינעווענינג. דער בעל אכסניה האָט זיי אָבגעגעבען די גרעסטע זאַל וואָס ער האָט געהאַט.

מען האָט גלייך ערפאַרען אין שטאָט אַז דער בעל שם איז געקומען. די אכסניה איז באַלאַגערט געוואָרען. עס זיינען געקומען די רייכסטע פירער פון דער שטאָט, די ראשי הקהל, מקבל פנים צו זיין דעם בעל שם טוב, אָבער ער האָט ניט געוואָלט קיינעם איינפּנעמען. ער האָט

נאָר געהייסען דעם בעל אכסניה, אַז ער זאָל צו איִם רו-פען ר' שבתי'ן דעם בוכבינדער.

דער בעל אכסניה פאַרשטייט ניִט:— "וואָס דאַרפט איִר האָבען ר' שבתי'ן, דעם קבצן, דעם בטלן? עס ווילען דאָך זען דעם רבי'ן די גבירים אדירים פון דער שטאָט".

אָבער דער בעל שם טוב ווידערהאָלט, אַז ער וויל נאָר זען ר' שבתי'ן... ברייננט מען שוין דעם ר' שבתי דעם בוכבינדער, אַן עלטערען איד, אַן אָרימען, אַן אויס-געדאַרטען.

ווען דער בעל שם טוב דערזעט איִם, פרעגט ער: "און וואו איז דיין ווייב? זאָל דיין ווייב אויך קומען". לויפט מען שוין, און מען ברייננט די ווייב.

שטייען זיי ביידע, מאַן און ווייב, פאַר דעם בעל שם טוב, אַרום וועלכען עס זיצען זיינע תלמידים און גאַפען און וואונדערען זיך וואָס וועט דאָ געשען.

זאָגט דער בעל שם טוב צו ר' שבתי'ן:

"איצט דערצייל מיר, וואָס האָט איר געטהון אין דער נאַכט אויף שבת, אָבער דערצייל מיר אַלץ, דו זאָלסט זיך ניִט שעמען".

האָט דער אָרימער ר' שבתי אַ ציטערענדיגער גע-זאָגט:— "רבי, האָב איך זיך פאַרזינדיגט, בעט איך איַך, גיִט מיר עפּעס אַ וועג צו טהון תשובה".

"דערצייל וואָס איך הייס דיר, און שעם זיך ניִט" — באַפעלט ר' ישראל.

האָט שוין ר' שבתי אָנגעהויבען צו דערציילען:

"איך אַרבייט תמיד אַ גאַנצע וואָך, צו קענען פאַר-זאָרגען מיין ווייב מיט געלד, גרייט צו מאַכען אויף שבת. שטענדיג גיב איך איר דאָנערשטאָג אין דער פרי די געלד, אַז זי זאָל האָבען ציִיט איינצוקויפען און גרייט צו מאַכען.

"פאַריגע וואָך האָב איך ניִט געהאַט קיין שטאָך אַ-בייט. ס'איז שוין מיטוואָך, און ס'איז ניִטאָ קיין פרוטה. ס'איז שוין דאַנערשטאָג און איך האָב ניִט צו געבען דער ווייב אויף שבת. ס'איז ניִטאַ קיין געלד, ניִט אויף חלה, ניִט אויף פלייש און וויין, אין אפילו ניִט אויף ליכט, אויף ליכט צו בענשען... ס'קומט איינפאַך אויס צו גיין חס

ושלום צו שכנים... מײַן װײַב און איך זאָרגען שטאַרק, אָבער מיר מאַכען אָב ניט צו בעטען בײַ קיינעם, גאָט אַליין מוז העלפען...

"עס גייט אַװעק דער טאָג פון דאָנערשטאָג, ס'איז אַלץ ניטאָ קיין פרוטה; און אַזוי איז אָנגעקומען דער ערב שבת, און ס'זאָל זײַן מיט װאָס שבת צו מאַכען. דער באַ־שלום ניט אָנצוקומען צו אַ פרעמדען איז בײַ אונז אַלץ געבליבען פעסט. האָבען מיר אָבגעמאַכט, אַז איך װעל אַװעקגיין אין בית המדרש, װאָס װעל איך דען טון אין דער היים? איך װעל בעסער דאָרט לערנען, און בלײַבען ביז שפעט נאָכ'ן דאַװנען. איך האָב געהייסען מײַן װײַב, אַז זי זאָל גיין פרי שלאָפען, נאָך איידער מען דאַרף ליכט בענשען, און אַזוי װעט זי אױסקומען אָן די ליכט. אַז די שטוב װעט זײַן די גאַנצע צײַט אין דער פינסטער, װעט קיינער ניט װיסען װאָס ס'קומט פאָר. מען װעט מיינען, אַז מיר זײַנען ערגעץ געגאַנגען אויף שבת... שפעט בײַנאַכט װעל איך אַהיים קומען און אויך גיין גלײַך שלאָפען. אָט אַזוי האָבען מיר אָבגעמאַכט, און איך בין אַװעק אין בית המדרש.

"עס איז אַװעקגעגאַנגען דער גאַנצער טאָג. איך האָב געלערענט און געלערענט. נאָכדעם האָב איך געדאַװענט מנחה, מקבל שבת געװען, און געדאַװענט צוזאַמען מיט דעם עולם מעריב. דער עולם איז זיך צוגאַנגען, און איך בין געבליבען איינער אַליין אין שוהל. העט שפעט, װען איך האָב געװאוסט, אַז אַלע מוזען שוין זײַן אין זייערע בעטען, בין איך אויך אַהיים געגאַנגען. װען איך האָב זיך דערנענטערט צו מײַן הויז האָב איך געזען, אַז ליכט ברענען. עס האָבען געמוזט זײַן גרויסע ליכט; זיי האָבען לאַנג אָנגעהאַלטען... שרעקט זיך מיר דאָס האַרץ, אפשר האָט די װײַב ניט געהאַלטען דעם באַשלוס אונזערען, און איז געגאַנגען צו אַ שכן זיך באַקלאָגען. דאָס האַרץ האָט מיר אַזוי געפלאַטערט, אַז איך האָב זיך געװאָלט צוריק־קערען אין בית המדרש אַרײַן און דאָרט נעכטיגען, נייר איך האָב ניט געװאָלט מײַן װײַב איבערשרעקען, בין איך אַרײַן אין שטוב אַרײַן. אין שטוב איז געװען ריין אויפ־

גערויכט, ווייער צינכטיג. ס'פֿינקעלט און יאָרען ווינקעלעך.
דער טיש איז געגרייט. ס'איז אָנגעגרייט ווײַן אויף קידוש,
חלה ליגט צוגעדעקט. עס שמעקען פֿיש טעם גן עדן. און
די ווײַב ענטפֿערט מיר ווייער וואָרים אין הויך אויף מײַן
שטילען "גוט שבת".

"איך וואָג נישט עפּעס צו פֿרעגען, ס'איז דאָך שבת,
איך וויל דעם שבת נישט פֿאַרשטערען, און מאַך קידוש.
איך וואַש די הענד און מאַך אַ מוציא. די ווײַב דערלאַנגט
די פֿיש, טייערע געראָטענע פֿיש, ס'איז אַ מחיה... אָבגע-
געסען די פֿיש כאַפּ איך די ווײַב און גיי מיט איר אַ טענ-
צעל...

"גיט זי נאָך דעם די יויך. ס'איז ווייער באַ'טעמ'ט,
ס'איז גוט. ס'פֿאָלגט נאָך פֿלייש, און צימעס. איך זינג
זמירות, ס'איז וואויל, ס'איז טאַקע שבת'דיג... כאַפּ איך
ווידער מײַן ווײַב און גיי מיט איר אַ טענצעל; האָבען מיר
שוין געטאַנצט דאָס צווייטע מאָל... מיר זײַנען פֿריילאַך,
ס'איז מיר שוין גיט, אָבער דאָך ברען איך פֿון נײַגעריג-
קייט צו וויסען פֿון וואַנען האָט זי גענומען אויף שבת.
האָב איך אָבגעבענטש און דערנאָך געזאָגט צו דער ווײַב:
"זאָג מיר ווי איז דאָס געשען?" דערציילט זי: "אַז איך
בין געבליבען אַליין נאָך דײַן אַוועקגיין אין בית המדרש,
האָב איך נישט געהאַט וואָס צו טין; ס'איז דאָך נישט געווען
מיט וואָס צו מאַכען שבת; האָב איך גענומען ריין מאַכען
אין שטוב, און אַזוי ווי צײַט איז געווען גענוג, האָב איך
אַרויסגעלענגט די קליידער זיך אויסלופֿטערען. און קליי-
דער-שאַפֿע האָב איך געפֿונען אין אַלטען מאַנטעל אַ פֿאַר-
לענטען, און ער האָט געהאַט קנעפּ, וואָס האָבען אַ ביסעל
געבלישטשעט. איז מיר אײַנגעפֿאַלען אַ געדאַנק צו טראָ-
גען דעם מאַנטעל צום װײַנער-מאַכער, אפשר האָבען די
קנעפּ פֿאַר אים עפּעס אַ ווערט, און ער וועט געבען פֿאַר
זיי אַ פּאָר גראָשען, אַז איך זאָל קאָנען האָבען אויף ליכט
צו בענטשען... ווען דער ווינגער-מאַכער האָט דערזען די
קנעפּ האָט ער געזאָגט, אַז זיי זײַנען זילבערנע און ער
האָט מיר פֿאַר זיי געגעבען געלד, אַז איך האָב געהאַט
גענוג אַז אויף ליכט, אַז אויף ווײַן, אַז אויף חלה, אַז אויף

דגים, אַז אויף בשר, און אויף אַלין וואָס מען דאַרף צו מאַ־
כען אַ שענעם שבת. ס'איז מיר נאָך געבליבען געלד".

"דערהערענדיג דאָס, אַז גאָט אַליין האָט אונז גע־
האָלפען און מיר האָבען ניט באַדאַרפט אָנקומען צו קיין
מענשענס הילף, האָב איך ווידער געכאַפּט מיין ווייב, און
בין מיט איר ערשט געגאַנגען דאָס ריכטיגע טענצעל...
יאָ, רבי, אויב איך האָב געזינדיגט זאָלט איר פאַר מיר
מתפלל זיין אַז מען זאָל מיר פאַרגעבען... מיין כונה איז
געווען אַ גוטע, לכבוד שבת"...

אַז ר׳ שבתי האָט געענדיגט, האָט דער בעל שם גע־
זאָגט צו זיינע תלמידים: "האָט איהר געהערט?... ווען זיי
האָבען געטאַנצט דאָס ערשטע מאָל האָב איך געזען ווי די
מלאכים אין הימעל האָבען געפּלעסקעט, האָט מיר הנאה
געטון און איך האָב געלאַכט צום ערשטען מאָל... ווען זיי
האָבען געטאַנצט צום צווייטען מאָל האָבען שוין ניט נאָר
די מלאכים געלאַכט, נור די גאַנצע פמליא של מעלה האָט
געפּלעסקעט און זיך געפרייט מיט זיי, האָט מיר נאָך
מער הנאה געטון און איך האָב נאָך שטאַרקער געלאַכט...
און ווען זיי האָבען געטאַנצט צום דריטען מאָל, טאַקע
דאָס ריכטיגע טענצעל מיט דיעם גאַנצען האַרצען. האָבען
שוין ניט נאָר די מלאכים און די פמליא של מעלה גע־
פּלעסקעט נור אויך כביכול אַליין האָט זיך געפרייט מיט
זייער שמחה. אָט דאַמאָלט איז אויך מיין פרייד געוואָרען
גאָר גרויס און איך האָב גאָר שטאַרק געלאַכט צום דרי־
טען מאָל".

— און דיר, ר׳ שבתי, און דיין ווייב ווינש איך—האָט
פאַרענדיגט דער בעל שם טוב — אַז צוליעב אייער שמחה
לכבוד שבת זאָל ביי אייך געבוירען ווערען איצט אויף
דער עלטער אַ זכר, איהר זאָלט איהם אַ נאָמען געבען
ישראל.

פאַרענדיגט זיך די מעשה, אַז ביז דאַמאָלט האָט דאָס
פּאָר פאָלק ניט געהאַט קיין קינדער, נאָר אין נײַן חדשים
אַרום איז ביי זיי געבוירען געוואָרען אַ זכר. האָבען זיי
איהם טאַקע אַ נאָמען געגעבען ישראל, און ווען ער איז
אויפגעוואַקסען איז ער געוואָרען דער באַרימטער קאָזי־
צער רבי, גאָר אַ הייסער נאָכפאָלגער פון בעל שם טוב.

## 28. וועגען תורה לערנען

ר' ישראל בעל שם טוב און זײַן לערע זײַנען שטאַרק באַקעמפט געוואָרען בײַ זײַן לעבען, און ס'איז אַ זייער כאַראַקטעריסטישע זאַך, אַז איינע פון די טענות, וואָס מען האָט דערהויבען געגען אים איז געווען, אַז ער האָט ניט געקענט לערנען. ס'איז באמת אַ רעטזעל: אויב ער האָט ניט געקענט לערנען, ווי האָט ער אַזוי פיעל געוואוסט? ווי האָט ער געקענט געבען אַזעלכע טיפע פאַרטײַטשונגען און ערקלערונגען איבער פסוקים פון תנ"ך און איבער געדאַנקען פון תלמוד און זהר? און ווי האָט ער געקענט גרייכען צו אַזאַ הויכער, אומפאַסענדער און דורכדרינגענדער פאַרשטענדניס פון יודענטום?

איידער איך וועל איבערגעבען דעם בעש"ט'ס אייגענע מיינונגען וועגען תורה לערנען, וועל איך פרובירען צו פאַרענטפערען די פראַגע.

עס זײַנען דאָ צוויי מינים לערנען:

איין אַרט לערנען איז אַזוי צו זאָגען אַ טעכנישער. מען באַקומט אים הויפּטזעכליך אין מאַנכע ישיבות און אוניווערזיטעטען. מען לערענט בלויז דעם דין, דאָס געזעץ, אָדער דעם געגענשטאַנד, און מען לערענט ניט דעם זין פון דעם וואָס מען לערענט... אָט אַזאַ מין לערנען האַלט זיך בלויז אין דער גענויקײַט פון אָנגעשריבענעם וואָרט, אין יעדען אות און אין יעדען פינטעלע, און קיים איז איינער ניט אַקוראַט מדקדק אויף דעם וואָרט, אויפ'ן אות און אויפ'ן פינטעלע, אָדער אויפ'ן אָנגענומענעם אַקצענט, דאַן ערקלערען שוין די אָנהענגער פון דעם מין לערנען, אַז יענער איז אַן עם הארץ, אַז ער קען ניט לערנען. דאָס שטרענגע טעכנישע לערנען איז זיכער נוצליך, אָבער ס'איז שטאַרק אײַנזײַטיג. עס איז אַ מין גײַסטיגע "מאַזשינאָ ליניע". ס'איז אויסגעפלאַנט פון פראָפעסאָרען... ס'זעט אויס מאַסיוו און פעסט, אָבער אין אַן עת צרה בלײַבט עס ליגען ווי בלײַ, ס'רירט זיך ניט פון אָרט, ס'באַוועגט זיך ניט, ס'קען זיך ניט אַדאַפּטירען, און פאָלג-

ליך קען עס ניט ברײנגען ניט קײן רעטונג און ניט קײן טרײסט.

גאנץ אנדערש איז דאס צװײטע מין לערנען, װאס שטעלט זיך ניט אזוי אב אויפ'ן װארט, אויפ'ן אות, אויפ'ן פינטעלע, אויפ'ן אנגענומענעם כלל, נאר זוכט צו פאר־שטײן דעם זין פון דער זאך, און דעם שײכות װאס ער האט צו דאס גאנצע, װאס איז ארום אינו. דער ראזיגער מין לערנען איז אין תוך א פארטיפונג, עס האט אויך שװאונג, עס איז אל־אומפאסענד, עס לאזט זיך אדאפטי־רען; עס קען אונטער אלע אומשטענדען געפינען א פא־סיגען ענטפער, א װירקזאמען װעג, און עס ברײנגט רע־טונג און טרײסט.

די ערשטע מין לערנער זאגען שטענדיג אויף דעם צװײטען מין לערנער, אז זײ קענען ניט לערנען, װײל זײ האלטען זיך ניט בלויז בײ די אנגענומענע אנגאנגען. עס זײנען אבער גראדע די צװײטע מינים לערנער, פון װעל־כע ס'זײנען ארויסגעקומען די גרעסטע דענקער און גע־לערטע, און װעמענס לערען זײנען שפעטער אנגענומען געװארען אפילו פון די, װעלכע איך באצײכען אלס טעכ־נישע לערנער.

אלס כאראקטעריסטישען בײשפיל פון דעם אין דער װעלט װיסענשאפט איז כדאי צו דערמאנען, אז דארװין איז אין דער יוגענד געװען באקאנט אלס זײער א שלעכ־טער שילער, און אלע האבען אים געהאלטען פאר א ניט קענער, און דוקא דער דאזיגער דארװין האט געמאכט די גרעסטע פארשונגען, און אויף זײנע לערען װעגען עװא־לוציע שטיצט זיך די גאנצע מאדערנע װיסענשאפט.

ענליכעס איז געשען מיט ר' ישראל בעל שם טוב. ער איז געװען פון די לערנער מיט שװאונג. ער האט גע־זוכט צו פארשטײן דעם זין פון אלץ, און די טעכנישע לערנער פון זײן צײט, איבערהויפט די רבנים פון די רײ־כערע קהילות, װעלכע האבען געהאלטען בלויז פון דאס אויסערליכע, בלויז פון דאס אראנזשירטע, פון דאס אנ־גענומענע, האבען געשריען, אז ער קען ניט לערנען. זײ האבען פאלשטענדיג פארזען, אז ער באזיצט רוח

הקודש, וואָס זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען, צו פאַרשטיין וואָס ער לערענט, און אָט דערפאַר טאַקע, ווײַל ער האָט באַזעסען שוואונג, אינטואיציע, רוח הקודש, האָט ער זיך דערהויבען צו גרייכען אַזאַ טיפע פאַרשטענדניס, אַז דאָס וואָס ער האָט ערקלערט האָט איבערגעלעבט אַלץ וואָס זײַנע געגנער האָבען געזאָגט.

דער בעש"ט האָט געלערענט און האָט שטאַרק געהאַלטען פון לערנען תורה, ער האָט דאָך קלאָר און דײַטליך געזאָגט, ווי איך האָב שוין פריער איבערגעגעבען, אַז כדי זוכה צו זײַן געוויילט צו ווערען אַלס צדיק יסוד עולם מוז מען זײַן דער גרעסטער גאון פון דער צײַט. דאָס הייסט אַז אַן אמת'ער גאָר גרויסער צדיק קען נאָר זײַן אַזעלכער וואָס לערענט זייער פיל תורה. אָבער ר' ישראל האָט געהאַלטען, אַז בלויז לערנען תורה איז ניט גענוג; די הויפט ראָלע איז דער גאָר טיפער גלויבען, און די כאַ-ראַקטער פעסטקייט פון דעם מענשען. נאָר ווען מען פאַראייניגט דאָס תורה לערנען מיט די אַנדערע מדות, פון וועלכע דער בעש"ט האָט געהאַלטען, קען מען גריי-כען צו די הויכע מדרגות.

## א ביישפיל מיט משה רבינו

דער בעל שם טוב האָט געזאָגט:

"מיר לערנען אין דער גמרא, מסכת ראש השנה, אַז פון די פופציג טירען פאַר פאַרשטענדניס זײַנען נײַן און פערציג געווען געעפענט פאַר משה רבינו. אָבער אַזוי ווי דער מענש שטרעבט שטענדיג צו קענען נאָך מער, ווי האָט זיך משה רבינו נוהג געווען? דער ענטפער דע-רויף איז, אַז ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז די פופציג-סטע טיר איז געשלאָסען פאַר אים און ער קען דורך איר ניט אַרײַנדרינגען אין דער חכמה פון דעם שאַפער, האָט ער זיך אין גאַנצען פאַרלאָזט אויף גלויבען, און ער האָט ווײַטער זיך באַשעפטיגט בלויז מיט יענע מדרגות פון וויסען וואָס מען האָט אים געלאָזט קענען.

"עס איז וויכטיג, אַז יעדער מענש זאָל לערנען און נאָכדענקען צו דער העכסטער מדרגה וואָס ער קען נאָר,

אָבּער ווען ער קומט צו אַ פּונקט, וועלכען ער קען נִיט דורכדרינגען, וואָס ער קען נִיט באַגרייפען, דאַן זאָל ער זיך דורכאויס פאַרלאָזען אויף גלויבען, און זאָל זיך צו־ריקקעהרען מִיט׳ן לערנען צו יענע פּונקטען, וואָס ער קען דורכדרינגען, וואָס ער קען באַגרייפען. עס איז פאַראַן אַ מדרגה פון פאָרשען, וואָס ווייטער פון דעם זיינען אִיז דער גרעסטער חכם און געלערטער, אִיז דער גרעסטער עם־הארץ גלייך. זיי קענען ביידע נִיט וויסען וואָס ווייטער דערפון אִיז. און ווען מען גרייכט צו דער מדרגה אִיז דאָס איינציגע צו גלויבען. עס וועלען זיך אפשר געפינען אַזעלכע, וועלכע וועלען אָנווענדען דאָס ווערטעל פון משלי „פתי יאמין לכל דבר" (י״ד ט״ו)—אַ נאַר גלויבט אִיטליכעס וואָרט. אָבער מען קען די אָבשפּעטער דער־מאָנען אַן אַנדערען זאַץ פון תהלים „שומר פתאים ה׳" (קט״ז ו׳)—גאָט היט אָב די וואָס פאַרשטייען נִיט".

אָט אַזוי האָט דער בעל שם טוב ערקלערט, ערש־טענס אַז אַלין קען אפילו דער גרעסטער חכם און געלער־טער נִיט וויסען, אפילו משה רבינו האָט נִיט אַלין גע־וואוסט, און צווייטענס אַז איינער קען וויסען מער און אַן אַנדערער ווייניגער, אָבער אַלע, ווען זיי קומען צום ברעג פון וויי ער וויסען, זאָלען זיי באַנוצען גלייבען, און גלויבען געפינען זיי שוין, און אִין גלויבען קענען אַלע זיין גלייך.

## לערנען און פרומקייט

דער בעש״ט האָט געזאָגט: „לערנען בלויז פאַר לערנען וועגען הייסט מחלל זיין דאָס לערנען; מען טרעט דערמִיט דאָס געזעץ: דו זאָלסט זיך נִיט בוקען צו פרעמדע געטער. די געטשקע אִיז דאָס בלויזע לערנען. דאָס לערנען מוז אויך זיין פאַרבונדען מִיט דער אִינערלי־כער פרומקייט פון האַרצען".

איינער האָט אִים אַמאָל באַמערקט: „אונזערע חכמים זאָגען אַז צו לערנען תורה אפילו פאַר אַ וועלט־ליכען צוועק דאַרף נִיט אונטערגעשאַצט ווערען, ווייל דער וואָס לערנט צוערשט צוליעב זוכען זיינע פערזענליכע

אינטערעסען, וועט דערנאָך שוין לערנען תורה אויס דער ליבע צו דער תורה" (אזוי ווערט געזאָגט אין פסחים).

דער בעש"ט האָט געענטפערט:

"איך ווידערשפּרעך ניט וואָס אונזערע חכמים האָבען געזאָגט, אָבער די אָנווענדונג פון זייערע רייד ווי דו האָסט עס געטון, הייסט פאַרוואַנדלען חכמה אין שטות. אין די צייטען פון אונזערע חכמים איז אַ איינציגער טאָג פון לערנען תורה געווען גענוג צו פאַרענדיגען מיט די מאַטעריעלע אינטערעסען און מען האָט זיך שוין געקענט ווייטער אָבגעבען צו לערנען תורה צוליעב תורה וועגען. אָבער הײַנט צו טאָג ווען מען זאָל אפילו דאָס גאַנצע לע־בען לערנען וועגען פּערזענליכע אינטערעסען וועט דאָס אַלץ אויסזען, אַז ס'איז ניט גענוג, קען דאָך ניט בלײַבען קיין צײַט צו לערנען וועגען תורה לערנען גופא סאַידען מען באַשטימט דאָס צו טון פון אָנהויב אָן".

## בעסער ווי גאָלד און האָניג

דער בעל שם טוב האָט אויך געזאָגט:

"דער בעל תהלים זאָגט אינז: הנחמדים מזהב ומפז רב ומתוקים מדבש ונפת צופים (י"ט י"א)—די ווערטער פון דער תורה זײַנען טייערער ווי גאָלד און זיסער ווי האָניג.

"גאָלד איז זייער ווינשענסווערט, אָבער עס שטעלט ניט צופרידען, ווײַל קיין מענש איז ניט צופרידען מיט דער סומע פון גאָלד וואָס ער באַזיצט. האָניג איז אויסערגעוועהנליך זיס, אָבער ס'איז ניט אַנגענעם צו דעם אָנגעזעטיגטען מענשען. אָבער די תורה שטעלט צופרי־דען און זי איז אויך זייער אַנגענעם".

## גאָט'ס רייטוואגעז

זאָגט אַלץ דער בעש"ט:

"אויב אַ מאַן גיט אָב זײַן גאַנצע אויפמערקזאַמקײַט אויף די ווערטער פון דער תורה ווערט זײַן נשמה צוגע־בונדען צו דעם לעבען פון דער אינערליכער ליכט פון דער תורה און ער ווערט אַ רײַטוואָגען צו גאָט. וועגען

רבי יוחנן בן זכאי זאָגט מען, אַז ער האָט געקענט יעדע זייט פֿון לערנען אײַנגעשלאָסען דעם שטודיום פֿון דעם רײַטוואָגען. דאָס מיינט, אַז ער האָט אײַנגעקערפּערט אַלע טיילען פֿון דער תורה אין דעם רײַטוואָגען פֿון גאָט, וואָס ער איז געוועזען".

## נאָך א משל וועגען די תורה

און אָט איז נאָך אַ בײַשפּיל פֿון בעל שם טוב:

"אַ קעניג האָט אַראָבגעלאָזען אַ דימענט פֿון זײַן רינג, און ער האָט געגעבען זײַן געליבטסטען זון אַ סמן, וואו דער דימענט געפֿינט זיך, ער האָט נאָר פֿאַרלאַנגט אַז דער דאָזיגער זון זאָל טון אַלץ, וואָס ער קען, צו באַ- פֿרידיגען אים, זײַן פֿאָטער. דאָס זעלבע האָט געטון גאָט. ער האָט אַראָבגעלאָזען פֿונקען פֿון היילינקײַט אויף דער וועלט. דורך דער תורה גיט ער דעם פֿאָלק ישראל די סמנים וואו די פֿונקען געפֿינען זיך אויף דער ערד, אַזוי אַז דאָס פֿאָלק ישראל זאָל זיי אויפֿקלויבען פֿאַר אים".

אין אָט איז נאָך אַ כאַראַקטעריסטישער געדאַנק:

"די תורה באַפֿעלט אונז: "פֿײַער זאָל שטענדיג ברענען אויף דעם מזבח; עס זאָל קיין מאָל ניט אויס- גיין". אונזער הארץ איז דער מזבח. אין יעדער באַשעפֿ- טיגונג דײַנער זאָל אַ פֿונק פֿון היילינקײַט בלײַבען מיט דיר, כדי ס'זאָל זיך צופֿלאַמען אין אַ פֿײַער".

## די תורה שליסט אַלע איין

ר' ישראל בעל שם טוב האָט דאָס פֿאָלגענדע ער- קלערט כדי צו באַווײַזען אַז די תורה שליסט אַלע אײַן:

"אַ שטאַרק באַליבטער מלך האָט געוואָלט צופֿרי- דענשטעלען די טיפֿע ווינשע פֿון זײַנע געטרײַע אַדעל- לײַט, דאָס זיי זאָלען אים דינען מיט דער אַרבײַט פֿון זייערע אייגענע הענד. ער האָט דערפֿאַר אײַנגעטיילט יעדע אַרבײַטס דינסט אין איינצנע טיילען, און ער האָט געמאַכט יעדען אַדעלמאַן פֿאַר אַ שר איבער אַזאַ טייל אַרבײַט. די אַרבײַט פֿון אָנצינדען די לײַכטער און הענג- לײַכטער האָט ער אויך אײַנגעטיילט. איינע האָבען

באַדאַרפֿט אָנצינדען די לאָמפּען פֿון די ווינקלען; אַנדערע די פֿון צענטער; און נאָך אַנדערע די פֿון די האַלען, וועלכע האָבען געוואָרפֿען ליכט אין הויף אַרײַן און נאָך ווײַטער. דער מלך איז געווען צופֿרידען מיט די אילומינאַציעס, וועלכע האָבען זיך אָנגעצונדען אין יעדער טייל פֿון זײַן פּאַלאַץ, און וועלכע האָבען ניט געלאָזען קיין איין ווינקעלע פֿינסטער. אָן ליכט.

"די תורה איז דער פּאַלאַץ פֿון מלך המלכים, און זײַנע אויפֿריכטיגע לערנער, וועלכע אַרבײַטען אויסצוגעפֿינען די פֿאַרבאָרגענע מיינונגען און געהיימע אָנדײַטונגען, זײַנען די אָנצינדער פֿון זײַנע לאָמפּען. אייניגע פֿון די פֿאָרשער ברייננגען צו ליכט מיינונגען, וועלכע וועלען ניט אָנגענומען פֿון דער מאַיאָריטעט, דאָך באַלײַכטען זיי די תורה פּונקט ווי יענע וועמענס מיינונגען וועלען יאָ אָנגענומען. אָן דער אַרבײַט פֿון דער ערשטער גרופּע פֿאָרשער וואָלט די צווייטע גרופּע ניט געקענט ענטדעקען דעם ריכטיגען ציעל זייערען. עס נויטיגט זיך פֿאָלשטענדיגע און דורכדרינגליכע דיסקוסיע, כדי צו גרייכען דאָס ליכט וועגען אַ פּראַגע, איבער וועלכער ס'איז פֿאַראַן אַ מחלוקה.

"מיר דאַרפֿען דערפֿאַר ניט זאָגען, אַז די מיינונג פֿון דער מינדערהײַט איז ווערטלאָז און מען דאַרף איר ניט שטודירען.

"די אותיות מ-ש-ה באַדײַטען "מחלוקת שמאי הלל". משה קבל תורה מסיני (פּרקי אבות א. אַ.)—משה האָט באַקומען די תורה פֿון סיני: ביידע צדדים האָבען פֿאַרגעשטעלט דאָס געזעץ, ווי זיי וואָלטען עס דירעקט באַקומען פֿון סיני. אָבער "ברוך שבחר בהם ובמשנתם" (פּרקי אבות ו' א')—געלויבט איז דער וואָס האָט זיי אויסגעקליבען מיט זייער משנה. אין דער משנה זײַנען אַלע תנאים און אַלע זייערע מיינונגען אַרײַנגענומען געוואָרען, צי זיי זײַנען אָנגענומען אַלס געזעץ אָדער ניט"...

אָט אַזוי האָט דער בעל שם טוב געצייגט, אַז אַלע מיינונגען זײַנען באַרעכטיגט, און מען דאַרף זיך מיט זיי רעכענען אפילו ווען מען קען זיי ניט אָננעמען אַלס געזעץ.

## 29. עבודה

עבודה איז דינען גאָט; און דאָס איז לויט דעם בעל שם טוב די הויפּט אויפגאַבע פון מענשען.

דאָס וואָס ער האָט געזאָגט איבער די ענינים, איבער וועלכע איך האָב שוין געשריבען, און יענע, איבער וועלכע איך וועל נאָך שרייבען, ווי דבקות, תפילה, כונה, התלהבות א. אַ.— זיי אַלע זיינען אויך איינגעשלאָסען אין עבודה. אָבער דער בעל שם טוב האָט זיך אויך באַשעפטיגט דירעקט מיט עבודה, און ער האָט אַרויסגע־זאָגט וויכטיגע געדאַנקען.

אין היפוך צו אַנדערע בעלי קבלה האָט דער בעל שם טוב געהאַלטען, אַז מען דאַרף ניט און מען קען ניט דינען גאָט דורך פייניגען זיך. ער האָט פייניגען זיך גע־האַלטען פאַר אַ זינד.

די וועלכע זיינען געווען געגען אים און האָבען אים געוואָלט כאַפּען מיט פראַגען, האָבען אים אַמאָל גע־פרעגט:

„אויב ס׳איז אמת דאָס וואָס דו זאָגסט, אַז צו פאַס־טען און זיך צו פייניגען איז אַ זינד, דאַן וואָס איז דיין הויפּט וועג צו דינען גאָט?"

דער בעש"ט האָט דערויף געענטפערט: „דער הויפּט וועג איז דאָס מיר ואָלען זיך איינוויקלען אין דער ליעבע פון גאָט, אין דער ליעבע פון פאָלק ישראל און אין דער ליעבע פון דער תורה. אַ מענש קען דאָס דערגרייכען אויב ער פאַרזיכערט זיך געגען נאַרונג אויפצוהאַלטען זיין געזונד און אויב ער באַנוצט זיין כח צו קעמפּען געגען שלעכטע נייגונגען".

ביי אַן אַנדערער געלעגענהייט האָט ער געזאָגט:

„דו קענסט זיין פריי פון זינד, אָבער אויב דיין קער־פּער איז ניט שטאַרק גענוג וועט דיין נשמה זיין צו שוואַך צו דינען ריכטיג גאָט. היט דיין געזונד און האַלט אויף דיין קראַפט".

און אַט איז נאָך זײַנע אַן עצה:

"דעם כח וואָס דו וועסט פֿאַרלירען דורך פֿאַסטען זאָלסטו בעסער געברויכען אויף לערנען תורה און מתפלל זײַן. דו וועסט דורך דעם גרייכען צו העכערע מדרגות".

בײַ אַ געלעגענהײַט האָט ער נאָך געזאָגט:

"אַסקעטיזם זאָל מען אָנווענדען בלויז אין אָנפאַנג ווען מען לערענט אַ מענשען זעלבסט דיסציפלין, ביז ווען זײַנע שלעכטע נײַגונגען ווערען באַהערשט. נאָכדעם זאָל ער זיך אויפֿפֿירען אויף אַ געוועגליכען אופן און זאָל שטיין אין פֿאַרבינדונג מיט זײַנע חברים. אַנדערש וועט ער אַרײַנפֿאַלען אין גאוה (און זעלבסט-אײַנרעדעניש).

דער בעש"ט האָט געהאַלטען מיט רבי אליעזר הקפר. אַז אײנער װעלכער פּײַניגט זיך מיט תעניתים און סגופים פֿאַרדינט ניט דעם נאָמען צדיק. ער האָט אויך אײַנגעשטימט מיט ר' אבאי, אַז אַנטון זיך אין זעק און שיטען אַש אויפֿ'ן קאָפּ קען גאָרניט העלפֿען, און נאָר אין אמת'ער תשובה און אין מעשים טובים ליגט די רע־טונג.

עס ווערט וועגען דעם אויך דערציילט:

"אַ איד וועלכער איז געווען באַאונרוהיגט אין האַר־צען איז געקומען צום בעש"ט און האָט אים געפֿרעגט: "וויפֿיעל טעג דאַרף איך פֿאַסטען, אַז מען זאָל מיר מכפּר זײַן מײַנע גרויסע זינד?"

האָט דער בעש"ט דערויף געענטפֿערט: "ניט דורך פֿאַסטען ווערט באַזײַטיגט גאָט'ס צאָרן, נאָר דורך פֿרייד, וואָס ווערט געגרייכט דורך זאָגען תהלים. זאָגט תהלים מיט אינערליכער פֿרייד און איר וועט רוהיג זײַן בנוגע אײַערע זינד".

## אַן ענטפֿער אויף אַ טענה

אין אַנדערש מאָל זײַנען געקומען צום בעש"ט אײ־ניגע געלערנטע אידען, וועלכע האָבען צו אים געהאַט אַ טענה: "אין פֿאַרגאַנגענע צײַטען זײַנען געווען געניג

פֿרומע אידען וועלכע פֿלעגען פֿאַסטען פֿון שבת ביז שבת, און זיי פֿלעגען פּייניגען זייערע קערפּערס מיט זעלבסט-פֿאַראורזאַכטער מאַטערניש. און איצט גייען אַרום אייערע תלמידים און ערקלערען צו אַלע וועלכע ווילען זיך צו זיי צוהערען, אַז צופֿיל פֿאַסטען איז אַ זינד, און זעלבסט-פּייניגונג איז אַ פֿאַרברעכען".

דער בעש"ט האָט אויף דער דאָזיגער טענה געענט-פֿערט: "עס איז דער צוועק און דער עיקר פֿון מיין שליחות אויף דער ערד, כדי צו צייגען מיינע ברידער דורך לעבעדיגער דעמאָנסטראַציע, ווי מען קען דינען גאָט מיט לוסטיגקייט און פֿרייד, ווייל ווער עס איז פֿול מיט פֿרייד איז פֿול מיט ליעבע פֿאַר מענשען און פֿאַר ברידער באַשעפֿענישען".

דער בעל שם טוב האָט אויך געלערענט, אַז "אין גראָבסטען מענשען איז פֿאַראַן אַ נשמה, אַ היילינגער סוד, וואָס איז דאָס קלייד פֿון לעבעדיגען גאָט. דער מענש דאַרף זען צו היטען דאָס דאָזיגע קלייד אַז ס׳זאָל ניט באַפֿלעקט ווערען, כדי ווען מען דאַרף עס צוריקגע-בען זאָל עס זיין ריין אָן אַ פֿלעק. ריינקייט פֿון האַרצען, שכל הישר, און ליעבע פֿאַר אַלע וועזענס פֿאַרהיט די נשמה פֿון פֿאַראונריינינגט צו ווערען".

ער האָט דערצו באַמערקט, אַז כדי צו האַלטען די נשמה ריין מוז מען אויך האָבען אַ געזונטען קערפּער. ער האָט געזאָגט:

"דו זאָלסט ניט באַטראַכטען די צייט וואָס דו פֿאַר-ברייננסט אין עסען און שלאָפֿען אַלס אַרויסגעוואָרפֿען. די נשמה אין דיר רוט און די דאָזיגע אינטערוואַלען און האָט די מעגליכקייט צו באַנייען איר היילינגע אַרבייט מיט פֿרישער באַגייסטערונג".

אָבער פּונקט ווי דער בעש"ט האָט ניט געהאַלטען פֿון פּייניגען דעם קערפּער, אַלץ אַזוי האָט ער געוואָרענט געגען אָבגעבען זיך מיט קערפּערליכע און מאַטעריעלע פֿאַרגעניגענס. ער האָט וועגען דעם געגעבען פֿאָלגענדען משל:

„דרײַ נאָבעלליַיט האָבען באַקומען אַ באַפֿעל פֿון מלך, אַז זײ זאָלען אויפֿפּאַסען אויף זײַנע קעניגליכע הינט. דער קלוגער נאָבעלמאַן האָט פֿאַרשטאַנען דאָס וועָן דער פֿריערינער אויפֿפּאַסער וואָלט געוואוסט ווי צו באַפֿרידיגען זײַן הערשער וואָלט ער נאָך אַלץ געווען דער אויפֿזעער איבער זײַנע הינט. ער האָט דערפֿאַר גענומען דאָס געלד, וואָס מען האָט אים געגעבען, און ער האָט דערפֿאַר געקויפֿט אַ קרוין פֿאַר'ן מלך. דער צווײטער האָט באַנוצט אַ טייל פֿון דעם געלד אויף די הינט און בלויז מיט דעם געלד וואָס ס'איז אים געבליבען האָט ער געקויפֿט אַ מתּנה דעם מלך. דער דריטער נאָבעלמאַן האָט אויסגעגעבען דאָס גאַנצע געלד אויף די הינט און האָט זײ איבערגעגעסען, אַזוי אַז זײ זײַנען געוואָרען אונ-פּאַסיג פֿאַר יאַגד".

דער נמשל:

„גאָט באַפֿעלט אונז אויפֿצופּאַסען אויף אונזער קערפּער. די חכמים גלויבען, אַז דער וואָס האָט דערנערט אונזערע קערפּער אין דער קינדהייט וועט אונז אויך דערנערען ווען מיר זײַנען שוין אין די יאָרען; זײ פֿאַר-ברײנגען דערפֿאַר זײער צײַט אין שאַפֿען אַ קרוין פֿאַר דעם רבונו של עולם. פּערזאָנען מיט מעסיגען שכל ברײנגען אויך מתּנות פֿאַר די וואָס לערנען תּורה און פֿאַר טון מצוות כאָטש זײ פֿאַרברײנגען פֿיעל פֿון זײער צײַט אויף צו פֿאַרדינען אויף פּרנסה. אָבער די שוטים פֿאַרברײנגען זײער גאַנצע צײַט אין קערפּערליכע פֿאַר-געניגענס און ווערען אונפּאַסיג פֿאַר גײַסטליכער טע-טיגקײַט".

## האַנדלונג

דער בעל שם טוב האָט געוואָלט, אַז דער מענש זאָל זאָרגען, אַז ער זאָל זײַן געזונד, כּדי ער זאָל זיך ניט פֿאַר-לירען בלויז אין ווערטער און גריבלערײַ. ער האָט גע-וואָלט, אַז דער מענש זאָל ניט נאָר דענקען ריכטיג, נור ער זאָל אויך האַנדלען ווי ער דענקט. ער האָט געזאָגט:

„ווען אַ מענשענס געדאַנקען זיינען קאָנצענטרירט אויף גאָט, און ער פאַרטיפט זיך אין זיי, ווערט ביי אים געשאַפען נאָך אַ געדאַנק, וואָס איז אַ קליינע אינספּיראַציע פון דעם הימעל. דער געדאַנק איז: האַנדעל ווי דו דענקסט".

ער האָט אָבער צו דער זעלבער צייט זייער שטאַרק געוואָרענט, אַז מען זאָל זיך היטען פון זינד, און מען זאָל זיך אין אַלץ פאַרלאָזען אויף גאָט. ער האָט געזאָגט:

„ווען ס'ווערט אַרויסגעגעבען אין הימעל אַ גזר דין צו באַשטראָפען אַ זינדיגען, נעמט מען ביי אים צו די קראַפט זיך צו פאַרלאָזען אויף גאָט".

## 30. ניט יעדער וואס ווערט א רבי איז ראוי דערצו און לערנען אליין איז ניט גענוג

ר׳ ישראל בעל שם טוב האָט געוואָלט יעדען אידען דערהויבען צו דער מדרגה פון אַ צדיק, אָבער ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, דאָס ניט יעדער איז ראוי צו גרייכען אַזאַ מדרגה און פאָלגליך קען מען זיך ניט פאַרלאָזען אויף יעדען, וואָס פּרעטענדירט אַז ער איז אַ צדיק. ער האָט שטאַרק געוואָרענט געגען דעם.

ער האָט געהאַלטען אַז אפילו די, וועלכע געבען זיך איבער על התורה ועל העבודה, קענען אויך זיין אונטער־געוואָרפען שלעכטע איינפלוסן, אויך אַזעלכער קען פאַ־לען.

ווען ער האָט גערעדט צו חסידים וועגען צדיק יסוד עולם, איבער וועלכען איך האָב שוין געשריבען, האָט ער זיי אויך דערציילט אין שייכות דערמיט אַ לענגערע מעשה. זי געפינט זיך אין ״שבחי בעש״ט״. איך גיב זי איבער אַ ביסעל פאַרקירצט:

מיט דריי הונדערט יאָר צוריק האָט די פמליא של מעלה אויסדערוויילט אַ מענשען, אַז ער זאָל זיין אַ צדיק יסוד עולם. דער דאָזיגער מענש האָט געוואוינט אין עק שטאָט נעבען אַ געדיכטען וואַלד, פול מיט דיקע בוימער. דאָס הייזעל זיינס איז געווען נידעריג, מיט קליינע פענס־טערלאַך נעבען דער ערד. קיין בעל הבתישאַפט האָט ער ניט געהאַט. ער איז שטענדיג געזעסען אויף דער ערד מיט אַ ספר אויף דער קני, נעבען אים איז געשטאַנען אַ ערדען לייכטערל מיט אַ קליין ליכטעל, ביי וועלכען ער האָט געלערענט מיט גרויס התמדה. דערנערט האָט ער זיך דערפון וואָס זיין ווייב פלעגט צונויפנעמען שטיקלאַך האָלץ אין וואַלד, זיי פאַרקויפען און מיט׳ן געלד קויפען ברויט, וואָס זי האָט אַהיים געבראַכט צום מאַן און קינ־דער, און מער האָבען זיי ניט געהאַט ווי ברויט מיט וואַ־סער.

אִים האָט דאָס גאָרנִיט גענאַרט, ער האָט זִיך אפילו נִיט אויף אַ ווײַלע דערוויַיטערט פֿון זײַן הייליגער עבודה, ער האָט זײַן צײַט בלויז פֿאַרבראַכט אִין תורה און תפילה. און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ סך ספרים ירושה פֿון זײַן פֿאָטער איז ער געוואָרען אַ זייער גרויסער גאון, דער גרעסטער פֿון זײַן דור.

ער האָט זיך אויסגעקליבען אײן טאָג אין יעדען יאָר, ווען ער פֿלעגט אַוועקגיין אין וואַלד, אַז אפילו זײַנע בני בית זאָלען נִיט וויסען וואו ער אִיז, און דאָרט האָט ער געמאַכט אַ חשבון פֿון דעם וואָס ער האָט געטון אַ גאַנץ יאָר און וואָס פֿאַר אַ תועלת, וואָס פֿאַר אַ נוצען, ער האָט געבראַכט צו אידישקײַט און וואָס פֿאַר אַ פשטים ער האָט געמאַכט אִין דער תורה הקדושה. און אויב ער האָט אויס־געפֿונען, אַז ער האָט געמאַכט עפּעס אַ טעות, האָט ער זיך שטאַרק צוואוויינט פֿאַר דעם רבש״ע, האָט זיך גע־קלאַפּט אין קאָפּ, זיך געריסען די האָר, געפֿאַסט תעניתים און זיך אַזוי פֿיעל מצער געווען, דאָס ווען מען זאָל מע־גען זיך אַליין הרג׳ענען וואָלט ער זיך גע׳הרג׳עט... ער האָט געהאַט אַזוי פֿיעל חרטה און האָט געמיינט, אַז ס׳איז גאָר נִיטאָ קיין תשובה... דאָך האָט ער געבעטען, אַז גאָט זאָל אִים מוחל זײַן. דערנאָך האָט ער זיך גע־שטאַרקט ווי אַ לייב צו תורה ומצוות און האָט ווײַטער געדינט גאָט מִיט אַלע כחות בִיז צום אויסגעקליבענעם טאָג אין נעכסטען יאָר. און אַז ער האָט אין אַזאַ טאָג באַרעכענט, אַז ער האָט נִיט געמאַכט קיין טעותים און אַז ער איז געוואַקסען אין תורה און מצוות האָט ער זיך געמאַכט אַ יום טוב און געהאַט דערפֿון גרויס תענוג. צו זײַן שמחה איז נִיט געווען קיין שיעור. ער האָט געדאַנקט דעם רבש״ע פֿאַר דעם חסד וואָס ער האָט אִים געצײַגט און וואָס ער האָט אִים געגעבען אַזוי פֿיעל כח מתפלל צו זײַן און צו לערנען.

עס זײַנען אַוועקגעגאַנגען פֿילע יאָרען ביז דער מענש איז געוואָרען געהייליגט, און ווען די מלאכים האָ־בען ערפֿאַרען, אַז ער איז געוואָרען דער גרעסטער קענער אין תורה נגלה (די ענטפּלעקטע) און אין תורה נסתר (די

פֿאַרבאָרגענע), און אַז קיין גרעסערער פֿון אים איז נִיטאָ, האָט מען אים דערווײַלט אין דער פמליא של מעלה אַלס צדיק יסוד עולם, אַז די גאַנצע וועלט זאָל שטיין אַ דאַנק אים, און אַלע זאָלען ווערען געשפּײַזט אין זײַן זכות.

ווען דאָס איז געשען און מען האָט גערעדט אין הימעל פֿון זײַן גרויס צדקות, האָט זיך אויך אַרײַנגעמישט דער שטן, און ווי זײַן שטייגער איז האָט ער זיך געשטעלט כנגד. ער האָט גע'טענה'ט צו דער פמליא של מעלה:— הערט אויס מײַנע רייד. ווי קענט איר אַזאַ מענשען מאַכען צדיק יסוד עולם. ער איז דאָך קיין מאָל נִיט געווען אין דער וועלט צווישען מענשען, ער האָט קיין מאָל נִיט מִיט זיי געהאַנדעלט. טאָ וואָס-זשע וועט זײַן, אַז ווען ער וועט דאָס טון וועט פֿאָרקומען אין אים אַ ענדערונג? ווי וועט זײַן, אַז ווען ער וועט אַרײַנקומען צווישען סוחרים וועט ער אַוועקלעגען דאָס לערנען און וועט ווערען אַ הענדלער ווי אַלע הענדלער? דאַמאָלט קען דאָך די גאַנצע וועלט פֿאַלען צוזאַמען מִיט אים און אונטערגיין. מען דאַרף צו-ערשט אויספּרובירען זײַן צדקות, און לאָזט נאָר מִיך, וועל איך דאָס שוין אויספּרובירען.

די פמליא של מעלה האָט צוגעשטימט צו דעם פֿאָר-שלאַג און דער שטן איז אַוועק אויסצופּרובירען דעם מענשען. ער האָט זיך פֿאַרשטעלט ווי אַ גרײַז-גרויער מאַן, האָט זיך אָנגעטון ווי אַ צדיק, און איז געקומען צו דעם שטיבעל בײַם וואַלד, וואו דער צדיק יסוד עולם האָט געוואוינט. ווען דער שטן איז אָנגעקומען פֿאַר דער טיר האָט ער נִיט געקענט אַרײַנגיין ווײַל דאָס שטיבעל איז געווען פֿול מִיט קדושה וטהרה (מִיט הייליגקײַט און ריינקייט), און אַזוי ווי ער, דער שטן, איז דאָך פֿול מִיט טומאה און פֿאַלשקײַט, איז פֿאַר אים דאָרט געווען אוּנ-מעגליך אַרײַנצוגיין. דער שטן האָט אָנגעהויבען זוכען מִיטלען ווי צוצוקומען צו דעם מענשען און מִיט אים האָבען אַ שמועס. ער האָט געזוכט און האָט געפֿונען.

אין זעלבען געגענד, ווײַט אַ ביסעל פֿון דעם הײַזעל פֿון דעם מענשען, האָט געוואוינט אַן אָרימאַן מִיט אַ סך קינדער, און זײַן ווײַב איז נאָך געווען מעוברת. די משפּחה

האָט געוואוינט גאָר אין גרויס אָרימקייט אָן בעל הבתי־שאַפט, און ווען די פרוי האָט אָנגעהויבען גיין צו קינד האָט זי זיך געוואַלגערט אויף דער ערד. דער מאַן האָט זיך געזעצט ניט ווייט פון איר און געזאָגט תהלים, מתפלל געווען צו גאָט און געוויינט, אַז זי זאָל געהאָלפען ווערען. ביים האָבען די פריערדיגע קינדער האָט עס גע־האָלפען. אָבער איצט ניט. דער שטן האָט זיך געשטעלט נעבען איר און איר ניט געלאָזען געבוירען דאָס קינד... ווען ס׳איז שוין געקומען דער דריטער טאָג פון געבורט וויעען, און די געווינערין האָט שוין געהאַט פאַרלוירען אַלע כחות, איז געווען אַ קלאָג און אַ געוויין צווישען די קינדער, און זיי האָבען געשריען מיט אַ ביטערען יאָמער־ליכען קול ביז האַלבע נאַכט. פלוצלינג האָט די געווינע־רין אַליין אָנגעהויבען צו שרייען מיט אַ שטאַרק ביטער קול, דאָס זי פילט, אַז דאָס קינד הויבט שוין אָן צו גיין. מען זאָל דערפאַר אויף איר רחמנות האָבען און מען זאָל ברייגנען אַ ליכטעל, דאָס ס׳זאָל כאָטש ווערען עפּעס ליכטיג אין צימער. דער מאַן און די קינדער זיינען אַרום־געלאָפען זוכען אַ ליכטעל, אָבער זיי האָבען ניט געפונען. איבעראַל איז געווען געשלאָסען. נאָר פון דעם צדיק׳ס שטיבעל האָט זיך געזען פון ווייטען עפּעס אַ ליכטיגקייט.

דער מאַן איז באַלד געלאָפען צום שטיבעל, איז דאָרט אַריין, געכאַפּט דאָס ליכטעל, ביי וועלכען דער צדיק האָט געלערנט, און איז אַנטלאָפען דערמיט צו זיין שטיבעל. אויפ׳ן וועג איז אים איינגעפאַלען אַ געדאַנק, וואָס האָט ער דאָ געטון. זיין ווייב גייט אַזוי שווער צו קינד, און דאָ איז ער געווען פנים לפנים מיט איינעם וואָס זיצט אויף דער ערד און לערענט. עס קען דאָך זיין, אַז ער איז איינער פון די ל״ו צדיקים, און אָנשטאָט ער זאָל ביי אים בעטען צו בענשען זיין ווייב, אַז זי זאָל שנעל געהאָלפען ווערען, ווי עס ווערט געזאָגט: ״מי שיש לו חולה בתוך ביתו ילך אצל חכם ויבקש עליו רחמים״ (ווען ס׳איז ביי איינעם אין שטוב דאָ אַ קראַנקער זאָל ער גיין צום חכם ער זאָל בעטען פאַר׳ן קראַנקען רחמנות, אַז ער זאָל געזונט ווערען). פאַר וואָס־זשע האָט ער ניט אַזוי געהאַנדעלט ?

דער מאַן איז צוריקגעגאַנגען צום צדיק און האָט אים געבעטען, אַז ער זאָל בענטשען זײַן פרוי מיט אַ רפואה און זאָל פאַר איר מתפלל זײַן. דער צדיק איז געבליבען שטיין פאַרוואונדערט און האָט געענטפערט, אַז צו בעטען בײַ אים אַ רפואה איז משוגעת. ער איז אויך נאָר אַ פשוט'ער איד, און ער קען גאָרניט לערנען, נאָר די נאַכט האָט ער עפּעס ניט געקענט שלאָפען, און אַזוי ווי ליגען אין פינסטערניש איז אויך ניט גוט, האָט ער זיך אויפגע-זעצט און געקוקט אין ספר, אָבער ער פאַרשטייט ניט וואָס דאָרט שטייט.

דער מאַן האָט צוריק געענטפערט: פאַר וואָס, אַז איך קען ניט שלאָפען נעם איך ניט קיין ספר אַרײַנצו-קוקען? און פאַר וואָס טוט דאָס ניט אַן אַנדערער אײַנ-פאַכער מענש? נאָר דו אַליין טוסט דאָס. איז עס דאָך אַ סמן, אַז דו ביזט אַ הייליגער מענש, נאָר אַ גרויסער ענו, אַ פאַרבאָרגענער צדיק. איך וועל דיך דערפאַר ניט אָב-לאָזען. דו מוזט געבען דײַן ברכה צו מײַן פרוי.

דעם צדיק האָט אָנגעכאַפּט אַ ציטערניש, ער האָט זייער מורא געקראָגען אפשר איז דאָס אַן עצה פון יצר-הרע וואָס לאָקערט אויף אים, און וויל אים אָברויבען פון ביידע וועלטען, און ער האָט אַלץ ניט געוואָלט טון וואָס יענער האָט פון אים געפאָדערט און ער האָט זיך געהאַלטען בײַ זײַנעם, אַז ער קען ניט לערנען.

דער מאַן האָט זיך אָנגערופען: אויב ס'איז אמת אַז דו קענסט ניט לערנען, דאַן נאָך וואָס דאַרפסטו דאָס ספר. גיב עס מיר... דער מאַן האָט אַ כאַפּ געטון דאָס ספר. דער צדיק האָט עס געוואָלט צוריקנעמען, אָבער דער מאַן איז געווען שטאַרקער פון אים. ער האָט זיך דאַן באַרעכענט, אַז בטל צו מאַכען דאָס לערנען איז אַ גרויסע זינד, און אַזוי ווי דער מאַן איז מבטל זײַן לערנען, איז אפשר בעסער אַז ער זאָל אים געבען די ברכה און זאָל ער אים מער ניט שטערען.

ווי דער צדיק האָט אַרויסגעזאָגט די ברכה איז אין דער זעלבער רגע די פרוי געלעגען געוואָרען.

צו מאָרגענס איז דער מאַן פֿון דער פֿרוי, אויף דעם ראַט פֿון שטן, אַרויס אין שטאָט און געמאַכט אַ געוואַלד, אַז אין עק שטעטעל וואוינט אַזאַ צדיק, וועלכער האָט אים באַוויזען אַזאַ נס. טאָ פֿאַר וואָס זאָלען זיי ניט גיין צו אים און פֿאַרלאַנגען, אַז ער זאָל ווערען זייער רבי און זאָל מתפלל זיין, דאָס ס'זאָל זיי גאָרניט פֿעלען. די שטאָט לייט האָבען דאָס ניט געוואָלט טון. זיי האָבען געזאָגט, אַז יענער איז אַ פּראָסטער מענש גלייך מיט אַנדערע. דערפֿאַר האָט דער שטן דערווייל ניט מצליח געווען מיט זיינע מעשים. אָבער ער האָט ניט אָבגעלאָזט.

דער שטן האָט נאָך איינציגע מאָל פּרובירט די זעלבע קונצען זיינע, צו שטערען שוואַנגערע פֿרויען צו האָבען קינדער, און צוצורעדען די מענער זייערע צו גיין צו דעם צדיק, אַז ער זאָל זיי בענשען דאָס די פֿרויען זייערע זאָ-לען געהאָלפֿען ווערען. אַ פּאָר מאָל האָט דער צדיק גע-געבען זיין ברכה און ס'האָט געהאָלפֿען. אָבער אַלע מענ-שען פֿון דעם געגענד האָבען אָנגעהויבען צו קומען נאָך הילף. דעם צדיק האָט עס אויסגעזען פֿאַר נאַרישקייטען, ער איז גאָרניט געווען געוואוינט מיט די שטותים והבלים פֿון די וועלט זאַכען. ער האָט דערפֿאַר אָנגעהויבען אַרויסצוטרייבען די מענשען פֿון זיין שטוב. אָבער עס האָט ניט געהאָלפֿען, ווייל דער שטן האָט זיי אַלע צוגע-רעדט, דאָס זיי זאָלען דוקא ווידער גיין צום צדיק און ניט אַוועקגיין ביז ער וועט זיי ניט ענטפֿערען אויף זייערע בקשות. דאָס איז אַזוי ווייט געגאַנגען, אַז דער צדיק איז צומישט געוואָרען אין זיינע הויכע געדאַנקען, און האָט זיך ניט געקענט קיין עצה געבען. ער האָט געוואַרט מיט גרויס אונגעדולד אויף זיין טאָג אין יאָר, ווען ער וועט גיין אין וואַלד, מאַכען אַ חשבון הנפש און זען ווי האַלט ער אין דער וועלט. ער האָט געוואָלט דערווייל ווייטער לערנען, אָבער די מענשען האָבען אים ניט געלאָזען. זיי האָבען אים באַלאַגערט מיט זייערע פֿראַגען.

ווען ס'איז אָנגעקומען דער טאָג, פֿון יאָר, איז דער צדיק דאָך אַוועק טיף אין וואַלד אַריין און האָט אָנגעהוי-בען זיך מאַכען אַ חשבון פֿון זיינע מעשים דורך דעם יאָר.

ער האָט אָנגעהויבען צו רעכענען ווי וויכטיג ס'איז צו טון אַ מצוה, און ווי גרויס ס'איז דער שכר פֿון אַ מצוה און ווי שלעכט ס'איז צו טון אַן עבירה, און ווי גרויס ס'איז די שטראָף פֿון אַן עבירה, מען קען פֿאַרלירען ביידע וועלטען — ווען ער האָט דאָס אַלעס באַרעכענט האָט ער זיך דערשראָקען, ווײַל ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער האָט דאָס יאָר שטאַרק פֿאַרקירצט דאָס לערנען תורה און די עבודה. ער האָט פֿאָלגליך אָנגעהויבען שטאַרק וויינען, אַז די נשמה איז אים שיער ניט אַרויס.

אָט דאַמאָלט, ווען ער איז געווען אין אַזאַ צושטאַנד פֿון טרויער, איז צו אים צוגעקומען דער שטן, וועלכער האָט זיך פֿאַרשטעלט דוקא פֿאַר אַ "צדיק". דער שטן האָט צו אים אָנגעהויבען רעדען מיט גוטע רייד, אים גע-צייגט כלומרשט גרויס רחמנות, און האָט אים צוגערעדט אַז ער זאָל אים דערציילען פֿאַר וואָס ער וויינט אַזוי שטאַרק, אפשר וועט ער אים קענען העלפֿען.

דער צדיק האָט צוערשט זיך ניט געלאָזט טרייסטען. ער האָט געזאָגט: — פֿאַר מיר זײַנען שוין פֿאַרלוירען אַלע טרייסטונגען. ס'איז שוין פֿאַרפֿאַלען, איך האָב שוין סײַ ווי סײַ פֿאַרלוירען מײַן נפש, רוח און נשמה, ווײַל איך האָב אַליין געפֿעלשט אין מיר; איך האָב ניט געלעגט קיין שלאָס אויף מײַן מויל, איך האָב זיך געלאָזט איבער-רעדען; איך האָב געמיינט מיט דעם מתקן צו זײַן, און צום סוף האָב איך זיך פֿאַרזינדיגט.

דער שטן האָט אים אָבער ווײַטער צוגערעדט, אַז ער זאָל אים אַלץ דערציילען. ער האָט דערבײַ געזאָגט פשט'-לאַך אין גמרא און אין זוהר הקדוש, אַזוי אַז דער צדיק האָט געמיינט דאָס דער צווייטער, דער שטן הייסט עס, איז טאַקע גאָר אַ גרויסער "צדיק". ער האָט זיך פֿאָלגליך געלאָזט איבערערעדען, און האָט פֿאַר אים אָנגעהויבען זיך אויסצורעדען דאָס הארץ, און אים דערציילט אַלץ וואָס איז געשען, ווען ער האָט געענדיגט האָט דער שטן גע-זאָגט: — דו דאַרפֿסט זיך שעמען, אַז אַזאַ מענש ווי דו זאָל זיך באַקלאָגען אויף אַזעלכע זאַכען. די וועלט שטייט אויף תורה ועבודה וגמילת חסדים. דו האָסט געלערענט

תורה, האָסט געטון עבודה, אָבער גמילות חסדים האָסטו דאָך ניט געגעבען, ווייל דו האָסט ניט געהאַט קיין געלד, מעגסטו דאָך כאָטש געבען אַ עצה, צוטיילען גוטע רייד צו מענשען. דער שטן האָט אים נאָך געבראַכט אַלס ביי־שפּיל אברהם אבינו ווי וויכטיג ס׳איז צו זיין אַ מכניס אורחים און צו געבען גמילות חסדים, און האָט אים איינ־גערעדט, אַז צו זאָגען ווערטער איז גלייך ווי געגעבען אַ גמילות חסד. דער צדיק האָט זיך אָנגעהויבען טרייסטען מיט די ווערטער פון שטן, און האָט זיך געלאָזט איינרע־דען צו ווערען אַ רבי.

אָבער דער דאָזיגער מענש איז באמת ניט געקומען צו דער מדרגה, אַז ער זאָל זיין ראוי צו זיצען אויפ׳ן כסא רבנות. אָט דערפאַר ווי ער האָט זיך גענומען צו דער הערשאַפט פון רבנות איז ער אַראָב פון זיין גרויסקייט.

פאַר וואָס איז ער געפאַלען?

ווייל דאָס וואָס ער האָט באַשטימט צו טון איז ניט געוועזען צוליב דער טובה פון אַנדערע, נאָר צוליב זיין איי־גענער טרייסט און באַרואיגונג. דאָס וואָרט "רבי" באַ־שטייט פון די ראשי תיבות פון "ראש בני ישראל"; אָבער אַז מען איז אַ רבי ניט לטובת פון די בני ישראל נאָר זיך אַליין לטובה, דאַן באַשטייט אַזאַ "רבי" פון די ראשי־תיבות פון "רע בעיני ה׳".

אָט אַזאַ מין "רבי" איז דער דאָזיגער צדיק געוואָ־רען. ער האָט זיך אָנגעהויבען פירען ווי דער שטן האָט אים געהייסען. ער האָט זיך אָבגעגעבען אַלץ ווייניגער מיט תורה און עבודה. ער האָט אָנגעהויבען צוצוזאָגען אַלין וואָס מען האָט ביי אים געבעטען, אָן זיך צו רעכע־נען דערמיט צי דאָס איז נוצליך אָדער שעדליך.

אָט אַזוי האָט ער זיך אָנגעהויבען פירען, און אַז ס׳איז געקומען דער טאָג פון יאָר וועו ער איז ווידער געגאַנגען אין וואַלד, איז צו אים ווידער געקומען דער שטן און אים געזאָגט, אַז פאַר אַזאַ גרויסען מענשען ווי ער, איז גאָרניט קיין עסק אַ סך צו לערנען און לאַנג צו דאַווענען.

אין דעם נעכסטען יאָר האָט דער צדיק שוין גאָר פאַרגעסען צו גיין אין וואַלד און זיך רעכנונג געבען, ווי ער האַלט אין דער וועלט. אונטער'ן איינפלוס פון שטן האָט ער אפילו זיך גענומען שילטען מענשען. אַז אימי־צער האָט זיך באַקלאָגט אויף איינעם, האָט ער געענט־פערט: וואָס אַרט דיך, יענער וועט שטאַרבען. אָדער: יענער וועט ווערען אַן אָרימאַן; אָדער: יענער וועט משוגע ווערען.

וואָס ווײַטער איז דער צדיק אַלץ ווײַטער געפאַלען, און דער שטן האָט אים שוין אָנגעהויבען צוצורעדען, אַז ער זאָל הנאה האָבען פון לעבען. ער האָט אים אָנגעהוי־בען אַרומפירען אין אַ שענער קאַרעטע געשפאַנט מיט טייערע פערד פון שטאָט צו שטאָט, און וואָס נאָר זײַן האַרץ האָט געגלוסט האָט ער אים געלאָזט געניסען. ער האָט בײַ אים געוועקט תאוות און אים צוגערעדט זיי צו באַפרידיגען. אַזוי ווײַט און אַזוי ברייט, אַז ער האָט אים זאָגאַר אַראָבגעשלעפט צו דער נידעריגער מדרגה צו באַ־רויבען מענשען, כדי צו האָבען געלד צו באַפרידיגען זײַנע תאוות. אָבער איין מאָל ווען ער איז געוועזען פאַרבאַ־האַלטען אויף אַ בוים אין אַ וואַלד צו מאַכען אַן אָנפאַל, האָט מען אויף אים געשאָסען און ער איז אַראָבגעפאַלען פון בוים אַ פאַרוואונדעטער.

דער שטן איז דאַמאָלט ווידער ערשינען נעבען אים און האָט אים געזאָגט, אַז ער וועט פון אים אַרויסציען די קוילען און ער וועט אים צוריק געזונד מאַכען, נאָר ער מוז אים שווערען דאָס ער וועט זיך שמד'ען. דער גע־וועזענער צדיק האָט אויך אויף דעם געשוואוירען. אָבער ווען ער איז געזונד געוואָרען האָט ער זיך דאָך ניט גע־וואָלט שמד'ען. האָט דער שטן צוריק אַרײַנגעשאָסען אין אים די קוילען, און ער האָט געהאַט נאָך גרעסערע שמערצען ווי פריער און ער האָט ווידער געשוואוירען צו טון אַלע ערגסטע זאַכען אפילו אָבצולייקענען אין גאָט רחמנא ליצלן. ווי ער פלעגט אָבער ווידער געזונד ווערען האָט ער ניט געוואָלט טון דאָס ערגסטע, צו וועלכען דער שטן האָט אים צוגערעדט.

אַזוֹי איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף צווישען דעם גע־וועזענעם צדיק און דעם שטן לערך הונדערט מאָל, ביז דער געוועזענער צדיק האָט איין מאָל זיך אַזוי געשטאַרקט און האָט מער ניט געוואָלט מאַכען קיין פאַרשפּרעכונג צום שטן, ניט אויף גוטעס ניט אויף שלעכטס. ער האָט גובר געוועזען זיינע יסורים, און אָט דאַמאָלט איז ער אַני־דערגעפאַלען און איז געשטאָרבען.

ווען זיין נשמה איז אַרויף פאַר דער פמליא של מעלה האָט זי גע׳טענה׳ט און געבעטען, אַז מען זאָל זי ניט באַשטראָפען פאַר די שלעכטע מעשים, ווייל וואָס איז זי שולדיג, אַז מען האָט זי איבערגעגעבען טאַקע פון אויבען אין די הענד פון שטן?

דריי הונדערט יאָר האָט די נשמה זיך אַרומגעוואָ־געלט מיט אירע טענות, צו וועלכע מען האָט זיך ניט גע־וואָלט צוהערען, ביז זי איז אָנגעקומען צום בעל שם טוב און אים געבעטען, אַז ער זאָל זי מתקן זיין, דאָס זי זאָל קענען אַרויפגיין אין אָרט פון מקור הנשמות. דער בעל שם טוב האָט וועגען דעם באַשטימט אַ געוויסען טאָג, ווען ער האָט די נשמה אויסגעלייזט.

דער בעל שם טוב האָט דאַמאָלט געזאָגט צו זיינע תלמידים: — איצט, מיינע קינדער, באַטראַכט די מורא׳־דיגע זאַך, וועט איר וויסען ווי צו היטען אייערע נשמות און די גופים. איר זאָלט גאָרניט אָנהויבען צו גיין אויף אַזעלכע מדרגות, וואָס זיינען העכער ווי אייערע מעגליכ־קייטען אין באַשטאַנד. איר זאָלט איבערהויפט ניט פאַר־לאָזען חלילה די תורה אפילו אויף איין רגע פאַר דער בעסטער זאַך פון דער גשמיות׳דיגער וועלט. איר זאָלט אייך ניט איינרעדען אין אייערע הערצער, אַז איר זענט פון די "בני עליה" און אַז ס׳איז שוין גענוג פאַר אייך וועניג צו לערנען. איר זאָלט קיין מאָל ניט פאַרגעסען, אַז "תלמוד תורה כנגד כולם". איר זאָלט זיך אויך שטי־צען אויף די אַנדערע זיילען: אויף עבודה, אָבער זי טון מיט ריכטיגער כונה, און אויף געבען גמילת חסדים, טאַקע כדי יענעם צו העלפען, ניט כדי מען זאָל זיך אליין צופרידענשטעלען מיט "טון אַ מצוה".

די מעשה איז קלאָר און דער נמשל איז קלאָר. זיי נויטיגען זיך נים אין ווײַטערע קאָמענטאַרען. דער בעל שם טוב האָט קלאָר זיך אַרויסגעזאָגט פאַר תורה לערנען און פאַר עבודה. ער האָט אויך געצייגט, אַז צו דאָס אַלץ מוז מען אויך האָבען אַ פעסטען כאַראַקטער ווידערצו-שטיין שלעכטע איינפלוסען.

## נאך א משל מיט א פוקס

וועגען דעם, אַז מען קען זיך נים שטענדיג פאַרלאָזען אויפ'ן צדיק, האָט דער בעל שם טוב געבראַכט אַזאַ משל:

„דער לייב איז אַמאָל געוואָרען אין כעס אויף זײַנע אונטערטאַנער די חיות פון וואַלד. זיי האָבען געבעטען דעם פוקס, אַז ער זאָל באַרוהיגען דעם מלך פון די חיות דורך דערציילען אים עפּעס אַ פּאַסיגען משל. דער פוקס האָט געענטפערט, אַז דורך דעם שרעק פאַר'ן לייב האָט ער פאַרגעסען אַלע משלים. צוליב דעם האָבען די חיות אַליין באַדאַרפט גיין צום לייב.

„אויף דעם זעלבען אופן, אין אַ צײַט פון שרעק דאַרפען די מתפללים זיך נים פאַרלאָזען אויף זייער רבי דאָס ער זאָל פאַר זיי מתפלל זײַן, נאָר יעדער פון זיי זאָל דאָס טון פאַר זיך אַליין".

## 32. התבודדות און איבער זינד

התבודדות הייסט פאראיינזאמען זיך, אפזונדערען זיך פון אנדערע, פארטיפען אין זיך אליין, זען ווי גאנץ מען איז אין דער אייגענער אינערליכקייט, און דעם אייגענעם גלויבען.

ר׳ ישראל בעל שם טוב האט שטארק געהאלטען פון אזא אינערליכער פארטיפונג, פון אזא זעלבסט-אויספארשונג. ער האט געהאלטען, אז דער מענש איז אין שטענדיגען קאמף מיט שעדליכע געדאנקען, דער שטן זוכט שטענדיג צו כאפען דעם מענשען אין זיינע נעצען, און דער מענש דארף זוכען זיך גוט רעכנונג צו געבען, צי ער איז ווידערגעשטאנען, צי ער האט פארמיידעט די שעדליכע געדאנקען און צי ער האט געטון גענוג מצוות, ווייל ער האט געהאלטען, אז דער מענש דארף ניט נאר זיין ריין פון זינד און שלעכטע געדאנקען, נור ער דארף אויך זיין רייך אין מעשים טובים.

אז ער האט געהאלטען דאס דער מענש האט שטענדיג צו קעמפען מיט שעדליכע געדאנקען קען מען זען פון דאס פאלגענדע:

איין מאל האבען די תלמידים פון בעש״ט געהערט, אז ס׳איז פאראן א מאן, פון וועלכען מען האט גערעדט, אז ער איז א גרויסער חכם. איינינגע פון די תלמידים האבען געבעטען דעם בעש״ט, אז ער זאל זיי ערלויבען איינזוכען דעם מאן און זיך באקענען מיט זיין לערע. ר׳ ישראל האט זיי דאס ערלויבט. האבען זיי אים ווייטער געפרעגט: ״אין ווי זאלען מיר דערקענען צי ער איז אן אמת׳ער צדיק?״

דערויף האט דער בעל שם טוב געענטפערט: —

״בעט אים, אז ער זאל אייך געבען אן עצה, וואס איר זאלט טון, אז שעדליכע געדאנקען זאלען אייך ניט באַאונרוהיגען ווען איר זיינט מתפלל, אדער ווען איר לערנט. וועט ער אייך געבען אזא עצה, דאן זאלט איר וויססען, אז ער איז איינער פון די נישטיגע, ווייל גראד צו

באַקעמפֿען מחשבות זרות איז דעם מענטשענס דינסט אין דער וועלט זײַן גאַנץ לעבען. ווידער אַמאָל און נאָך אַמאָל דערוועקען זיך בײַ אים שענדליכע געדאַנקען און דער מענש דאַרף ווידער אַמאָל, און נאָך אַמאָל, און שטענדיג זיך דערהויבען איבער זיי און זיך איבערגעבען צו דער לויב פֿון השם יתברך".

דער בעל שם טוב האָט אויך געלערענט, אַז דער גרעסטער צדיק דאַרף זיך האַלטען אין אײַן רייניגען, עס פֿאַרשטייט זיך גײַסטיג, אַחוץ פֿיזיש. ער האָט געזאָגט:

"ווען אַ מענש קוועטשט אויס ווײַנטרויבען אין אַ כלי מוז ער צוערשט נוצען אַ זיפּ מיט גרעסערע לעכלאַך איבערצוזײַען דעם ווײַן. נאָכדעם מוז ער נוצען אַ שטיק דיננע לײַווענט, וואָס מען באַנוצט בײַם מאַכען קעז. אָבער וויפֿיל מאָל מען זאָל ניט דורכזײַען ווײַן וועט זיך אַלץ אָבשטעלען עפּעס הייוועז, אָדער אַן אַנדערער עלעמענט. דאָס זעלבע מיט'ן צדיק. ער מוז זוכען זיך צו באַפֿרײַען פֿון זײַנע שלעכטע נײַגונגען און ער זאָל דאָס פֿאָרטזע-צען צו טון זײַן גאַנצען לעבען. און דאָך וועט שטענדיג בלײַבען עפּעס ניט גאָר עכטעס, וואָס וועט ווײַטער דאַר-פֿען געריינינגט ווערען"...

## זע ניט קיין שלעכטס אין אַ צווייטען

דער בעל שם טוב האָט אויך געהאַלטען, אַז ס'איז גאָר ניטאָ אַזאַ צדיק, וואָס זאָל ניט זײַן אונטערוואָרפֿען דער געפֿאַר צו זינדיגען, און דערפֿאַר טאַקע דאַרף דער צדיק זיך באַציען מיט געהעריגער פֿאַרשטענדניס אין נײַגונג פֿון פֿאַרגעבונג צו אַ זינדיגען. ער האָט געזאָגט:

"אַן אמת'ער פֿרומער מענש קען ניט זען קיין שלעכטס אין אַ צווייטען מענשען. ער וועט שטענדיג גע-פֿינען פֿאַר אים אַן ענטשולדיגונג אין אַ וועג צו פֿאַרגע-בונג. דער אמת'ער צדיק קען די מענשליכע שוואַכקײַ-טען. ווען ער זאָל דאָס ניט קענען וואָלט ער גאָרניט גע-וואוסט צו מענער אין פֿרייען זײַנען שולדיג אין זינד. ער וואָלט פֿאָלגליך ניט געקענט דינען פֿאַר אַ בײַשפּיל צו אַנדערע און וואָלט ניט געקענט לערנען דאָס פֿאָלק. אָט

צוליב דעם איז גארניט פאראן קיין מענש אויף דער וועלט וואס איז ניט אינטערגעוואָרפען צו טון א חטא. דאס קענען זינד, מאכט דעם צדיק מענשליך און דערמעגליכט אים צו פירען אנדערע".

דער בעל שם טוב האט געהאלטען אז דער מענש דארף אלץ וויסען. ער האט געזאגט: "דער מענש זאל לערנען וואס ס'איז שטאלץ און דאך זאל ער ניט שטאלץ זיין; ער זאל לערנען וואס ס'איז כעס און דאך ניט אין כעס ווערען. ווארים דער מענש קען ניט זיין קיין פאל-קאמענע פערזענליכקייט אויב ער קען ניט די מענשליכע שוואכקייטען. דער מענש זאל אלץ וויסען. גיט דען ניט די תורה אזא געשטאלט פון השם יתברך, אז ער באזיצט אי דין אי רחמים?"

אבער אט דערפאר טאקע ווייל דער צדיק איז אויך אינטערגעוואָרפען דער מעגליכקייט צו זינדיגען דארף ער זיך מתבודד זיין, כדי זיך קלאר רעכנונג צו געבען ווי עס זיינען זיינע געדאנקען און מעשים, און כדי צו געפינען דעם ריכטיגען וועג צו גאט.

## זיין אייגענע באציהונג צו גאט

וועגען זיין אייגענער באציהונג צו גאט האט דער בעל שם טוב ערקלערט: "אין דעם פסוק פון תהלים (ט"ז ח') "שויתי ה׳ לנגדי תמיד" — איך האב שטענדיג געשטעלט גאט פאר מיר — קען מען דאס ווארט שויתי אויך פארטייטשען "איך האב אויסגעגלייכט". אלץ איז פאר מיר גלייך ווערטה, ווייל איך דין שטענדיג גאט. מיך קימערט ניט צי מען לויבט מיך אדער מען טאדעלט מיך; צי איך עס דארע ברויט אדער בא'טעם'טע מאכלים. איך דין גלייך אונטער אלע באדינגונגען און אויף יעדען פלאץ; ווען איך בין אליין אדער ווען איך רעד צום פאלק; ווען איך בין אין דער היים אדער ווען איך בין אויפ'ן וועג. איך גלויב, אז גאט פארזארגט מיך שטענדיג. ער שיקט מענשען צו רעדען מיט מיר, ווייל ער וויל, אז איך זאל אים דינען דורך רעדען מיט זיי. ער פירט מיך אוועק פון מיין היים, ווייל ער וויל אז איך זאל אים דינען

ערגעץ אַנדערש. נישט איך, נאָר ער, מײַן גאָט, ווייסט וואָס ס'איז פֿאַר מיר גוט און וואָס ס'איז פֿאַר מיר שלעכט".

## דעם בעל שם טוב'ס עצות

אין שייכות צו פֿרומקייט און זינד האָט דער בעל שם טוב אויך געגעבען פֿאָלגענדע עצה:

"דענק נישט אַז דורך דײַן פֿרומקייט ביזטו העכער ווי דײַן מיטמענש. אויב ער באַזיצט אפילו נישט דײַן שכל איז ער דאָך גלײַך צו דיר, אויב ער איז מתפּלל צו גאָט אויף דעם בעסטען אופן וואָס ער קען. אַ וואָרם קען זײַן אַזוי וויכטיג ווי דו אין די אויגען פֿון שעפּער, אויב ער דינט אים מיט דער גאַנצער קראַפֿט, וואָס עס איז אים געגעבען געוואָרען".

ער האָט אויך געזאָגט:

"געדענק אַז דײַנע פּראָפּאַנע ווערטער זײַנען צוזאַמענגעשטעלט פֿון די זעלבע אותיות פֿון אלף בית ווי די היילינע ווערטער. דערפֿאַר איז אויך פֿאַראַן היילינקייט אין דײַנע ווערטער. דערברייננ זיי צו דעם שורש (צו דאָס הויכע, צו דאָס נײַסטליכע)".

דער בעל שם טוב האָט ערקלערט פֿאָלגענדעס וועגען דעם ווי צו באַקומען פֿאַרגעבונג פֿאַר זינד:

"אויב אַ מענש זינדיגט נישט ווויסענדיג, דאַן איז גענוג זײַן איפּריכטיגע חרטה און די פֿאַרשפּרעכונג אין זײַן מתודה זײַן זיך, אַז ער וועט דאָס מער נישט טון, כדי מען זאָל אים מוחל זײַן פֿאַר זײַן חטא. ווײַל די חרטה צוזאַמען מיט דער פֿולער כונה קיין מאָל נישט צו ווידערהאָלען דעם חטא קענען איבערקומען זינד, וועלכע ווערען געטון נישט אַבזיכטליך. אָבער ווען אַ מענש זינדיגט אַבזיכטליך, ווי קען ער וויסען צי זײַן אַבזיכטליכע חרטה קען באַזײַטיגען זײַן אַבזיכטליכע זינד? די סגולה ליגט אין אויפֿהאַלטען זײַן שטימונג פֿון חרטה פֿאַר אַ לאַנגער צײַט ביז ווען ער באַקומט דעם צוטרויען אַז זײַנע זינד וועלען פֿאַרגעבען ווערען".

דער בעש"ט האָט גענומען און באַטראַכט באַדינגונגען, באַזונדערס די פֿון גלות, און ער האָט געוואָרענט

רבנים און מגידים, דאָס זיי זאָלען ניט זיין צו שטרענג צו אידען און ווייניג שטראָף רייד. ער האָט וועגען דעם געגעבען אַזאַ משל:

"אַ בן מלך איז פאַרשיקט געוואָרען פון זיין פאָטער'ס מדינה. צוויי משרתים זיינען מיט אים געשיקט געוואָרען און מען האָט זיי באַאויפטראַגט, אַז זיי זאָלען באַריכטען ווי ער פירט זיך אויף. איין משרת האָט געמאַכט אַ טרוקענעם באַריכט פון די פאַקטען וואָס איז געווען ניט גינסטיג פאַר דעם פרינץ... דער צווייטער משרת האָט געמאַכט דעם זעלבען באַריכט, אָבער ער האָט צוגעזעצט, אַז דעם בן מלך'ס שלעכטע אויפפירונג איז אַ פאָלגע פון דעם וואָס ער איז אין גלות, דאָס שאַפט ביי אים אַ געפיל פון שאַנדע און מרה שחורה. דורך אָט דעם באַריכט האָט דער פאָטער געהאַט מיטלייד מיט זיין זון, האָט אים צוריקגעבראַכט צו זיין פּאַלאַץ, און ער האָט באַלוינט דעם געטרייען משרת.

"אַלץ אַזוי ווען אַ רב אָדער אַ בעל דרשן זאָגט מוסר צו אידען זאָל ער געברויכען די מעטאָדע פון צווייטען משרת. ער וועט אויף אַזאַ אופן געפינען גנאָד אין די אויגען פון פאָטער אין הימעל".

ער האָט אָבער אויך געוואָרענט זיך שטאַרק צו היטען פון זינד. ער האָט געזאָגט:

"די גרעסטע פרייד פון שטן איז ווען אים געלינגט איינצורעדען אַ מענשען, אַז אַן עבירה איז אַ מצוה. ווייל ווען דער מענש איז שוואַך גענוג צו באַגיין אַן עבירה ווייסענדיג, אַז דאָס איז אַ זינד, קען ער נאָך חרטה האָבען, פאַר וואָס ער האָט עס געטון. אָבער ווען ער גלויבט, אַז די אָבגעטיילטע זאַך איז אַ מצוה, כאָטש אין אמת'ן איז עס אַן עבירה, דאַן וועט ער אפילו קיין חרטה ניט האָבען, ווייל ווער וועט חרטה האָבען אויף אַ זאַך וואָס ער מיינט אַז עס איז אַ מצוה?"

דאָס הייסט, אַז כאָטש ר׳ ישראל בעל שם טוב איז געווען פיל מיט פאַרגעבינג פאַר אַ זינדיגען, האָט ער אָבער צו דער זעלבער צייט זייער שטאַרק געוואָרענט, אַז מען זאָל זיין פאָרזיכטיג מיט יעדער טאַט וואָס מען טוט.

## 33. עניוות

ר׳ ישראל בעל שם טוב האָט פֿאָלשטענדיג נאָכגע-פֿאָלגט דעם גײַסט פֿון דער תורה, ווען ער האָט אַוועקגע-שטעלט עניוות אַלס איינע פֿון די העכסטע מענשליכע מדות.

ער האָט געמאַכט אַזאַ פּירוש אויף דעם פסוק פֿון דניאל, ב׳ כ״ב: „הוא גלא עמיקתא ומסתרתא ידע מה בחשיכא ונהורא עמה שרא״— ער האָט געוואוסט וואָס ס׳איז פֿינסטערניש דערפֿאַר איז ליכטיגקײַט געווען מיט אים... אָט אויף דעם פסוק האָט דער בעל שם טוב גע-זאָגט: „דער וואָס ווייסט, אַז ער איז אונבאַדײַטענד אפילו צווישען די אונגעוויסענדע וועלכע לעבען אין פֿינסטערניש, אָט דער וועט האָבען דאָס הייליגע ליכט אים צו באַ-לײַכטען״.

ער האָט אויך געזאָגט:

„ווען אַ מענש דינט גאָט שטענדיג האָט ער ניט קיין לוסט זיך גרויס צו האַלטען אָדער צו אַנדערע ניט אַנגענעמע נײַגונגען. ער פֿילט, אַז ער געהערט ניט צו דער וועלט. אים קימערן ניט די אַכטונג און ניט די פֿאַר-אַכטונג פֿון מענשען. ער איז פֿעהיג צו טון גוטע מעשים אָנע זיך צו האַלטען גרויס דערמיט וואָס ער טוט זיי״.

בײַ אַן אַנדערער געלעגענהײַט האָט ער ערקלערט:

„אַ מענש דאַרף זײַן הויכמוטיג אין זײַנע שבחים פֿאַר אַ גוטען מענשען. אָבער ווען ער לויבט זיך אַליין, זאָגענדיג: „ראובן איז זייער קלוג, אָבער קיינער האָט אים ניט געקענט איבערשטײַגען אַזוי ווי איך״ — אָט אַזאַ אייגען-לויב איז ניט פּאַסיג. בנוגע דעם ענין ווי אין אַנדערע ענינים מוזען מיר מאַכען אַן אונטערשיד: אין ליבע דאַרפֿען מיר ליבען דאָס גוטע און ניט דאָס שלעכ-טע; אין מורא דאַרפֿען מיר מורא האָבען פֿאַר גאָט און ניט פֿאַר אָרימקײַט; אין שבחים דאַרפֿען מיר לויבען

גאָט און ניט זיך זעלבסט; און דורשט צו לערנען דאַר-פֿען מיר לערנען תורה און ניט קיין נוצלאָזע זאַכען״.

דער בעש״ט האָט נאָך געזאָגט:

״עס איז נאַטירליך, אַז אַ טאַלענטירטער מענש זאָל וועלען שטאָל׳ן, און ער זאָל עס גאָרניט באַמערקען. אָבער ווען ער שטרעבט צו זיין ענו׳דיג און זיין באַציהונג צו מענשען, כאַפּט ער זיך ווי פֿול מיט שטאָלץ ער איז געווען. ס׳איז פּונקט ווי אַ מענש פֿאָרט מיט אַ וואָגען און ווערט אַנטשלאָפֿען. דער וואָגען דאַרף אַרויפֿגיין אויף אַ באַרג. ווען דער מאַן כאַפּט זיך אויף זאָגט מען אים אַז ער איז אויף אַ באַרג. ער גלויבט זיך דאָס ניט, אָבער ווען דער וואָגען פֿאָרט באַרג אַראָב גיט ער זיך שוין רעכנונג ווי הויך ער איז געוועזן״.

דער בעל שם טוב האָט אָבער אויך געהאַלטען, אַז דערנידעריגען זיך איז ניט ענוות, פֿאַרקערט, דאָס איז אַ שעדליכע זאַך, אַ פֿאַלשע באַציהונג צו זיך אַליין. ענוות איז ניט האַלטען זיך גרויס, אָבער ס׳איז ניט זיך מאַכען קליין און נידעריג, איבערהויפּט ניט זיך מאַכען אַזוי ביי מענשען אין די אויגען. ״די גרעסטע זאַך איז ווען די פֿאַרגעסט, אַז דו ביזט אַ בן מלך״— האָט ער געזאָגט. און ער האָט ערקלערט, אַז דער עיקר פֿון ענוות איז, דאָס דו זאָלסט פֿילען, אַז די אַנדערע מענשען זיינען גלייך צו דיר און דו ביזט גלייך צו די אַנדערע.

## נעגען פאלשע ענוות

ענוות דאַרף אויך ניט זיין קיין געקינצעלטע זאַך. מען דאַרף מיט ענוות גופא ניט זיך גרויס האַלטען, ווייל דאָס מאַכט בטל די ענוות. עס דאַרף ליגען אין דער אי-נערליכקייט, אינ׳ם פֿילען, ניט אַלס געצוואונגענע איינ-געאיינזיגטע זאַך, נאָר אַלס אַ אינערליכער אויסדרוק פֿונ׳ם מענשענס כאַראַקטער.

דער בעל שם טוב איז געוועזן פֿאַר ענוות, אָבער נאָר פֿאַר אויפֿריכטיגער ניט קיין פֿאַלשער. ער האָט געזאָגט:

"פֿאַלשע ענוות'דיקײַט קען פֿאַרגעשטעלט ווערן אויף אַזאַ אופֿן:

"אַ מאַן איז געווען געלערנט, טאַלענטירט און גוטהאַרציק, אָבער ער האָט געהאַט אַ שוואַכקײַט, ער האָט זיך געהאַלטן גרויס. מען האָט אים געזאָגט, אַז ווען ער זאָל זיך אויסלערנען זײַן אַן ענו וואָלט ער געוואָרן אַ פֿאָלקאָמער מענטש. ער האָט געפֿאָלגט און האָט געלערנט ווי צו זײַן אַן ענו. אין אַ טאָג האָט אַ מאַן צו אים עפּעס באַמערקט, האָט דער דאָזיגער מאַן צו אים געזאָגט: "דו נאַר! ווייסטו דען ניט, אַז זינט איך לערן ווי צו זײַן אַן ענו בין איך אַ פֿאָלקאָמער מענטש".

אָט אַזאַ מין לערנען ענוות איז אַ ווידערשפּרוך, אַ אומזין.

# אַ משל מיט אַן איי

נאָך אַ בײַשפּיל האָט דער בעל שם טוב געבראַכט:

"אַ פּויער האָט געהאַלטן אַן איי אין זײַן האַנט, און האָט זיך צוגעזונגען: "איך וועל לייגן דאָס איי אונטער אַ הון. זי וועט אַרויסברייטנגען דערפֿון אַ הינדעלע, און איך וועל פֿון זייערע אייער באַקומען אויף דעם זעלבן אופֿן נאָך הינדעלעך. איך וועל זיי פֿאַרקויפֿן, און וועל זיך קויפֿן אַ קוה און..." בעת ער האָט אַזוי געמאַכט זײַנע גרויסע פּלענער האָט ער געגעבן אַ קוועטש דאָס איי און ס'איז צובראָכן געוואָרן צווישן זײַנע פֿינגער.

"אויף דעם זעלבן אופֿן האַנדלען געוויסע מענטשן. זיי זײַנען זעלבסט-צופֿרידן מיט דער ביסעל וויסן וואָס זיי האָבן זיך דערוואָרבן און זיי דענקען שטענדיק, אַז זיי זײַנען העכער פֿון אַנדערע און מאַכן אַלץ פּלענער ווי זיך צו הייבן העכער און העכער איבער אַנדערע, און זיי זעען ניט אײַן, אַז דורך דעם פֿאַרלירן זיי אויך דאָס ביסעלע וואָס זיי האָבן זיך דערוואָרבן".

## כובש את עצמו

און נאָך אַ בײַשפּיל:

"מיר געפינען אין פּרקי אבות: "ווער איז אַ גבור? דער וואָס קען אײַנהאַלטען זײַן ווילען". דאָס קען אילוס-טרירט ווערען אויף אַזאַ אופן: אַ שומר האָט געהערט ווי אַ גנב זוכט אײַנצוברעכען אין אַ הויז. ער האָט גענו-מען שרײַען און דער גנב איז אַנטלאָפען. אַן אַנדערער שומר, וועלכער האָט דאָס געהערט, האָט שוין צוגעגרייט קייטען פאַר די הענד. ווען דער גנב האָט געזוכט אײַנצו-ברעכען האָט ער אים געכאַפּט און האָט אים געשמידט אין קייטען.

"אַ גוטער מענש, ווען אַ שלעכטער באַגער רייצט אים, טרײַבט ער דאָס אַוועק פון זיך. אַן אַנדערער צדיק אונטערדריקט זײַן באַגער דורך דינען גאָט. אָט דערפאַר לערענט מען אונז: "ווער איז אַ גבור, דער וואָס האַלט אײַן זײַנע לײַדענשאַפטען, זײַנע באַגערען און די קוואַלי-טעטן פון זײַן כאַראַקטער צו דינען גאָט".

## זיך דערקענט — און דאס איז שוין א דערגרייכונג

אַ מאַן איז געקומען צום בעל שם און האָט זיך באַ-קלאָגט: "איך האָב שווער געאַרבײַט מײַן גאַנצען לעבען אין דער דינסט פון גאָט און דאָך האָב איך ניט באַקומען קיין שכר. איך בין אַלץ אַ געוועהנליכער און אונוויסענדער פערזאָן".

דער בעל שם טוב האָט אים געענטפערט: "דו האָסט גערגרייכט צו קענען באַגרייפען, אַז דו ביזט אַ געוועהנלי-כער אונוויסענדער מענש און דאָס איז שוין אַ ווערטה-פולע דערגרייכונג".

## 34. דער פאַרשטערטער שבת

אין שייכות צו דעם, אַז דער גרעסטער צדיק קען אפשר ניט זײַן ריין פון זינד, ווערט דערציילט פאָלגענדע מעשה:

ס'איז געווען אין אַ ווינטער, אין אַ מיטוואָך. דער בעל שם טוב איז געזעסען אַרומגערינגעלט פון זײַנע תלמידים און זיי האָבען גערעדט וועגען דעם אונבאַגרע-ניצטען רחמנות, וואָס גאָט האָט צו זײַנע באַשעפעניסען. פּלוצלינג האָט ער געהייסען שפּאַנען דעם שליטען, און געזאָגט, דאָס אויב וועלכער ס'איז פון די תלמידים וויל קען ער מיטפאָרען. זיי האָ-בען זיך ערקלערט גרייט. דער שליטען איז תיכף גע-שפּאַנט געוואָרען. דער בעש"ט און די תלמידים האָבען זיך אויפגעזעצט. דער קוטשער אַלעקסעי איז געזעסען פון פאָרענט און זיי זײַנען אָבגעפאָרען. ווי דער שטייגער איז געווען האָט אַלעקסעי אפילו ניט געפרעגט וואוהין צו פאָרען, און אַזוי ווי דער הייליגער צדיק האָט אים ניט געזאָגט קיין באַשטימטען פּלאַץ האָט ער אײַנגעשטעקט די בײַטש אין שליטען, פאַרדרייט די לייצעס אין עפּעס, און ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט'ן פּנים צום בעל שם טוב און געלאָזט גיין די פערד וואו זיי ווילען. אַלעקסעי האָט פאַר אַ ווײַלע זיך צוגעהערט צו דעם שמועס פון בעש"ט מיט די תלמידים, און ער האָט באַלד אָנגעהויבען דרימלען. אַזוי זײַנען זיי געפאָרען ביז מנחה צײַט, ווען די פערד האָבען זיך אָבגעשטעלט, אין מיטען פעלד, ווײַט פון אַ ישוב. דאָס פעלד איז געווען טיף פאַרשנייט און מען האָט עפּעס אַנדערש ניט געזען ווי בלויז שניי און הימעל. די תלמידים האָבען געקוקט איינער צום צווייי-טען, געווען שטאַרק פאַר'חידוש'ט, אָבער זיי האָבען ניט געוואַגט עפּעס צו פרעגען.

ר' ישראל איז אַראָב פון שליטען, זיך געוואַשען די הענד מיט שניי, די תלמידים האָבען דאָס נאָכגעטון, און זיי האָבען צוזאַמען מיט דעם רבי'ן געדאַווענט מנחה.

פֿאַרטיג געוואָרען מיט'ן דאַווגען, איז דער בעש"ט צוריק אַרויף אויפֿ'ן שליטען, די תלמידים נאָך אים, און ער האָט געהייסען אָלעקסעי'ן ווייטער פֿאָרען. ער האָט ווידער געטון ווי פֿריער, און די פֿערד זיינען ווידער גע-גאַנגען וואוהין די פּיס האָבען זיי געפֿירט.

די תלמידים האָבען געהאָפּט, אַז זיי וועלען אין גיכען אָנקומען צו אַ אידישען ישוב, ווייל אפילו אויב דער ישוב איז הונדערטער מיילען ווייט קענען דעם בעש"ט'ס פֿערד דעם מהלך דורכלויפֿען כהרף עין. אָבער מען האָט קיין ישוב ניט געזען. האָט מען זיך ווידער אָבגעשטעלט און געדאַווענט מעריב. און מען איז ווייטער געפֿאָרען. דער בעש"ט האָט אָנגעהויבען צו רעדען פֿון גאָר הויכע ענינים. ער האָט זיי ענטפלעקט גאָר טיפֿע פֿאַרבאָרגענע סודות, וואָס ניט יעדער איז גאָר זוכה צו פֿאַרשטיין, און זיי האָבען זיך צו אים צוגעהערט מיט אַזאַ התלהבות, אַז זיי האָבען גאָר ניט באַמערקט די קעלט און די לאַנגע ווינטער נאַכט, דורך וועלכער זיי זיינען געפֿאָרען מיט דעם שליטען. ווען ס'איז טאָג געוואָרען האָבען זיי געזען אַז זיי פֿאָרען דורך אַ געדיכטען וואַלד מיט גרויסע בוי-מער, וועלכע זיינען ווער ווייסט ווי אַלט געווען. זייער חידוש איז געוואָרען נאָך גרעסער. וואָס זאָל דאָס באַדיי-טען? וואוהין פֿאָרט מען עס? אָבער ס'איז ניט געקומען קיין שום ערקלערונג, ניט פֿון בעל שם טוב און אויך ניט צום בעל שם טוב. האָט מען געהאָפֿט אַז אפשר בייםֿ שחרית דאַווגען וועט זיך צייגען עפּעס אַ סמן. האָט ער זיך אָנגעטון טלית און תפילין, געהייסען פֿאַרקערעווען אין וואַלד אַריין און זיי האָבען זיך געשטעלט דאַווגען. דער פֿראָסט איז געווען שטאַרק, די בוימער זיינען געווען ווי פֿאַרגליווערט, און אויך די הימלען האָבען אויסגעזען צו זיין געשלאָסען און זיי האָבען ניט אַרויסגעלאָזען קיין שום סוד, אַז ער זאָל אויפֿגעדעקט ווערען.

נאָכ'ן דאַווגען איז מען ווייטער געפֿאָרען. די פֿערד זיינען שוין געווען מיד, זיי האָבען קוים געקענט הויבען די פֿיס, אָבער דער בעש"ט האָט געטרייסט זיינע תלמידים, אַז דער יודע הכל ווייסט וואוהין זיי פֿאָרען און ער וועט זיי

שוין דערפֿירען צו דעם ריכטיגען פלאַץ. זיי דאַרפֿען נאָר האָבען בטחון. אַזוי איז אַריבער אויך דער טאָג און די נאַכט פֿון דאָנערשטאָג, און ס'איז געוואָרען ערב שבת. די תלמידים האָבען זיך זאָגאַר אָנגעהויבען שרעקען, אַז זיי וועלען בלייבען שטעקען שבת אין מיטען פֿעלד... נאָר אַז דער בעש"ט האָט געהייסען האָפֿען, האָפֿט מען, מען איז גובר די אינערליכע אונרוהיגקייט און מען וואַרט צו זען וואָס ס'וועט ווייטער זיין.

ענדליך האָט אָנגעהויבען דער וואַלד ווערען שיטע-רער און זיי האָבען דערזען אויף אַ פלאַץ נאָענט פֿון ברעג וואַלד אַ שענקעל מיט אַ הויף אַרום. ווען דער וואָ-גען האָט זיך דערנענטערט צו דעם שענקעל האָבען זיי דערזען נעבען טיר אַ הויכען מאַן אָנגעטון ווי אַ וואַלד-מענש מיט אַ ברייטען לעדערנעם גאַרטעל, אין וועלכען ס'האָט געשטעקט אַ מעסער. ער האָט אויך געהאַט אַ גראָבען אויסזען. דער מאַן איז זיי ניט געפֿעלען געוואָ-רען. די תלמידים האָבען זיך פּשוט פֿאַר אים געשראָקען און טראָץ דער גרויסער מידיגקייט האָבען זיי געוואָלט בעסער ווייטער פֿאָרען איידער זיך דאָרט אָבשטעלען. פּליצלינג האָט דער מאַן אויסגעשריען אויף אַ גראָב קול, אָבער אין אידיש: "וועלכע שוואַרצע יאָר האָט אייך אַהער געבראַכט?"... דער לשון איז דעם בעל שם טוב ניט געפֿעלען געוואָרען, נאָר אַזוי ווי דער מאַן איז דאָך געווען אַ איד וואָס האָט גערעדט אידיש, און אַזוי ווי די פֿערד האָבען זיך פּלוצלינג אָבגעשטעלט, און אַזוי ווי ר' ישראל האָט געוואוסט, אַז יעדע זאַך וואָס געשעט, ווי שלעכט זי זאָל זיין, האָט אַ צוועק און אַ ציעל צום גוטען, איז ער אַראָב פֿון שליטען און די תלמידים נאָך אים.

עס האָבען זיך אָבער באַלד באַוויזען גרויסע כלבים, וואָס האָט די שרעק ווייערע נאָך מער פֿאַרגרעסערט.

דער אייגענטימער פֿון שענקעל האָט צוערשט זיי ניט געוואָלט אַריינלאָזען. ער האָט זיי געהייסען ווייטער פֿאָרען אין האָט זיי געדראָט דאָס אויב זיי פֿאָרען ניט אַוועק וועט ער אָנרייצען אויף זיי זיינע גרויסע כלבים.

זיי האָבען אים אָבער געבעטען, אַז ער זאָל אויף זייערע רחמנות האָבען; זיי שלעפּען זיך שוין דעם דריטען טאָג אויפ׳ן וועג. זיי האָבען די גאַנצע צייט ניט געגעסען. און וואוהין קענען זיי ווייטער פאָרען, אַז ס׳איז שוין כמעט שבת. דער מאַן האָט זיך געלאָזט לענגער בעטען, אָבער צום סוף האָט ער נאָכגעגעבען, אַז זיי קענען אַריינקומען אין שענקעל און דאָרט בלייבען איבער שבת, אָבער מיט דער באַדינגונג, אַז זיי זאָלען גאַנץ שטיל דאַוונען. זיי זאָלען זיך ניט שאָקלען, ניט זאָגען הויך קדוש און ניט זינגען קיין זמירות, כדי די גוים זאָלען גאָר ניט הערען און גאָר ניט וויסען, אַז אידען זיינען צו אים פאַרפאָרען. זיי האָבען מסכים געווען; אַ ברירה האָבען זיי געהאַט? דעם בעל שם טוב אליין איז געווען קשה וואָס ס׳קומט פאָר, און ער האָט געוואָלט זען וואָס אייגענטליך האָט אים אַהין געפירט.

דער בעל אכסניה, וועלכער האָט אויסגעזען אַזוי פאַרגרעבט, האָט גלייך זיי גענומען פאַרפאַלגען. וואָס זיי האָבען געוואָלט טון איז ער זיי געווען דערווידער. האָבען זיי ביי אים געפרעגט אויף אַ נאָענטען טייכעל זיך צו טובל׳ען, האָט ער זיי געשאָלטען, און געענטפערט, אַז זיי וועלען ניט פאַר׳עפּוש׳ט ווערען אָן טבילה. האָבען זיי געוואָלט לענגער דאַוונען און וואַרטען מיט׳ן קידוש, אַז דער מזל מאדים זאָל אַריבער און מען זאָל ריכטיג קענען אָנפאַנגען דעם שבת, האָט ער ווידער געשאָלטען און געשריען, אַז ער איז הונגעריג און ער וויל ניט וואַרטען.

יענער גאַנצער שבת איז געווען פאַר דעם בעל שם טוב און זיינע תלמידים אַ גיהנום, רחמנא ליצלן. דער בעל אכסניה האָט זיי ניט געגעבען קיין מנוחה. ער האָט געלאָזט טון אַזעלכע זאַכען, וואָס האָבען פשוט געשטערט די שבת רוה. און ווען דער בעל שם טוב האָט זיך געוואָלט פאַרטיפען אין רעיונות און אַוועקלאָזען זיין מחשבה צו די הויכע וועלטען, האָט דער גראָבער מענש געלאַכט, חוזק געמאַכט פון אים, און ר׳ ישראל האָט דערפילט אַז ס׳איז פינסטער; פאַרהילט זיינען אַלע היכלות, וואָס זיינען תמיד געווען פאַר אים אָפען.

קוים מיט שווערער מיה זײַנען זיי אַריבער דעם
שבת, און זונטאָג אין דער פֿרי האָט דער בעל שם טוב
שוין געוואָלט אָבפֿאָרען מיט די תלמידים, כאָטש ער
האָט נאָך ניט געהאַט קיין תשובה אויף דער פֿראַגע, וואָס
ס'האָט אים אַהין געבראַכט. אָבער ווי ער האָט זיך גע-
לאָזט גיין צום שליטען איז אים אַקעגען געקומען אַ פֿרוי,
וואָס האָט אויסגעזען גאַנץ בעל הבתיש, און זי האָט אים
געזאָגט:

— היילינגער בעל שם טוב, איך בעט אײַך, זײַט ניט
ברוגז, וואָס איר האָט דערפֿילט מײַן בקשה צו זײַן בײַ
אונז אויף שבת.

ר' ישראל האָט זי ניט אָנגעקוקט, נאָר ער האָט איר
געפֿרעגט:— פֿון וואַנען ווייסטו אַז איך בין דער בעל
שם? און אויב דו ביזט טאַקע זיכער אין דעם, פֿאַרוואָס
האָסטו דערלאָזען אַז מיר זאָלען האָבען אַ פֿאַרשטערטען
שבת?

— איר דערקענט מיך ניט?— האָט די פֿרוי ווײַטער
געזאָגט — איך בין אָהרע, די יתומה, וואָס האָט אַמאָל גע-
דינט אין אייער הויז. איך האָב ניט געהאַט קיין ריינעם
קאָפּ און די רביצען פֿלעגט מיך קעמען. עס פֿלעגט מיר
שטאַרק וויי טון, און אין אַן ערב שבת האָב איך זיך ניט
געוואָלט לאָזען קעמען, האָט די רביצען, אייער ווײַב,
מיר געגעבען אַ קלאַפּ, און איר האָט זיך צוגעקוקט און
האָט געשוויגען. איך בין געבליבען באַזאָרגט ניט אַזוי
פֿון דער רביצענ'ס קלאַפּ ווי פֿון דעם וואָס איר האָט גע-
שוויגען. ס'ווערט דאָך בפירוש געזאָגט "אלמנה ויתום לא
תענון"... איך בין זינט דאַמאָלט ריין געוואָרען, איך האָב
חתונה געהאַט, און ענדליך האָב איך דאָס דערציילט מײַן
מאַן, וועלכער איז אויך אַ צדיק, אַ נסתר. האָט ער גע-
זאָגט, אַז מיר מוזען זען דאָס דער בעל שם טוב זאָל אָב-
קומען אויף דער וועלט פֿאַר זײַן פֿאַרשווײַגען די יסורים
פֿון אַ יתומה, אַזוי אַז ער זאָל ניט דאַרפֿען דערפֿאַר ליידען
אויף יענער וועלט.

אין אַזוי איז קלאָר געוואָרען פאַר וואָס דער בעל שם טוב איז אַהין געבראַכט געוואָרען צו האָבען. אַ פאַר-שטערטען שבת.

די מעשה איז אַ גאַנץ כאַראַקטעריסטישע, אָבער איך וויל באַמערקען, אַז זי איז געבויט אין אַ געוויסען הינזיכט אויף דעם יסוד פון דעם פירוש, וואָס דער בעל שם טוב האָט געמאַכט בנוגע ר' עקיבא, פאַר וואָס גאָט האָט אים געלאָזט שטאַרבען דעם טויט פון אַ מאַרטירער, וואָס איך האָב שוין איבערגעגעבען.

די מעשה איז פון אַנדערע, ניט פון בעל שם טוב אליין, דערציילט געוואָרען. ס'איז ניט איינע פון זיינע איינגענע משלים.

## 35. צדקה

ס'איז געווען גאַנץ נאַטירליך, אַז דער בעל שם טוב זאָל שטאַרק האַלטען פֿון צדקה. ער האָט דאָך געגלויבט מיט דער גאַנצער טיפֿעניש פֿון זיין הויכען גייסט, אַז גמילת חסדים איז איינע פֿון די דריי יסודות פֿון דער וועלט. ס'איז אָבער אויך כדאי אונטערצושטרייכען, אַז ניט נאָר האָט ער גערעדט פֿון צדקה און געבראַכט איינינגע פֿון זיינע פערלדיגע משלים אין שייכות צו דעם ענין, נאָר ער האָט זיך דירעקט באַטייליגט אין צדקה אַרבייט.

אפילו היסטאָריקער וועלכע האַלטען ניט שטאַרק פֿון זיין לערע געבען צו, אַז ער פֿלעגט זיך ניט צופֿרידענשטעלען בלויז מיט תפילה און מיט געבען קמיעות און ברכות, נאָר ער פֿלעגט טיילען צדקה צו אָרימע לייט. און איבערהויפט פֿלעגט ער זיך פֿיל באַשעפֿטיגען מיט „פדיון שבויים”. ער פֿלעגט זאַמלען געלד, כדי צו באַצאָלען חובות פֿאַר קליינע אַרענדאַטאָרס, וועלכע זיינען געשטאַנען אין סכנה געפיינינגט צו ווערען פֿאַר ניט צאָלען די פוילישע פריצים דאָס וואָס זיי זיינען שולדיג געווען. אויך האָט ער געזוכט דורך געלד מיטלען צו באַפֿרייען אידען וועלכע פֿלעגען אַרעסטירט ווערען דורך פֿאַרשידענע בלבולים, וואָס מען פֿלעגט מאַכען אויף זיי. ער פֿלעגט אויך ניט פֿאַרגעסען די פֿאַמיליעס פֿון די אַרעסטירטע. דאָס איז געווען אַ קאָלאָסאַלע וויכטיגע אַרבייט אין זיין צייט, און ער האָט זיך איר איבערגעגעבען מיט דער גאַנצער ערנסטקייט, וואָס ער האָט באַזעסען.

וועגען דעם וואָס ר' ישראל בעל שם טוב האָט געזאָגט וועגען צדקה ווערט דערציילט אַזאַ מעשה'לע:

דער בעש"ט איז אַמאָל געפֿאָרען מיט זיין קליינעם זון הירשעלע קיין מעדזשבאָזש מבקר חולה צו זיין דעם רב פֿון שטאָט, וועלכער איז געווען קראַנק. דער רב איז געווען אַ רייכער מאַן און ער האָט געהאַט אין הויז אַ

גלעזערנע שאַפּע מיט זילבערנע כלים. בעת דער קליי־נער הירשעלע האָט באַוואונדערט דאָס זילבערוואַרג, האָט זיין פאָטער, דער בעש"ט, צו אים געזאָגט:

"זינדעלע מיינס, דו דענקסט אודאי אין דיין הער־צעלע, אַז די זילבערנע כלים שטייען ניט אין ריכטיגען פלאַץ, און ס'וואָלט בעסער געווען, ווען זיי שטייען אין דיין פאָטער'ס הויז. דו ביזט האַלב גערעכט און האַלב געפעלט. דאָס זילבערוואַרג שטייט טאַקע ניט אין ריכ־טיגען פלאַץ, אָבער ניט דערפאַר ווייל ס'באַלאַנגט ניט צו אונז. איך וואָלט עס גיכער אַוועקגעגעבען אויף צדקה אַנשטאָט עס זאָל גלאַט שטיין ווי נוצלאָזע אָרנאַמענטען".

# פיר קאטעגאריעס נדבות.

עס ווערט דערציילט, אַז דער בעל שם טוב האָט געזאָגט:

"וואָס איז נוגע געבען צדקה זיינען דאָ פיר קאַטע־גאָריעס, ווי עס ווערט ערקלערט אין פרקי אבות: "דער וואָס ווינשט אַליין צו געבען אָבער ניט אַז אַנדערע זאָ־לען געבען; דער וואָס ווינשט, אַז אַנדערע זאָלען געבען אָבער ניט ער זעלבסט; דער וואָס גיט און ווינשט, אַז אַנדערע זאָלען געבען; דער וואָס גיט ניט אַליין אין ווינשט ניט, אַז אַנדערע זאָלען געבען".

דער בעש"ט האָט דערויף געמאַכט אַזאַ פירוש: "די לעצטע פערזאָן שיינט ניט צו האָבען וועלכע ס'איז פאַרבינדונג מיט געבען צדקה; הייסט דאָך, אַז עס זיי־נען נאָר דאָ דריי קאַטעגאָריעס פון געבען צדקה. פאַר־וואָס־זשע שטייט, אַז עס זיינען דאָ פיר? אָט פאַר וואָס: אין ליכט, ווי מען ווייסט, עקזיסטירט ווייל ס'איז פאַראַן פינסטערניש; חכמה איז פאַראַן ווייל ס'איז דאָ נאַריש־קייט; גערעכטיגקייט איז פאַראַן ווייל ס'איז דאָ שלעכט־קייט; פאַרגעניגען — ווייל ס'זיינען פאַראַן יסורים; זכרון — ווייל ס'איז פאַראַן פאַרגעסליכקייט. די צווייטע זאַך פון די אויסגערעכענטע איז די שטול, אויף וועלכע עס זיצט די ערשטע זאַך. דאָס ערשטע איז ווי ווען אַ

מענש האלט אַ זאַך אין זײַן אויסגעשטרעקטער האַנד, און די צווייטע זאַך איז די שטול אויף וועלכער ער זיצט צו האַלטען די גוטע זאַך אין זײַן האַנד. אויף דעם זעל־בען אופן קען מען זאָגען, אַז דער וואָס איז ניט קיין בעל צדקה איז די שטול אויף וועלכער עס זיצט דער בעל צדקה; ער איז ווי אַ האַנד וואָס האַלט אין דער הויך דעם בעל צדקה".

אין פשוט'ע ווערטער מיינט עס, אַז דורך דעם וואָס עס זײַנען פאַראַן אַזעלכע וואָס געבען ניט, ווערט דער וואָס גיט נאָך מער דערהויבען, און דאָס איז שוין אויך אַ בײַטראַג צו צדקה.

# א משל מיט צוויי פארמערם

דער בעל שם טוב האָט אויך געהאַלטען, אַז ס'איז ניט גענוג פאַר אַ מענשען צו געבען געלד פאַר צדקה, נאָר ער דאַרף זיך דירעקט פאַראינטערעסירען צי דאָס געלד ווערט ריכטיג צוטיילט. ער האָט וועגען דעם דער־ציילט אַזאַ מעשה'לע:

"אַ פאַרמער האָט פאַרשפרייט אַ גרויסע מאַסע פון זריעה און ער איז געווען בײַ זיך זיכער, אַז ער וועט שנײַדען אַ גרויסע ערנטע. אָבער אַנשטאָט אויפצופאַסען אויף זײַן פעלד האָט ער פאַרלוירען זײַן צײַט אין שענק. אַלס רעזולטאַט האָט זיך אויף דעם פעלד באַוויזען קראָ־פּאָווע און פויגעל האָבען אויפגעגעסען די זריעה.

"אַ צווייטער פאַרמער האָט פאַרזייט אַ קליינע בי־סעל זריעה, אָבער ער האָט גוט אויפגעפאַסט אויפ'ן פעלד. ער האָט באַקומען פיל מער תבואה ווי דער ערשטער פאַרמער".

דער נמשל:

"איינער מאַן גיט אַ גרויסע סומע אויף צדקה, אָבער ער פרעגט זיך ניט נאָך אויף וואָס פאַר אַן אופן דאָס געלד ווערט אַדמיניסטרירט. אַלס פאָלגע דערפון ווערט ווייניג וואָס גוטעס דערגרייכט. אַ צווייטער גיט קליינערע סו־

מען, אָבער ער אינטערעסירט זיך מיט דעם צוועק פון דער צדקה און דאָס ברייננגט גוטע רעזולטאַטען״.

ער האָט אויך געצויגען אַזאַ שלום:

״איין מענש זאַמעלט אָן פילע מצוות און זאָגט פילע תפילות אָן ריכטיגע אויפפאַסונג; אַ צווייטער טוט ווע-ניגער מצוות, אָבער ער צייגט קאָנצענטראַציע און אויפ-ריכטיגקייט. אַלס פאָלגע האָט ער אַ גרעסערען שכר״.

דאָס הייסט אַז ער האָט דעם משל אויך באַנוצט פאַר טיפערע ענינים.

## די ריכטיגע גוטע טאַט און איר באלוינונג

דער בעל שם טוב האָט אויך דערציילט פאָלגענדע מעשה׳לע:

״אַ איד צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער זיינען געבראַכט געוואָרען געשמידט אין קייטען אין שטאָט אַריין, און דער וועכטער האָט אויסגערופען אויף אַ הויכען קול: ״סאיידען עס וועט זיך געפינען אימיצער וואָס וועט צאָלען 300 טאָלער אויסלייז געלד פאַר די געפאַנ-גענע, וועט מען זיי אַריינוואַרפען אויף לעבענס לאַנג אין תפיסה, ווייל זיי האָבען ניט געצאָלט קיין דירה געלד צו דעם איינגענטימער פון זייער אכסניה״. קיינער האָט ניט אָנגעבאָטען צו צאָלען דאָס אויסלייז געלד, כאָטש יעדער האָט געהאַט גרויס רחמנות אויף זיי.

״אַ יונגער משרת, וועלכער האָט אָבגעשפאָרט 150 טאָלער אין פאַרלויף פון עטליכע יאָר דינען, האָט גע-פילט אַ באַזונדערען גרויסען רחמנות פאַר די אונגליק-ליכע און ער האָט באַשלאָסען צו שאַפען פאַר זיי דאָס אויסלייז געלד. ער איז אַוועק צו אַ דינסט מיידעל, וועל-כע האָט אָבגעשפאָרט די זעלבע סומע. און ער האָט איר פאָרגעשלאָגען, אַז זיי זאָלען ביידע צוזאַמען לעגען זייער געלד און טון די גרויסע מצוה. זי האָט צוגעשטימט. זיי האָבען געגעבען זייער געלד צום וועכטער, און ער האָט תיכף באַפרייט די משפחה. דער יונגערמאַן און די מיי-דעל האָבען דערביי ליעב באַקומען איינע די צווייטע און זיי האָבען באַשלאָסען חתונה צו האָבען.

"האָבּען זײ אָבּער נִיט גערהאַט קײן מִיטלען. זײַנען זײ געפֿאָרען אִין אַ צווײַטע שטאָט צו אַ קרוב פֿון יונגען מאַן, כּדי ער זאָל זײ העלפֿען דערגרייכען זייער צוועק. אויפֿ'ן וועג האָבען זײ געהערט אַ קִינד קרעכצען אונטער אַ בּרִיק. דאָס קִינד אִיז אַרײַנגעפֿאַלען אִין אַ בּלאָטע, פֿון וועלכער ס'האָט נִיט געקענט אַרויסקרִיכען. דער יונגער־מאַן האָט געראַטעוועט דאָס קִינד, עס אַרויסגעשלעפּט פֿון דער בּלאָטע און עס צורִיקגעבּראַכט צו זײַנע בּאַזאָרגטע עלטערן. דער פֿאָטער פֿון קִינד, אַ רײַכער אַרענדאַטאָר, האָט דיִ חתן כּלה שוין בּאַלוינט. ער האָט זײ געגעבען אַ שטאַל מִיט מעלקעדיִגע קִיה און האָט אויך פֿאַר זײ גע־דונגען אַן אכסניה. דיִ מוטער פֿון קִינד האָט געגעבען שענע דרשה געשאַנק צו דער כּלה, און דאָס פּאָרעל האָט חתונה געהאַט און אִיז געווען גלִיקלִיך.

"עס לוינט זִיך צו טון אַ מצוה אויף אַ פֿאָלשטענדיִ־גען אופֿן" — אַזוי האָט דער בּעש"ט געצײַגען אַ מוסר השכל פֿון זײַן מעשה'לע.

## 36. די וויכטיגקייט פון צדקה געבען און א פערזענליכען צוועק

אין שייכות מיט געבען צדקה, נאר מען זאל דערביי ניט האבען קיין שום פערזענליכען צוועק אחוץ דעם ווי־לען צו העלפען די ליידענדע, איז פאראן אין "קהל חסידים" פאלגענדע זייער שענע מעשה פון בעל שם טוב:

אין רישא איז געווען א איד א גביר, א גרויסער למדן, א גרויסער יחסן און ער האט זיך טאקע גרויס גע־האלטען. קיין חסיד איז ער ניט געווען, אבער ער האט געהערט פון דעם בעל שם טוב און ער האט זיך געוואלט פארשאפען דאס פערזענליכע פארגעניגען אים צו קענען. האט ער געהייסען איינשפאנען זיין קארעטע, האט מיט־גענומען אחוץ דעם קוטשער אויך א משרת, ווי עס פאסט פאר א גביר, און איז געפארען קיין מעזשבאזש.

ווען ער איז אהין אנגעקומען איז ער געגאנגען צום בעל שם טוב. ער האט אודאי געטראכט, אז דער רבי וועט מיט אים רעדען פון קבלה און ער האט געזוכט זיך צו דערמאנען אלץ וואס ער האט געקענט פון זוהר, כדי צו צייגען זיין לומדות. אבער דער בעש"ט האט מיט אים בלויז גערעדט פון וועלט זאכען. נאך א לענגערען שמועס האט דער גביר ארויסגענומען עטליכע רובעל און געגע־בען דעם בעש"ט אלס א פדיון. ר׳ ישראל האט אים אנ־געקוקט און געזאגט: "איר גיט מיר א פדיון אבער איר האט מיר ניט געזאגט וואס אייך פעלט".

"מיר פעלט חס ושלום גארניט" — האט דער גביר געענטפערט — "איך בין א גרויסער גביר; איך האב פיעל שפע; מיינע קינדער זיינען תלמידי חכמים; איי־דימס אויך תלמידי חכמים; און קינדס־קינדער גאר גע־ראטענע. אלע זיינען גרויסע עשירים. מיר פעלט חס ושלום גארניט אוו איך בין זיך עוסק בתורה און בלימודי נסתר.

צו באקומען א פדיון פון א רייכען אידען איז ביי א רבי׳ן א זייער אנגעליגטע זאך. א געווענליכער איד, אז

ער גיט אַ פּדיון האָט ער דערבײַ אויך אַ געבראַכען האַרץ, וואָס ער גיסט אויס. ער האָט זיך אויף עפּעס צו באַקלאָגען אין ערקלערט דעם רבי'ן זײַנע יסורים און בקשות. אָבער אַ רײַכער איד גיט אַ פּדיון, און גאָרניט, ער באַקלאָגט זיך ניט מיט עפּעס, און ער פֿאָדערט ניט קיין זאַך, סאַידען גלאַט אַ ברכה.

דעם בעל שם טוב אָבער איז ניט געפֿעלען, וואָס דער גביר גיט אים אַ פּדיון אָן אַ פֿאַרוואָס. פֿרעגט ער אים: — "אויב דיר פֿעלט ניט קיין זאַך, דאַן פֿאַר וואָס ביזטו צו מיר געקומען?"

ענטפֿערט ווידער דער גביר: — "איך בין גלאַט געקומען זען דעם רבי'ן. איך האָב אַלץ וועגען די מופתים פֿין אַזאַ געטליכען מענשען, האָב איך אים געוואָלט זען".

זאָגט צו אים דער בעל שם טוב: — "הער אַ מעשה וואָס איך וועל דיר דערציילען:

"אין אַ שטאָט זײַנען געווען צווײ גבירים, און זײ האָבען געהאַט צווײ אינגלעך און אײַך עלטער. אַזוי ווי זײ האָבען געוואויינט אין שכנות האָבען די אינגלעך זיך געחבר'ט און זיך ליעב געהאַט. זײ האָבען אויך געלערענט בײַ איין מלמד. אַזוי זײַנען זײ אויפֿגעוואַקסען ביז צו דער עלטער פֿון פֿערצען יאָר, ווען מען האָט זײ התונה געמאַכט, און זײ זײַנען אַוועק אין די שטעט פֿון זייערע כלות, וואָס זײַנען געווען ווײַט הונדערטער מײַלען איינע פֿון די אַנדערע. פֿון דערווײַטען האָבען זײ צוערשט זיך דורכגעשריבען, אָבער ניט אויף לאַנג. זײ האָבען שוין בלויז געהערט גוטע בשורות, אַז זײ זײַנען ביידע רײַך.

"ס'איז אַוועק אַ צײַט און איינער פֿון זײ איז אַראָב פֿון דער מדרגה און איז געוואָרען אַן אָרימאַן. האָט ער זיך מיישב געווען, אַזוי ווי ער האָט אַ פֿרײַנד אַ גביר, וועט זיך יענער אודאי מחיה זײַן אויב ער וועט האָבען אַ געלעגענהײַט אים צו העלפֿען. האָט ער זיך געליען געלד אויף דער רײַזע און איז געפֿאָרען צו זײַן אַמאָליגען חבר. ווען ער איז צו אים אָנגעקומען האָט יענער אים זייער שען אויפֿגענומען און געמאַכט פֿאַר אים אַ סעודה. בײַ דער סעודה האָט דער רײַכער בעל הבית פֿון הויז בײַ

אים געפרעגט, ווי ס'גייט אים? האט דער געווארענער ארימאן געענטפערט: "פרעג גארנים, איך קען דיר אזוי פיעל נים ארויסזאגען. בקיצור איז עס אזוי, אז אפילו די קליידער וואס איך טראג זיינען נים מיינע נאר געליענע".

"דער רייכער האט מער גארנים געפרעגט, נאר נאך דעם עסען האט ער געהייסען זיין געשעפטס-פירער, אז ער זאל מאכען דעם חשבון וויפיעל זיין פארמעגען באטרעפט, און ווי דער חשבון איז נאר פארטיג געווארען, האט ער אויסגעצאהלט א העלפט דערפון צו זיין אמאליגען חבר, וועלכער איז פארארימט געווארען. עס איז ביי דעם ארימאן געווארען א גרויסע שמחה און ער איז אהיים געפארען ווידער א גביר.

"ער האט ווידער אנגעהויבען האנדלען, האט געהאט הצלחה, און איז אויפ'ס-ניי געווארען גאר רייך. אבער אין דער צייט האט אנגעהויבען יענעם, וועלכער האט אוועקגעגעבען זיין האלב פארמעגען, גיין שלעכט; וואס א טאג איז אים געווארען אלץ ערגער, ביז ער איז שוין געווען א גרויכער אביון. האט דער דאזיגער פון די צוויי חברים זיך געטראכט, דאס אזוי ווי ער האט א העלפט פון זיין אמאליגען פארמעגען אוועקגעגעבען צו זיין יוגענד חבר, וועט ער איצט צו אים פארען, זאל יענער אים אויך העלפען. אבער ווען ער איז געקומען צו יענעם אמאליגען פריינד זיינעם, האט יענער אים אפילו נים געוואלט זען. "סטייטש" — האט דער ארימאן גע'טענה'ט. ער האט זיך געריסען, געוואלט אריינרייסען, אבער כ'האט נים געהאלפען. די דינערשאפט האט געהאט א באפעל אים נים צוצולאזען.

"האט דער נים געהאלפענער ארימאן זיך גוט אויסגעוויינט פאר השם יתברך, און איז מים א געבראכען הארץ אהיים געפארען. השי"ת האט זיך אויף אים מרחם געווען און האט אים געהאלפען. אים האט פון זיך אליין אנגעהויבען גיין גוט, האט ווידער געהאט הצלחה אין אלץ וואס ער האט געטון און אין א קורצער צייט איז ער ווידער געווארען אן עושר.

"אין דער צייט איז דער ערשטער צוריק געווארענער עושר ווידער געווארען א יורד און האט פארלוירען אלץ

וואָס ער האָט געהאַט. ער איז ממש געבליבען אָן אַ פּרוטה. אָן עזות פנים איז ער געוועזען אַ גרויסער, האָט ער באַשלאָסען ווידער צו פאָרען צו זײַן אַמאָליגען גוטען חבר, אַז ער זאָל אים העלפען. ער האָט אפילו יענעם געאָרנט געוואָלט זאָגען, ווען ער איז געוועזען אין נויט, אָבער ער וועט שוין געפינען עפּעס אַ תירוץ.

„ווען דער אָרימער שלעכטער חבר איז געקומען צום גוטען חבר, וועלכער איז שוין געוועזען רײַך, האָט דער צווייטער אים אויפגענומען, ער האָט אויף אים רחמנות געהאַט טראָץ דער שלעכטקײַט וואָס ער האָט אים אַרויס-געצײַגט. ער איז מרוצה געוואָרען אים צו העלפען, אָבער ער האָט זיך שוין געוואָלט באַוואָרענען דאָס אויב ס'דרייט זיך ווידער איבער דאָס רעדעל זאָל יענער אים שוין מוזען העלפען, בעסער געזאָגט צוריקגעבען דאָס וואָס ער גיט אים. ער האָט אים דערפאַר געזאָגט: „ברודער לעב, איך רעכען זיך ניט מיט דעם וואָס דו האָסט מיר געטון, און איך לײַ דיר אַ סומע געלד, אָבער אפשר וועט דאָס רעדעל זיך ווידער איבערדרייען חס ושלום ווי פריער, וויל איך, אַז דו זאָלסט זיך אונטערשרײַבען, אַז דו באָרגסט בײַ מיר געלד און דו וועסט עס מיר צוריקגעבען. דער שלעכטער חבר האָט עס אָנגענומען. ער האָט זיך אונטערגעשריבען אין אידיש און אין דײַטש. גענומען דאָס געלד און איז אַהיים געפאָרען.

„האָט השי"ת טאַקע באַלד ווידער איבערגעדרייט דאָס רעדעל. דער שלעכטער, דער שוין צוויי מאָל אָרים-געוואָרענער, איז ווידער געוואָרען רײַך, און דער גוטער חבר איז ווידער, צום צווייטען מאָל, געוואָרען אָרים. אַז ער האָט דערזען דאָס ער איז שוין ווייער אָרים, האָט ער באַשלאָסען צו פאָרען צו זײַן חבר אויפמאָנען דאָס וואָס ער האָט אים געגעבען אין וועגען וועלכען ער האָט גע-האַט אַ כתב מיט אַ חתימה. אָבער יענער האָט אים ווי-דער אין שטוב ניט אַרײַנגעלאָזט. איז דער אָרימער גע-לאָפען צו ריכטער און האָט געזוכט דורך זיי צוריק באַקו-מען דאָס געלד, וואָס ער האָט בפירוש געזאָגט, אַז ער לײַעט. אָבער די ריכטער האָבען ניט געוואָלט אָננעמען

דעם משפט, אין דער אָרימער מענש האָט גאָרנים גע־קענט טון.

"האָט ער ווידער געוויינט פאַר השם יתברך און האָט גע׳טענה׳ט: "רבונו של עולם, דו ווייסט דאָך, אַז ער האָט מיר פאַרשפּראָכען צוריק צו צאָלען"... ער האָט אַזוי פיל געוויינט און זיך אַזוי שטאַרק מצער געווען, אַז ער איז געשטאָרבען. גלייך דערנאָך איז דער רייכער חבר אויך געשטאָרבען, און מען האָט פאַר דעם בית דין של מעלה געמאַכט אַ משפט צווישען זיי. דער פסק דין איז געווען, אַז דער גוטער חבר, דער אָרימער, זאָל האָבען גן עדן העליון, און דער שלעכטער חבר, דער רייכער, זאָל האָבען גיהנום אין שאול תחתית.

"אָבער ווי דער גוטער חבר האָט דערהערט דעם פסק דין האָט ער געזאָגט: "ווי אַזוי וועט מיר באַקומען מיין זיין אין גן עדן ווען איך ווייס, אַז דורך מיר וועט מיין חבר זיין אין גיהנום. איך וויל דאָס נים!"

"האָט דער בית דין אַרויסגעגעבען אַ נייעם פסק דין, אַז זיי זאָלען ביידע צוריק מגולגל ווערען און אויף דער וועלט זאָל דער שלעכטער זיין רייך, און דער גוטער זאָל זיין אַן אָרימאַן, וועלכער זאָל אָבנעמען דעם חוב וואָס אים קומט ביים רייכען פרוטה׳ווייז.

"אַזוי איז עס געשען: איינער, דער שלעכטער, איז ווידער געבוירען געוואָרען ביי אַ גביר, און דער צווייטער, דער גוטער, איז געבוירען געוואָרען ביי אַן אָרימאַן. אַזוי זיינען זיי אויפגעוואַקסען געוואָרען. דעם גביר׳ס קינד איז געוואָרען אַ רייכער מאַן, און דעם אָרימאַנ׳ס קינד איז אויפגעוואַקסען אַן אביון, וואָס האָט זיך אַרומגע־שלעפּט פון שטאָט צו שטאָט און געבעטען נדבות. ענדליך איז ער אָנגעקומען אין דער שטאָט וואו דער רייכער האָט געוואוינט. ער איז געגאַנגען צו יענעם בעטען אַ נדבה, אָבער דער רייכער איז געווען אַזוי קאַרג, אַז ער האָט אפילו נים געוואָלט געבען אַ פרוטה צו וועלכען ס׳איז אָרימאַן.

"דעם אָרימען האָט געפעלט אַ גרייצער זיך צו קע־נען קויפען אַ ברויט, האָט ער געבעטען דעם רייכען, אַז

ער זאָל אים כאָטש געבען דעם גרײַצער. אָבער יענער האָט אים געענטפערט: "האָט מען דען דיר ניט געזאָגט, אַז איך גיב ניט קיין צדקה? איך גיב ניט קיינעם און וועל דיר אויך ניט געבען".

"האָט דער אָרימאַן אים געזאָגט: "אויב דו וועסט מיר ניט געבען דעם גרײַצער צו קענען קויפען ברויט, וועל איך שטאַרבען פון הונגער, ווײַל איך האָב שוין לאַנג ניט געהאַט אין מויל קיין ביסען ברויט".

"דער רײַכער האָט אים אַלץ ניט געוואָלט געבען. איז דער אָרימאַן צוגעשטאַנען צו אים, אַז ער מוז אים העלפען. האָט דער רײַכער געגעבען דעם אָרימאַן אַ פּאַטש. דאָס האָט דעם אָרימאַן פאַרכאַפּט בײַם האַרץ, ער איז געפאַלען אין חלשות און איז געשטאָרבען. ער וועט שוין מער ניט קענען רעטען זײַן שלעכטען חבר פון גיהנום"...

ווען דער בעל שם טוב האָט געענדיגט די געשיכטע האָט ער אָנגעקוקט דעם גביר, צו וועלכען ער האָט זי דערציילט, און האָט אים געפרעגט: "איצט אַז דו האָסט שוין אויסגעהערט די גאַנצע מעשה קענסטו נאָך אַלץ זאָ-גען, אַז דיר פעלט גאָרניט?"

בײַ דער פראַגע איז דער גביר געפאַלען אין חלשות. ווען מען האָט אים אויפגעמונטערט, האָט ער זיך ביטער צעוויינט פאַר דעם בעל שם טוב און האָט געזאָגט: "איצט פאַרשטיי איך, אַז איך בין דער רײַכער רשע. איך האָב קיין צדקה ניט געגעבען, אויך איך פיל, אַז יענער אָרימאַן איז געשטאָרבען דורך מײַן האַנד. רבי, וואָס זאָל איך טון, אַז איך זאָל ניט פאַרפאַלען ווערען אין שאול תחתית? רעטעט מיך, רבי!"

האָט דער בעל שם טוב אים געזאָגט: "דו זאָלסט זוכען אויסצוגעפינען אפשר האָט דער אָרימאַן געלאָזען קינדער, וועלכע זײַנען איך נויט און דו זאָלסט זיי העל-פען. דו זאָלסט אויך טיילען צדקה, דו זאָלסט ניט זוכען פון דײַן געלד בלויז הנאה צו האָבען, נאָר זאָלסט העל-פען מיט דער ריינער כונה צו העלפען. אָט דאָס וועט

זײַן אַ רפואה פֿאַר דײַן נפש און װעט דיך אפשר רעטען
אַז דו זאָלסט ניט פֿאַרפֿאַלען װערען אין שאול תחתית".

אָט די דאָזיגע מעשה האָט דערציילט דער קאַמינ-
קער רב אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון רביים אין ראָפשיץ,
װעלכע זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען פֿײַערען דעם יאָר-
צײַט פֿון ראָפשיצער רבי'ן. בעת זיי זײַנען געװען פֿאַר-
זאַמעלט איז צו זיי געקומען אַ פֿרוי, װעלכע האָט ביטער
געװײנט, און דערציילט, אַז זי האָט געגעבען אַ אידען
הונדערט גולדען, אַז ער זאָל פֿאָרען אין די דערפֿער קוי-
פֿען פֿלאַקס. ער איז מער ניט צוריקגעקומען און איצט
הערט זי, אַז ער איז געשטאָרבען. זי האָט געװאָלט װיי-
סען װי קען זי צוריק באַקומען איר געלד. דער קאַמינקער
רב, ר' שלום, האָט דאַמאָלט דערציילט די מעשה פֿון
בעל שם טוב, און האָט אויסגעפֿירט, אַז מן הסתם האָט
יענער איד אײַנגעמאָנט אַ חוב װאָס איז אים געקומען
פֿון דער פֿרוי פֿון אַ פֿריערדיגען גלגול.

ס'איז ניט מײַן כונה צו װידערשפּרעכען יענעם קאַ-
מינקער רב. אָבער די מעשה פֿון בעל שם טוב האָט נאָך
אַ פֿיל טיפֿערען מיין װי צו ערקלערען די אונפֿאַרמײַד-
ליכקײַט פֿון געשעעענישען אַלס אָבקלאַנגען פֿון זאַכען
װאָס זײַנען אַמאָל פֿאָרגעקומען. דער נמשל פֿון דער
מעשה איז, אַז די רײַכע האָבען אַ חוב צו שטיצען די
אָרימע און אויב זיי דערפֿילען ניט דעם חוב קענען זיי
שטייף אין געפֿאַר אונטערצוגיין און אַלץ צו פֿאַרלירען...

# 37. איבער באַציהונג צו מענשען

אַ ריכטיגע באַציהונג צו מענשען איז בײַ ר׳ ישראל בעל שם טוב געווען אַן עיקר. דאָס איז געווען אַ טייל פֿון דינען גאָט, און ער האָט עס געשטעלט העכער ווי אַנדערע פֿון זײַנע וועגען צו דינען גאָט.

ער האָט די באַציהונג צו מענשען באַזירט אויף צוויי הייפּט יסודות: אויף ליבע און אויף גלײַכהײַט.

עס ווערט איבערגעגעבען אַז אַ פֿאָטער האָט זיך באַקלאָגט פֿאַר׳ן בעל שם טוב, אַז זײַן זון האָט פֿאַרגעסען אין גאָט. „וואָס זאָל איך דערצו טון, רבי?״ — האָט ער מיט גרויס זאָרג געפֿרעגט.

„ליב אים מער ווי שטענדיג״ — איז געווען דעם בעל שם טוב׳ס ענטפֿער.

בײַ אַן אַנדערער געלעגענהײַט האָט דער בעל שם טוב געמאַכט אַזאַ פּירוש:

„מען האָט אונז געלערענט, אַז מענשען דאַרפֿען זיך צוקלעפּען צו די חכמים. אָבער ווי איז מעגליך, אַז אַן עם הארץ זאָל זיך צוקלעפּען צו אַ תלמיד חכם? דער וועג דערצו איז אויסצוגעפֿינען עפּעס אַ שענע מידה, אין וועלכער ביידע זאָלען זײַן פֿאַראינטערעסירט. דאָס וועט שאַפֿען פֿאַר ביידע אַ פּונקט פֿון פֿאַרבינדונג און אַ געגענזײַטיגע באַציהונג דורכגעדרונגען מיט גוטסקײַט״.

אָבער טראָץ דעם וואָס דער בעש״ט האָט געהייסען זוכען אַ וועג צו דערנענטערונג און גלײַכקײַט, האָט ער דאָך געראַטען ניט צו ווײַט צו גיין. ער האָט למשל געזאָגט:

„דער איינפֿלוס פֿון אַ פֿירער ווערט פֿאַרגלײַכט אין תלמוד צו אַ ברענענדער קויל. האַלט זיך ניט ווײַט פֿון דײַן פֿירער, ווײַל ס׳קען דיר קאַלט ווערען; דערנענטער זיך ניט צו שטאַרק צו אים, ווײַל דו קענסט זיך אָפּבריען. דאָס זעלבע איז אויך בנוגע דײַנע פֿרײַנד״.

דאָס איז אַ ווײַזער קלוגער און פּראַקטישער ראַט.

אָבער פונקט ווי ער האָט געראַטען אַז מען זאָל ניט זיין צוהרינגלייך צו פרעמדער און פריינד, האָט ער געראַטען, דאָס מען זאָל ניט זוכען צו זיין איינזאַם, אָבגעזונדערט, און מען זאָל ניט האַלטען און איין זוכען חסרונות ביי אַ צווייטען, ווייל דאָס איז גראָד אַ סימן פון אייגענע חסרונות, פון אייגענע שוואַכקייטען. ער האָט געזאָגט:

"ס'איז ניט גוט פאַר אַ מענשען צו זיין אַליין, ווייל אַ מענש קען ניט דערקענען זיינע אייגענע חסרונות. דורך דעם וואָס ער באַמערקט די חסרונות פון אַ צווייטען מענשען קען ער זען ווי אין אַ שפּיגעל זיינע אייגענע פעלערען. דער מענש וואָלט גאָר ניט געהאַט קיין מעג-ליכקייט צו זען אַ צווייטענס חסרונות, ווען ער אַליין וואָלט ניט צו אַ געוויסען גראַד געליטען פון די זעלבע פעלערען. דאָס זעלבע ווען אַ מענש ווערט באַאונרוהיגט אין לערנען אָדער אין מתפלל זיין דורך זיין שכנ'ס אויס-געלאַסענקייטען, איז דאָס אַ סימן פון הימעל, אַז זיין אינטערעס האָט אָנגענומען אַ שלעכטע ווענדונג און ער מוז אויפ'ס-ניי אָנהייבען מיט ריכטיגע כונות".

אָט די דאָזיגע ערקלערונג פון בעל שם טוב איז דורכאויס באַזירט אויף פּסיכאָלאָגיע, און זי איז פאָל-שטענדיג ריכטיג. ווען מען פילט זיך גענייגט צו זען פעלערען אין אַ צווייטען, מוז מען זיך תיכף רעכנונג געבען ווי האַלט עס מיט זיך אַליין.

## א טייטש אויף "ואהבת לרעך כמוך"

דער בעש"ט האָט געמאַכט אַזאַ פירוש אויפ'ן יסוד פון דער תורה:

"פון דעם באַפעל "ואהבת לרעך כמוך" לערנען מיר דעם תלמודישען באַפעל: אורטייל דיין חבר לויט דיין מאָס פון ווערט. פונקט ווי דו געפינסט ענטשולדיגונגען פאַר דיינע געפעלטע טהאַטען אַזוי זאָלסטו געפינען ענט-שולדיגונגען פאַר דיין חבר'ס פעלערען".

ער האָט אויך געמאַכט פאָלגענדען פירוש אויף דעם פסוק פון משלי (כ"ז 19): "כמים הפנים לפנים כן לב האדם לאדם" — ווען אַ מענש שטייט גלייך נעבען אַ

וואַסער איז זײַן שאָטען אָבגעשפּיגעלט אין אַ פֿאַרגרע־
סערטער פֿאָרמע. אָבער ווען ער בויגט זיך אָן אַ ביסעלע
ווערט זײַן שאָטען קלײנער אין מאָס. אַלץ אַזוי איז עס
מיט מענשען אין זייער באַציהונג פֿון אײנעם צום צווײ־
טען. ווען אײן מענש קוקט צום צווײטען מיט גאוה, ווערט
דער אַנדערער אויך באַהערשט פֿון אַ געפֿיל פֿון גאוה'די־
גער אָבגעזונדערטקײט, אָבער ווען אַ מענש איז ענו'דיג
אין זײַן באַציהונג צו אַ צווײטען מענשען פֿילט דער
צווײטער אויך פֿרײַנדשאַפֿט און גוטען ווילען צו אים".

דער בעל שם טוב האָט זיך פֿאָלשטענדיג רעכנונג
געגעבען, אַז מענשען זײַנען פֿאַרשידענאַרטיג; און ער
האָט געראַטען אַז יעדער זאָל האַנדלען לויט זײַנע אײ־
גענע פֿעהיגקײטען און זאָל ניט זוכען נאָכטון אַ צווײטען.
ער האָט געזאָגט:

"עס זײַנען ניטאָ פֿילע מענשען וועלכע האָבען די
זעלבע פֿעהיגקײטען. יעדער מענש זאָל אַרבײַטען אין
דער דינסט פֿון גאָט לויט זײַן אײגענער פֿעהיגקײט. ווען
אײן מענש זוכט נאָכצוטון אַ צווײטען פֿאַרלירט ער די
געלעגענהײט צו טון גוטעס דורך זײַן אײגענעם ווערט,
און ער קען ניט דורך נאָכמאַכען אַ צווײטען דערגרײכען
קײן זאַך פֿון דער דינסט, וואָס עס לײַסטעט יענער וועל־
כען ער מאַכט נאָך".

## איבער מענשליכע שוואַכקײטען

דער בעל שם טוב האָט אויך געקענט מענשליכע
שוואַכקײטען. מען דערצײלט, אַז ער פֿלעגט שיקען זײַנע
תלמידים איבער די שטעטלעך אויסצובעסערען די מענ־
שען. אײן מאָל בעת זײַנער אַ תלמיד ר' מענדעל פֿון באַר
איז צוריקגעקומען פֿון אַזאַ רײַזע האָט דער בעל שם טוב
אים געזאָגט:

"אַ בעזים קערט אויס ריין דעם הויף, אָבער אַליין
ווערט ער אויסגעשמירט. גיי און רײניג זיך אָב פֿון יע־
דען חטא, וואָס דו האָסט געקענט באַגײן אויף דער
רײַזע".

עס ווערט אויך דערציילט: איינמאל איז דער בעל שם טוב געפאָרען אין וועג און ער האָט אָנגעטראָפען אַ פּולען וואָגען מיט סוחרים. ער האָט גלייך געהייסען זיין וואָגען זיך אָבשטעלען, איז אַראָבגעגאַנגען פון זיין פּלאַץ, איז צוגעגאַנגען צו דעם צווייטען וואָגען און האָט געגעבען אַ ברייטען שלום עליכם צו אַן אַלטען סוחר, וועלכער איז געזעסען צווישען די אַנדערע סוחרים. דער בעל שם טוב האָט גלייך זיך צוריקגעקערט צו זיין וואָגען, איז צוריק אַרויף אויף זיין פּלאַץ און האָט געהייסען ווייטער פאָרען. די תלמידים זיינע האָבען זיך שטארק געוואונדערט, ווי עס קומט אַז דער גרויסער צדיק זאָל ציטיילען אַזאַ כבוד אַ פּראָסטען אידען. זיי האָבען ביי איהם מיט גרויס דרך ארץ געפרעגט אויף אַן ערקלערונג. דער בעש״ט האָט זיי געענטפערט: ״ס׳קומט איהם נאָך גרעסערער כבוד. ער פאָרט שוין דריי און פערציג יאָר קיין ברעסלוי און ער האָט אין דער גאַנצער צייט די מנחה־טע זינד ניט באַגאַנגען״.

## 38. מעשה'לאך בנוגע דער באציהונג צו מענשען

עס זײַנען נאָך פֿאַראַן אײניגע אינטערעסאַנטע מעשה'לאַך בנוגע דער באַציהונג צו מענשען פֿון ר' ישראל בעל שם טוב.

עס ווערט דערציילט, אַז אײן מאָל איז דער בעש"ט געווען אין אַ שטאָט, וואו ס'איז געווען אַ גרויסער רב, נאָר ער האָט ניט געגלויבט אין די וואונדער פֿון בעש"ט. דער רב האָט אָבער דאָך געוואָלט זען ר' ישראל'ן, מיט אים צו רעדען, כדי צו דערגיין אויף ווי ווײַט עס איז אמת דאָס וואָס מען זאָגט וועגען אים. אַלס רב פֿון שטאָט האָט אים אָבער ניט געפּאַסט צו גיין צום בעש"ט. האָט ער אים געלאָזט הערען דורך אימיצען, אַז דער רב וואָלט וועלען, דאָס ער זאָל צו אים קומען. ר' ישראל האָט ניט געוואָלט גיין.

בײַם רב האָט אַלץ מער געוואַקסען דער באַגער צו זען דעם בעש"ט, ביז אין אַ טאָג האָט ער באַשלאָסען צו אים צו גיין. ווען ער איז געקומען צו זײַן וואוינונג האָט ער אים ניט געטראָפֿען אין דער היים, און ס'איז דאָרט געשטאַנען אַ פֿרוי מיט פֿאַרוויינטע אויגען און האָט גע-וואַרט. דער רב האָט באַשטימט אויך צו וואַרטען.

ווי דער בעל שם טוב איז אַרײַנגעקומען אין הויז און האָט גענומען די כלי זיך צו וואַשען די הענד, האָט די פֿרוי זיך צוואויינט. האָט דער בעש"ט צוריק אַוועקגע-לעגט די כלי, און געפֿרעגט בײַ דער פֿרוי וואָס זי וויל. האָט זי אים דערציילט אַז זי איז אַן עגונה, און זי וויל, אַז דער רבי זאָל איר זאָגען, וואו און ווי אַזוי זי קען געפֿינען איר מאַן. דער בעש"ט האָט זיך פֿאַרטראַכט פֿאַר אַ ווײַלע און האָט איר געהייסען פֿאָרען אין אַ שטאָט, וואו זי וועט דעם מאַן געפֿינען. די פֿרוי איז אַוועקגעגאַנגען מיט אַ דערמוטיגט האַרץ.

נאָך איר אַוועקגיין האָט דער בעש״ט זיך געוואַשען די הענט און דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו דעם רב און אים געגעבען שלום.

זאָגט דער רב צו אים:—״אַז איר זאָגט דברי נביאות וואָלט דאָך גלייבער געווען, אַז איר זאָלט זיך פריער וואַשען די הענט, און דערנאָך זאָגען אַזעלכע ווערטער און ניט פאַרקערט״.

דער בעל שם טוב האָט אויף זיין גוטמוטיגען שטייגער געענטפערט:— ״איך וועל עס אייך דערקלערען מיט אַ משל: ווען ביי אייך אין שטוב, אויפ׳ן טיש זאָלען שטיין טייערע גלעזערנע כלים, און עופות זאָלען פּלוצלינג אַריין אין צימער און זאָלען אָנהויבען אַרומפליען, אַזוי אַז די טייערע גלעזערנע כלים זאָלען זיין אין סכנה צובראָכען צו ווערען; וואָס וואָלט איר געטון דאָס ערשטע: זיך געוואַשען די הענט, אָדער אַרויסגעטריבען די הינער כדי צו ראַטעווען די כלים?

— יאָ, ראַטעווען די כלים דאַרף מען צוערשט — האָט געזאָגט דער רב.

— גאַנץ ריכטיג!— איז געווען די באַמערקונג פון בעל שם טוב — די פרוי וואָס איז פאַר מיר געשטאַנען איז ווי אַ טייערע כלי, וואָס איז געווען אין סכנה צובראָכען צו ווערען. זי האָט אויסגעבראָכען אין אַ ביטערען געוויין, ווייל דאָס האַרץ האָט איר שטאַרק וויי געטון. זי האָט נאָך געקענט צוואַמענבראָכען פון ווייטאָג. וואָסזשע זאָל איך געווען טון: וואַשען זיך פריער די הענד און זי לאָזען וואַרטען, אַז זי זאָל דערווייל אויסגיין פון יסורים, רחמנא ליצלן, אָדער איר באַלד ענטפערען, כדי זי מחיה צו זיין?

דער רב האָט מער ניט געהאַט וואָס צו זאָגען, און ער האָט אויך אויפגעהערט אויסצוזעצען געגען בעל שם טוב.

## כדי צו ראַטעוען א פרוי

אויף וויפיל די מעשה וואָס איך גיב אייך דאָ איבער איז ריכטיג, קען איך אייך ניט זאָגען, אָבער זי געפינט זיך אין חיים בלאָך׳ס בוך און דייטש ״פּריסטער דער

ליעבע" (די װעלט פֿון חסידים). מען האַלט אים פֿאַר אַ ערינדלײַכען פֿאַרשטײער פֿון חסידיזם און פֿאַר אַ גערנ-סטען זאַמלער, װעלכער האָט אײנגעזאַמלט נײַע זאַכען אױס-געפֿונען בנוגע די דרכים פֿון בעל שם טוב און אַנדערע רביים. ער דערצײלט:

דער בעל שם טוב פֿלעגט בײַ דער דריטער סעודה פֿון שבת, אין דער שעה, װען די נשמה פֿונ'ם אידען איז פֿול מיט הײליגער פֿרײד און מיט אונבאַגרענצטער בענקשאַפֿט, לאַנג פֿאַרברײנגען. בײַ דער סעודה פֿלעגען פֿליסען װי אַ קװאַל רמזים איבער רמזים און סודות איבער סודות. אַ זעלטענע שטילקײט פֿלעגט הערשען אין בית המדרש. ערשט שפּעט אין דער נאַכט האָט ער געדאַװענט מעריב, און זײַן נשמה האָט זיך געזעגענט מיט'ן שבת, דער הײליגער טאָג פֿון רוה.

אײן מאָל איז עס גאַנ'ץ אַנדערש געשען. װי ער איז געזעסען בײַ שלוש סעודות און געזאָגט דברי תורה, האָט ער זיך פּלוצלינג אָבגעשטעלט און האָט אױסגערופֿען: "זאָל אַלעקסײ גלײַך אײַנשפּאַנען די פֿערד". די תלמידים זײַנען געבליבען שטאַרק פֿאַרװאונדערט. ס'איז געװען קענטיג, אַז זײ פֿילען גרױס פּחד אין האַרצען. ס'זײַנען נאָך ניט געװען קײן שטערען אױפ'ן הימעל. ס'איז נאָך שבת; ס'דאַרף נאָך הערשען שבת-רוה, און צו פֿאָרען אַזױ פֿרי הײסט דאָך מחלל שבת זײַן... אָבער קײנער האָט ניט געװאַגט עפּעס צו פֿרעגען. זײַנען זײ געשטאַנען שטום און געפּלעפֿט.

דער בעש"ט האָט פֿאַרענדיגט שנעל דעם "טיש", האָט אין אײַלעניש אָבגעדאַװענט מעריב און געמאַכט הבדלה און האָט זיך אָנגעטון זײַן מאַנטעל.

— װער עס װיל מיטפֿאָרען זאָל קומען! — האָט ער אױסגערופֿען.

זײַנע צװײ נאָענטסטע תלמידים ר' װאָלף קיצעס און רבי נחמן פֿון קאָסאָװ, האָבען שטאַמלענדיג געזאָגט: "מיר װילען מיטפֿאָרען".

דער בעל שם טוב און די צװײ תלמידים האָבען זיך אױפֿגעזעצט אױף דער פֿור און זײ זײַנען אָבגעפֿאָרען. װי

ס'איז געווען זיין שטייגער האט דער בעש"ט געהייסען ארעקסע'ן אבלאזען די לייצעס, און לאזען די פערד גיין. זיי וויסען שוין וואוהין.

אויפ'ן וועג האט ער גערעדט פון גאט'ס חסד צו זינדיגע, וועלכע קערען זיך אום, אבער ער האט ניט געלאזט הערען קיין ווארט וועגען דעם צוועק און ציעל פון דער רייזע.

נאך א שטונדע פארען זיינען זיי אנגעקומען אין א גרויסער פרעמדער שטאט. די פערד האבען פארשלעפט דעם וואגען אין א שמאלע, אבגעלאזענע, ניט ריינע זייטען-געסעל, און זיינען געבליבען שטיין פאר אן ארימער הויז. אין גרויס איילעניש איז דער בעל שם אראב פון וואגען, האט געהייסען זיינע תלמידים בלייבען אין דרויסען, און ער איז אריין אין שטוב.

די תלמידים האבען גערעדט צווישען זיך:— "געוויס וואוינט דא איינער פון די ל"ו צדיקים, און דער בעל שם טוב איז אודאי געקומען אים זען. אדער ווער ווייסט אפשר איז שוין די צייט, אז משיח זאל קומען און ער איז געקומען אים עמפאנגען".

זיי האבען געזען מענשען ארייננגיין און ארויסגיין פון דעם הויז; די מענשען זיינען געקומען פריילין און זיינען ארויסגעגאנגען אומעטיג, ווי אבגעלעבט. איז זיי געווען א וואונדער, ווי דאס קומט. זיי האבען געפרעגט ביי איינעם פון די ארויסגעגאנגענע, ווער ס'וואוינט אין דעם הויז, האבען זיי ערפארען א שרעקליכע זאך, אז ס'איז א ניט קיין ערליך הויז, אז ס'איז א וואוינונג פון לילית.

א שרעק איז זיי באפאלען, אבער באלד איז דער בעל שם טוב ארויסגעקומען און האט געפירט מיט לאנגזאמע שריט א איינגעהילטע פרויען געשטאלט. ער האט איר געהייסען ארויפגיין אויפ'ן וואגען. אליין האט ער זיך געזעצט נעבען אלעקסע'ן, גענומען די לייצעס אין די אייגענע הענד און איז אהיים געפארען.

ווען זיי זיינען אהיים געקומען האט ער געפינען די איבעריגע תלמידים נאך זיצען ביים טיש און רעדען וועגען דעם וואיהין האט געקענט דער בעל שם טוב פארען.

דער בעש"ט האָט אַרײַנגעפֿירט די פֿרויען גע־שטאַלט וואָס ער האָט געבראַכט צו דער רביצין. ער האָט איר געזאָגט עטליכע ווערטער אין דער שטיל. ער איז דאַן אַרײַן צו די תלמידים, און האָט באַלד געהאַלטען פֿאַר זיי אַזאַ רעדע:

"עס האָט אײַך אודאי געוואונדערט פֿאַר וואָס איך האָב פֿאַרקירצט דעם שבת קודש. איך וועל עס אײַך דער־ציילען: ווען איך בין געזעסען בײַ שלוש סעודות און האָב אײַך ערקלערט די באַדײַטונג פֿון אַ וואָך לויט דער הײ־ליגער תורה, איז פֿאַר מיר ערשינען אַ נשמה און האָט יאָמערליך געקלאָגט, אַז אַ איינזיקעל אירע, אַ מיידעל פֿון עטליכע און צוואַנציג יאָר, האָט זיך צוקריגט מיט איר שטיף מאַמע, איז אַוועק פֿון דעם פֿאָטער'ס הויז אין גרויס פֿאַרצווייפֿלונג, און זי איז אַרײַנגעפֿאַלען אין דעם אונ־ריינעם הויז. זי האָט אַ ריינע נשמה — האָט די קלאָגענ־דע שטימע געיאָמערט — און איך וועל קיין רוה ניט האָ־בען אויב זי וועט חלילה פֿאַלען. די נשמה האָט מיך גע־בעטען, אַז איך זאָל זי רעטען איידער ס'איז צו שפּעט. איך האָב זיך דערמאָנט די ווערטער, אַז "ווען ס'איז אַ צײַט פֿאַר דינען גאָט בײַזט באַפֿרײַט פֿון דעם דין". עס איז פֿאַר מיר געווען די פֿראַגע: זאָל איך מחלל שבת זײַן כדי די מיידעל צו רעטען? אַ דאַנק צו השם יתברך וואָס איך בין נאָך געקומען צו דער צײַט. נאָך איינזיגע מינוטען און איר צניעות וואָלט געווען צושטערט. איך האָב מחלל שבת געווען, אָבער איך האָב גערעטעט אַ נשמה פֿון אונ־טערגאַנג".

די מעשה ענדיגט זיך אַז איינער פֿון די בעסטע תלמידים פֿון בעל שם טוב האָט גענומען די מיידעל פֿאַר אַ פֿרוי און פֿון זיי איז אַרויסגעקומען אַ פֿיהרער פֿון אַ גרויסער אידישער קהילה.

ווי ערקלערט פֿריער ווייס איך ניט אויף וויפֿל די מעשה איז אמת. אָבער זי אילוסטרירט די כאַראַקטעריס־טיק, וואָס מען שרײַבט צו צו דעם בעל שם טוב, אַז רע־טען אַ מענשען האָט ער געשטעלט העכער פֿון אַנדערע עיקרים.

## 39. גלויבען און דענקען

גלויבען און דענקען זיינען געווען ביי ר׳ ישראל בעל שם טוב ענג פארבונדען, מען קען זאגען צוזאמענגעשמאלצען. ער האט בשום אופן ניט געהאלטען פון יענעם שטאנדפונקט, אז מען דארף בלויז גלויבען און ניט דענקען; און עס פארשטייט זיך, אז דאס דענקען דארף לויט זיין שטאנדפונקט זיין אין דער ראהם פון גלויבען. דער גלויבען איז לויט זיין לערע אויך דאס טיפערע, דאס גרינדליכערע, דאס וועזענטליכע; דורך גלויבען גרייכט מען די הויכע מדרגה פון באהעפטען זיך מיט השם יתברך.

דער בעל שם טוב האט געזאגט:

„דענקען איז דער יסוד פון מענשען. אויב דער יסוד איז פעסט, דאן איז די געביידע זיכער. אויב א מענשענס דענקען איז פול מיט הייליגע געדאנקען, דאן זיינען זיינע האנדלונגען געזונד. אויב זיין דענקען איז פארנומען מיט זעלבסטזיכטיגע געדאנקען, דאן זיינען אפילו זיינע גוטע האנדלונגען ניט גוט, ווייל זיי זיינען געבויט אויף א שוואכען יסוד".

## קאנצענטרירט זיך

נאך א געדאנק זיינער איז געווען:

„ווען איהר ארבייט ביי אזעלכע זאכען, וועלכע ברענגען אייך פארגעניגען אדער עשירות, דאן ווייסט איהר צו קאנצענטרירען דעריוף אלע אייערע געדאנקען. טוט דאס זעלבע ווען איהר ארבייט ביי אזעלכע זאכען, וואס וועלען אייך ברענגען אין פארבינדונג מיט השם יתברך. אויב איהר טוט דאס ניט, איז אייער ארבייט פרוכטלאז".

דער בעש״ט האט אויך געראטען:

„עס איז ווינשענסווערט אז דער מענש זאל אפט אינטערברעכען פאר א מינוט זיין באשעפטיגונג, סאי וואס זי זאל ניט זיין, און ער זאל קאנצענטרירען זיין גע-

דאַנק אויף דער מורא פאַר גאָט. דאָס זאָל פּראַקטיצירט ווערען אפילו ווען מען איז באַשעפטיגט מיט אַ הייליגער אַרבייט".

"אין יעדער גוטער טאַט איז פאַראַן קליינליכקייט און גרויסקייט. אויב אַ מאַן לערענט אָן אויפמערקזאַמקייט איז דאָס קליינליכקייט. אויב ער קאָנצענטרירט זיך אויפ'ן לערנען דאַן איז עס גרויסקייט".

דער בעל שם טוב האָט נאָך געזאָגט:

"דער מענש וואָס ערוואַרטעט צו באַקומען אַ גרויסען געווינס, האָט ניט קיין הנאה פון זיין עסען. פונקט אַזוי איז עס מיט דעם וועלכער שעצט גייסטיגע רייכטומער, ער געפינט ניט קיין פאַרגעניגען אין מאַטעריעלע זאַכען".

און אָט איז נאָך זיינער אַ געדאַנק:

"ווען אַ שווימענדער טויכער, אַ זוכער פון פּערל, לאָזט זיך אַראָב אין ים צו געפינען פּערל, מוז ער איינהאַלטען זיין אָטעם און קאָנצענטרירען זיך אין גאַנצען אויף דאָס זוכען די פּערל. אַלץ אַזוי ווען מען לאָזט זיך אַראָב אין דעם ים פון וועלטליכקייט צו געפינען תורה און מצוות, מוז מען זיין אויפמערקזאַם ניט צו פאַרלירען די הייליגקייט, און ניט פאַרפירט צו ווערען דורך מאַטעריעלע פאַרגעניגענס; ווייל אויב ניט וועט דער כח פון וועלטליכקייט צושמעטערען דאָס גייסטליכע לעבען, פונקט ווי דער כח פון וואַסער קען צושמעטערען דעם כח פון דעם שווימענדען טויכער, דער זוכער פון פּערל".

און אָט איז נאָך אַ ביישפּיל:

"ווען איינער וויל צושמעלצען אַ שטיק זילבער צו אַ זילבערנער כלי, מוז ער דעם ברעג פון שטיק זילבער גוט אָברייניגען, אַז ס'זאָל ניט אַריינקומען אין מיטען קיין פרעמדער עלעמענט. דאָס זעלבע איז ווען אַ מענש וויל זיך באַהעפטען מיט גאָט דאַרף ער זיך פריער רייניגען פון יעדער מחשבה זרה, פון יעדען פרעמדען אָדער וואָכעדיגען געדאַנק".

## א כאראקטעריסטישער משל

דער בעש״ט האָט דערציילט פאָלגענדען משל:

״איינגע סוחרים האָבען פארלוירען זייער וועג און האָבען זיך אנידערגעלעגט אָברוען. א פארבייגייער האָט זיי געגעבען דירעקציעס און זיי זיינען ווייטער געגאַנגען אויף דעם וועג. אָבער זיי האָבען ווידער פארבלאָנזשעט, און א צווייטער מענש האָט זיי געגעבען דירעקציעס. אָבער זיינע אנווייזונגען זיינען ניט געווען ריכטיג און די רייזענדע זיינען אריין אין זומפיגע פלעצער, דורך וועלכע מען האָט ניט געקענט דורכגיין.

״אַלץ אויף אַזאַ אופן קענען די ווערטער פון דער תורה פירען צו נוצליכע שטודיען, אָדער זיי קענען פאַרפירען אין זומפיגע פלעצער פון פאלשע פארטייטשונגען און ווערטלאָזע צילען״.

## מען דארף זיך צוהערען צו גייסטיגע פירער

דער בעל שם טוב האָט נאָך דערציילט פאָלגענדען משל:

״אַ פאָטער און זיין יונגער זון זיינען דורכגעגאַנגען אַ וואַלד. דאָס אינגעל האָט געבעטען דעם פאָטער, אַז ער זאָל אים לאָזען גיין זוכען ווינפערלעך, און ער האָט פאַרשפראָכען אַז ווען דער פאָטער וועט אים רופען וועט ער זיך גלייך צוריקקערען. אַז ס׳איז אַוועק אַ לענגערע צייט און דאָס אינגעל האָט זיך ניט באַוויזען, האָט דער פאָטער אים גערופען מיט אַ שטאַרקען קול, אָבער יענער איז געווען אַזוי פאַרטון אין יאָגען זיך צו געפינען ווינ-פערלעך און האָט זיך ניט אָבגערופען. דער פאָטער האָט אים אויסגעזוכט און האָט אים אויסגעמ׳מוסר׳ט: ״אויב דו וועסט ניט הערען דעם רוף וועסטו פאַרלירען דעם וועג״.

דער בעל שם טוב האָט דאַן געצויגען דעם פאָלגענ־דען מוסר השכל:— "פונקט אַזוי זײַנען דערוואַקסענע מענשען, אויב זיי הערען ניט דעם רוף פון זייער גײַסטיגען פירער ווען זיי זוכען פרוכטען פון לעבען, פאַרלירען זיי אייך זייער וועג".

# דער שכר פון גלויבען

דער בעש"ט האָט דערציילט אַזאַ מעשה'לע:

"איך בין אַמאָל געבליבען אין אַן אכסניה איבער שבת. פלוצלינג האָט פרײַטאָג פאַרנאַכט זיך באַוויזען אַ פויער און האָט געקלאַפט דרײַ מאָל אין טיש. דער בעל־אכסניה האָט ערקלערט, אַז דאָס איז אַ סיגנאַל וואָס דער פריץ פון דאָרף האָט אײַנגעפירט, צו דערמאָנען, דאָס ער מוז צאָלען אין צײַט די דירה געלד פאַר דער אכסניה, אַז ניט וועט דער פריץ אויף אים אַרויפוואַרפען שווערע שטראָף. איך האָב אים געפרעגט צי ער האָט געלד צו צאָלען, און ער האָט געענטפערט, אַז ער האָט ניט קיין גראָשען. טראָץ דעם האָט דער איד מקבל שבת געווען מיט פרייד, און ער איז געווען פריילך דעם גאַנצען שבת. נאָך הבדלה האָט דער איד זיך געלאָזט גיין צום פריץ זיך בײַ אים אָבבעטען, און איך האָב געזען ווי בײַ דער טיר האָט זיך באַוויזען אַ סוחר און האָט אים אָבגעשטעלט. נאָך אַ קורצען שמועס האָט דער סוחר אַרויסגענומען אַ בײַטעל געלד און עס געגעבען צו דעם בעל אכסניה וועלכער איז שוין געגאַנגען צו דעם פריץ ניט מיט לעדיגע הענד. ווען דער סוחר איז אַרײַנגעקומען האָב איך אים געפרעגט וואָס פאַר אַן ענין ער האָט אראַנ־זשירט מיט דעם בעל אכסניה, און ער האָט מיר איבער־געגעבען, אַז ער האָט בײַ אים געקויפט ערנטע פון נעכ־סטען זומער און ער האָט אים דערפאַר באַצאָלט אין פאָר־אויס, כדי ער זאָל זיכער זײַן מיט דער אראַנזשירונג. איך האָב דאַן קלאָר פאַרשטאַנען, אַז פאָלקאָמענער בטחון אין גאָט ווערט באַלוינט אין דער ריכטיגער צײַט".

## 40. זיינע פירושים

ר׳ ישראל בעל שם טוב האָט געמאַכט זייער גייסט-רייכע פירושים אויף פילע פסוקים פון תנ״ך. מיט מאַנכע פון זיי האָט מען זיך שוין באַקענט אין די משלים ווינע, וואָס איך האָב ביז איצט געבראַכט. עס זיינען דאָ נאָך איינינע, וואָס ס׳איז באַזונדערס כדאי איבערצוגעבען.

## כל ישראל ערבים זה לזה

ערקלערט דער בעל שם טוב:

„אונזערע רבנים האָבען געזאָגט: „כל ישראל ערבים זה לזה". ווען אַן איינפּלוס צום נוטען לאָזט זיך אַראָב אויף דער ערד פון גאָט׳ס חסד באַקומט יעדער איד אַ חלק דערפון. דער צדיק אַרבייט דאַמאָלט אַם שטאַרקסטען; דער מענש מיט מעסיגע פעהיגקייטען ווערט אויפגעוועקט פון זיין גלייכגילטיגקייט; און אפילו דער זינדיגער פילט אַ דערוואַכונג פון געוויסען און ווערט געניינט צו חרטה. דאָס זעלבע געשעט ווען אַ שלעכטער איינפּלוס לאָזט זיך אַראָב. דער זינדיגער פאַלט אָן אַ שלאַכט. דער צדיק גיט אויך צו, אַז שלעכטע מחשבות דרינגען אַריין אין זיין געדאַנק. אויף וועלכען זאָלען מיר זאָגען, אַז ער איז מער שולדיג? מיר קענען זאָגען אַז ס׳איז מער צו באַשולדיגען דעם צדיק. ווען ער זאָל זיין שטאַרקער וואָלט ער געקענט מנצח זיין דעם שלעכטען איינפּלוס, און די שוואַכע אין כאַראַקטער וואָלטען ניט געזינדיגט. אָדער מיר קענען זאָגען אַז די שוואַכלינגע זיינען שולדיג. וואָלטען זיי געווען באַקעמפּט זייערע שעדליכע נייגונגען און זיך געגענגעשטעלט דעם שלעכטען איינפּלוס, וואָלט דער צדיק געווען אין דער לאַגע ניט אַריינצולאָזען דעם שלעכטען געדאַנק אויף זיין מחשבה.

„ווען די בני ישראל האָבען געדינט צום עגל הזהב, צום גאָלדענעם קאַלב, האָט משה רבינו זיך אַליין באַשולדיגט, פאַר וואָס ער האָט ניט אָבגעשוואַכט דעם איינ-

פֿלוס פֿון שטן, אַזוי אַז די פשוט'ע אידען זאָלען זיך אים נים אונטערוואַרפֿען. משה רבינו האָט דערפֿאַר געבעטען דעם רבונו של עולם, אַז ער זאָל אויסמעקען זײַן נאָמען פֿון דער תורה. אָבער השם יתברך האָט אים געענטפֿערט, אַז ס'איז נים זײַן שולד, ווײַל ער האָט דעם שלעכטען געדאַנק צו זיך נים צוגעלאָזען".

די ערקלערונג פֿון בעל שם טוב מיינט, אַז אין די פֿעלערען און זינד וואָס ווערען באַגאַנגען זײַנען שולדיג אי די מאַסען אי די פֿירער. די מאַסען דאַרפֿען זיך דערהויבען אין זייער האַנדלונג נים צו באַגיין פֿעלערען און נים צו זינדיגען, און די פֿירער דאַרפֿען ווירקען אַז שלעכטע געדאַנקען זאָלען גאָרנים קומען אויף דער מחשבה נים בײַ זיך אַליין און נים בײַ אַנדערע. אָט אַזוי דאַרף זײַן די באַציהונג, די צוזאַמענווירקונג פֿון צדיק אין אידען בכלל, פֿון פֿירער און די מאַסען.

# טראדיציע און פארנונפט

דער בעש"ט האָט פֿאַרטײַטשט דעם פסוק "אונזער גאָט און גאָט פֿון אונזערע אבות" אויף אַזאַ אופֿן: "אייניגע האָבען גלויבען ווײַל זייערע פֿאָטערס האָבען זיי דאָס געלערענט. אין אַ געוויסען זין איז דאָס צופֿרידענשטעלענד. קיין פֿילאָזאָפֿישער פשט'על וועט נים ברעכען זייער גלויבען. פֿון אַן אַנדערען שטאַנדפונקט איז דאָס נים צופֿרידענשטעלענד, ווײַל דער גלויבען פֿון אַזעלכע שטרעמט נים אַרויס פֿון זייער פערזענליכען וויסען.

"אַנדערע קומען צו גלויבען דורך אייגענער איבערצײַגונג נאָך פֿאָרשונגען. דאָס איז אויך צופֿרידענשטעלענד אין אַ געוויסען הינזיכט. זיי קענען גאָט דירך אינערליכען גלייבען; פֿון אַן אַנדערען שטאַנדפונקט איז דאָס נים צופֿרידענשטעלענד, ווײַל אויב אַנדערע פֿאָרשער זאָלען זיי באַווײַזען, אַז זייער גלויבען איז געפֿעלט קענען זיי ווערען אונגלויביגע.

"די בעסטע גלויביגע זײַנען יענע וועמענס גלויבען איז צופֿרידענשטעלענד פֿון יעדען שטאַנדפונקט. זיי

גלויבען דורך דער טראַדיציע און אויך דורך זייער איי-גענעם פאָרשען. אָט דאָס מיינט "אונזער גאָט און דער גאָט פון אונזערע אבות". גאָט איז אונזער הערשער אַז ווייל מיר ווייסען, אַז ער איז אונזער גאָט, אַז ווייל אונזע-רע עלטערן האָבען אונז געלערענט, אַז ער איז גאָט".

# פאר וואס אידען האלטען אין איין לויבען גאט

מען האָט געפרעגט דעם בעל שם טוב פאַר וואָס אידען האַלטען אין איין לויבען גאָט. האָט ער געענטפערט מיט אַזאַ משל: "די הויפּלייט פון אַ מלך זיינען געוואוינט צו רעדען זעלטען מיט זייער קעניגליכען הערשער, און אויך ווען זיי רעדען מיט אים געברויכען זיי נאָר אַ פּאָר געציילטע ווערטער. אויב זיי באַמערקען אַז דער מלך איז בייז, דערנענטערען זיי זיך ניט צו אים. אָבער דער בן-מלך צייגערט ניט צו רעדען סאַי ווען מיט זיין פאָטער, אפילו ווען דער מלך איז אין כעס, און דער בן-מלך האַלט אַן לאַנגע שמועסען מיט דעם מלך.

"די מלאכים זיינען די הויפּלייט פון גאָט און דער-פאַר זיינען זייערע שבחים צו גאָט באַשרענקט. אָבער ישראל איז זיין זון און אים איז ערלויבט אים צו לויבען וויפיל זיין האַרץ גלוסט נאָר".

# טאדעל דיך און ניט קיין אנדערען

דער בעש"ט האָט געזאָגט:

"ווען איינער זעט חסרונות אין אַ צווייטען אין ער פאַראַכטעט אים דערפאַר, איז דאָס אַ סמן, אַז דער באַ-טראַכטענדער פערזאָן באַזיצט ענליכע חסרונות ווי דער מענש וועלכען ער פאַראַכטעט. דער רייינער און גוטער מענש קען נאָר זען גוטעס אין אַנדערע. מיר לייענען אין ויקרא י"ט, 17: "לא תשנא את אחיך בלבבך, הוכח תוכיח את עמיתך ולא תישא עליו חטא"—זאָלסט ניט האַסען דיין ברודער אין דיין האַרצען; דו זאָלסט ניט טאַדלען דיין שכן, און דו זאָלסט דורך אים ניט זינדיגען.

"אָט דאָס לערענט אונז: — טאַדעל דיך קודם כל פֿאַר וואָס דו זעסט חסרונות אין אַנדערע; עס צײַגט, אַז די באַזיצסט אַ מדרגה פֿון אונריינקייט. אויב דו וועסט זיך טאַדלען וועסטו ניט האַסען דײַן ברודער נאָר דו וועסט פֿילען ליבע צו אים. אויב דו וועסט אים דערנאָך זאָגען מוסר וועט עס זײַן אין גײַסט פֿון אהבה. ער וועט ווערען צוגעקלעפּט צו דיר, און עס וועט פֿאַראײניגען די גוטס-קײַט וואָס איז אין אים מיט דײַן גוטסקײַט און אַלע זײַנע חסרונות וועלען פֿאַרשווינדען. אויב ער וויל ניט זיך צו-הערען צו דיר און וויל ניט אַנערקענען זײַנע חסרונות און ער באַליידיגט דיך, וועט ער פֿאַרלירען זײַן גוטסקײַט און ער וועט בלײַבען אין גאַנצען שלעכט.

"אויף אַזאַ אופן קען מוסר זאָגען מיט ליבע ווירקען: ענטוועדער איר זאָלט זיך ביידע פֿאַראייניגען אין ליבע, אין איר זאָלט ביידע אויסגעבעסערט ווערען; אָדער אויב עס בלײַבט האָס איז עס אין גאַנצען בײַ יענעם אין האַר-צען, און דו בלײַבסט פֿרײַ דערפֿון".

## פאר וואס באצאלט גאט פאר מעשים טובים?

דער בעש"ט האָט געמאַכט אַזאַ פּירוש אויף די פֿערזען פֿון תהלים (62-13): "און צו דיר, אָ גאָט, באַ-לאַנגט רחמנות, ווײַל דו צאָלסט יעדען מענשען לויט זײַן אַרבײַט". ער האָט געפֿרעגט: "וואו איז זײַן רחמנות אויב ער צאָלט דעם מענשען לויט זײַן אַרבײַט?" דער ענטפֿער איז דער: "גאָט מאַכט פֿאַר דעם מענשען צו טון מעשים טובים. דעם מענשענס איינענער בײַטראַג איז קליין, און דאָך באַלוינט אים גאָט דערפֿאַר, ווי גלײַך ער האָט דאָס דערגרייכט דורך זײַן ניט צוגעהאָלפֿענער באַמיהונג".

## 41. זײַנע דרײַ פּרינציפּען: אהבת הבורא, אהבת התורה, אהבת ישראל

ר' ישראל בעל שם טוב האָט זייער פֿיל געשטעלט אויף ליבע. הן אין זײַן לערע, הן אין זײַן האַנדלונג און באַציִונג צו מענטשן האָט ער דערהויבן ליבע צום סאַמע עיקר. — אָבער וועלכע ליבע?

איינמאָל האָבן אים געגנער געפֿרעגט: "וואָס מיינסטו איז דער עיקר פֿון עבודה? אונזערע חכמים האָבן געלערנט, אַז מען דאַרף טון תשובה; מען דאַרף פֿאַסטן, זיך פּײַניקן כדי צו באַקומען סליחה און מחילה פֿאַר זינד. אָבער דו האָסט דערמיט אויסגעמאַכט, דו האָסט געזאָגט, אַז דער וואָס פֿאַסט, אַחוץ די אָנגענומענע טעג פֿון תענית, וועט דאַרפֿן דערפֿאַר אָפּגעבן דין וחשבון פֿאַר'ן רבונו של עולם. ערקלער זשע אונז, וואָס מיינסטו איז דער עיקר פֿון עבודה?"

דער בעל שם טוב האָט געענטפֿערט: "איך בין געקומען אויף דער וועלט צו ברענגען די מענטשן דעם וועג אָבצוהיטן דרײַ עיקרים און לעבן: אהבת הבורא, אהבת התורה און אהבת ישראל — ליבע צום שעפֿער, ליבע צו דער תורה און ליבע צום אידישן פֿאָלק. אַז מען האַלט זיך אָן די דאָזיגע עיקרים און מען טוט אַלץ אין זייער גייסט איז תשובה שוין ניט נייטיג".

דער בעל שם טוב האָט אויך געזאָגט:

"די מורא פֿאַר גאָט איז אויף צוויי אופנים, אַן אויסערליכע און אַן אינערליכע. די אויסערליכע מורא איז, מען זאָל ניט געשטראָפֿט ווערן, זי פֿירט צו חרטה און תשובה. דער בעל תשובה קען דאַן באַקומען די אינערליכע מורא, אַז ער זאָל ניט האַנדלען געגען דעם ווילנס פֿון השם יתברך. און אַזאַ פֿאַל נייטיגט ער זיך ניט מער אין דער אויסערליכער מורא. דער וואָס ליבט גאָט האָט שוין אויך די אינערליכע מורא פֿאַר אים".

# אז ליבען זאל זיין געליבט

ווען דער בעל שם טוב האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען צו לערנען מיט תלמידים האָט ער זיי געהייסען אַרויסזאָגען פֿיינונגען וועגען פֿאָלק ישראל. זיי האָבען געזאָגט שבחים, אָבער מיט האַלבע הערצער. דער בעל שם טוב האָט זיי דערויף באַמערקט:

„איר זיינט ווי אַ שטיף מאַמע וואָס ליבט איהר שטיף־זין. זי ליבט איהם ניט אויס ליבע צו איהם, נאָר כדי צופֿרידענצושטעלען איהר מאַן. דאָס פֿאָלק ישראל איז אַ הייליג אין גיט פֿאָלק, ס'איז אַ פֿאָלק וואָס היט אָב די תורה, ס'איז אַ גיטהאַרציג און שטאַנדהאַפֿטיג פֿאָלק.

און ער האָט פֿאָרטגעזעצט זאָגען שבחים וועגען פֿאָלק ישראל, אַז אויף אַזאַ אופֿן האָבען זיינע תלמידים שוין גיט פֿאַרשטאַנען ווי אַזוי דאַרפֿען ליבען זייער פֿאָלק.

# השגחה

דער בעל שם טוב איז אַמאָל געגאַנגען אויף אַ לאַנגען וועג מיט זיינעם אַ תלמיד. דער תלמיד איז געוואָרען דורשטיג, אָבער ס'איז ניט געווען קיין וואַסער פֿאַר מיילען אַרום. ער האָט זיך באַקלאָגט פֿאַר'ן בעל שם איבער זיין דורשט. דער בעל שם האָט איהם געפֿרעגט:

„גלויבסטו, אַז ווען גאָט האָט באַשאַפֿען די וועלט האָט ער פֿאָרגעזעהן דיין דורשט און ער האָט געזאָרגט דערפֿאַר, אַז די זאָלסט האָבען מיט וואָס צו שטילען דיין דורשט?"

— יאָ — האָט דער תלמיד געענטפֿערט.

פּלוצלונג איז ערשינען אַ מאַן, וועלכער האָט געטראָגען אַ קאַן וואַסער, און ער האָט געגעבען דעם דורשטיגען אַ טרונק.

דער בעל שם טוב האָט געפֿרעגט דעם מאַן ווי עס קומט דאָס ער זאָל זיין אַזוי ווייט אויף דעם וועג און טראָגען וואַסער אויף אַזאַ ווייטען מהלך.

דער מאַן האָט געענטפערט: „מײַן בעל הבית האָט נישט װײַט פון דאַנען פלוצלינג געחלש'ט. איך בין דערפאַר געװען געצװאונגען צו גײן ברענגען װאַסער פון אײנער מײלען װײַט".

„דו װעסט" — האָט געזאָגט דער בעש"ט צו זײַן תלמיד — „דײַן גלויבען איז געװען באַרעכטיגט. נאָך אײדער די ערד איז באַשאַפען געװאָרען האָט גאָט פאָרגעזען יעדע געשעהעניש. עס װײַנען ניטאָ קײנע צופעללע אין דער װעלט. יעדע זאַך איז באַשטימט, עס הענגט אָבער אָב אין דעם אויסװאַהל פון מענשען, צו ער קלויבט אויס דאָס גוטע, און צו ער באַנוצט זיך מיט'ן שכל און גײַסט, מיט װעלכע ער איז באַשאָנקען געװאָרען".

פון דער מעשה'לע קען מען זען, אַז דער בעל שם טוב האָט געגלויבט, אַז יעדע זאַך איז באַשטימט פון דער השגחה, אָבער זי האָט צװײ װירקונגען — צום גוטען אָדער חס ושלום צום שלעכטען. עס הענגט אָב אין מענשען גיפא אויסצוקלויבען די פאָרמע װי דאָס באַשטימטע זאָל געשעהן, און דער מיטעל אויסצוקלויבען די גוטע פאָרמע איז — גלויבען. װען דער מענש גלויבט, איז האָפענונגספול, געניגט צו טון גוטעס, און װען ער טראָגט אין זײַן האַרצען די הרבע פרייער דערמאָנטע ליבעס, קען ער אַרויסרופען גוטע װירקונגען פון געשעהענישען װעלכע זאָלען זײַן אים און אַנדערע צו נוצען. פאַרקערט, װען דער מענש גלויבט נישט; װען ער פעלט אַרײַן אין פאַרצװײפלונג: װען ער איז נישט געניגט צו טון גוטעס, נאָר פאַרקערט, ער טוט שלעכטעס, און װען ער טראָגט נישט די הויכע ליבע אין האַרצען צו גאָט, צו מענשליכקײַט און צום פאָלק, דאַן װירקען די געשעהענישען נעגען אים, װען אפילו אין אָנפאַנג װעט זיך דאָס נישט אַזוי בילט אַרויס.

## עלטערן און קינדער

דער בעל שם טוב האָט דערצײלט אַזאַ משל:

„אַ זון איז געקומען צו זײַן פאָטער און בײַ אים געפרעגט אַן עצה װעגען דעם, װאָס פאַר אַ באַשעפטיגונג ער זאָל זיך אויסקלײַבען. דער פאָטער האָט געענטפערט:

זוך דיר אָן אַנדערע באַשעפֿטיגונג ווי מײַנע. איך אַרבײַט שווער אין פֿאַרדינען זײַער וועניג.

"דעם זונ'ס פֿרײַנד האָט זיך געוואונדערט, ווי דאָס קומט. זײַן פֿאָטער האָט אים געראַטען נאָכצופֿאָלגען די באַשעפֿטיגונג זײַנע, כדי ער זאָל פֿאַרדינען אויף אַ באַקוועם לעבען. דער זון האָט געענטפֿערט: מײַן פֿאָטער האָט הפנים פֿײַנט געהאַט זײַן אַרבײַט און דײַן פֿאָטער האָט זי ליב געהאַט.

"גאָט האָט געזאָגט וועגען אברהם'ען: כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט — ווײַל איך האָב אים געקענט, אַז ער וועט הייסען זײַנע קינדער און זײַן הויזגעזינד נאָך אים, אַז זיי זאָלען היטען די וועגען פֿון גאָט, צו האַנדלען ריכטיג און מיט גערעכטיגקײַט... אברהם האָט ליב געהאַט גאָט'ס וועגען און דערפֿאַר האָט ער געהייסען זײַנע קינדער, אַז זיי זאָלען גיין אויף דעם זעלבען וועג".

דער משל צײַגט קלאָר, אַז דער וועג צו האַלטען קינדער צוגעבונדען צו זיך, צום יודענטום, איז מען זאָל אַליין ליב האָבען דאָס פֿאָלק, זײַן לערע, און זײַן אמונה. וואו אַזאַ ליבע פֿעלט ענטשטייט צופֿאַלונג, אינטערגאַנג".

## 42. ער האט פארגעצויגען דעם ארבייטער

אז ר' ישראל בעל שם טוב האט ליב געהאט די פּאָלקס מענשען, דאס האט מען געקענט זעהן פון פילע פון זיינע משלים וואס איך האב ביז איצט איבערגעגעבען. עס איז אויך דאָ אַ מעשה'לע, וואס צייגט, אַז ער האט פאַרגעצויגען דעם אַרבייטער, און אַז ער האט געוועקט ליבע און אכטונג צו איהם.

דער בעש"ט האט דערציילט זיינע תלמידים:

ס'האבען אמאל געוואוינט אין איין בנין אַ תלמיד-חכם און אַ פשוט'ער אידישער בעל מלאכה. פלעגען זיי ביידע אויפשטיין זייער פריה יעדען פרימארגען. דער תלמיד חכם איז געגאנגען אין בית המדרש, וואו ער איז געזעסען און האט געלערענט אין די היילינע ספרים. ער פלעגט דאָרט אויך דאווענען. און אזוי האט ער פאַרוועגדעט זיין צייט ביז מיטאָג, ווען ער איז אהיים געגאנגען עסען צו שטארקען זיין גוף נאָך דעם וואס ער האט באַ-פרידיגט זיין נשמה. אויף דעם וועג אהיים פלעגט ער באגעגענען זיין שכן, דעם בעל מלאכה, וועלכער פלעגט אייך אהיים גיין אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער פון זיין שווערער ארבייט. דער בעל מלאכה האט געהאַט בלויז עטליכע מינוט צייט אין דער פריה ארייצולויפען אין בית המדרש און שנעל אָבדאַווענען.

דער תלמיד חכם האט געקוקט אויף זיין שכן מיט פאראכטונג, און האט געטראַכט וועגען דעם גרויסען אונטערשיד, וואס איז פאַראַן צווישען זיי:— ער אליין איז אַזאַ לערנער, ער לערענט אזוי פיל אין די היילינע ספרים, און איז יעדען טאָג לאנג מתפלל; אין יענער אַ פּראָסטער מענש, וועלכער גיט זיך אָב אַ גאנצען טאָג מיט גראָבער ארבייט און גיט אָב בלויז עטליכע מינוטען פאַר כאַפּען אַ קדושה.

דער בעל מלאכה, דער אַרבייטער, האט געזיפצט. ער האט געהאַט פאַר דעם תלמיד חכם גרויס דרך ארץ,

אין האָט אים־מקנא געווען וואָס ער האָט זײַן צײַט פֿאַר־בראַכט אין לערנען, און מתפלל זײַן. ער שטייט אויף גלײַך מיט אים אין דער פֿרי, אָבער ער פֿאַרברענגט זײַן צײַט אין היילינגע זאַכען, ווערענד ער אַליין, דער בעל־מלאכה, פֿאַרברענגט בלויז אין שווערער אַרבײַט.

עס זײַנען אַזוי פֿאַראיבערגעגאַנגען טעג, חדשים, יאָרען. אין אַ טאָג איז דער תלמיד חכם געשטאָרבען. באַלד נאָך דעם איז דער בעל מלאכה אויך געשטאָרבען.

אַז דער תלמיד חכם איז ערשינען פֿאַר דער פמליא של מעלה, פֿרעגט מען אים: — "וואָס האָסטו געטון אין דײַן לעבען?" ענטפֿערט ער: — "איך האָב פֿאַרברענגט מײַנע טעג אין לערנען גמרא און אין מתפלל זײַן צו השם יתברך. איך האָב אויך געהיט אַלע מצוות ביז צו דער סאַמע קלײנסטער אײנצעלהײַט".

דער תלמיד חכם איז געווען בײַ זיך צופֿרידען און שטאָלץ מיט זײַן ענטפֿער. אָבער פּלוצלינג מישט זיך אַרײַן דער קטיגור און דערציילט: "ער האָט פֿאַראַכטעט זײַן שכן, דעם בעל מלאכה, וועלכער האָט ניט געהאַט קײן צײַט לאַנג מתפלל צו זײַן און צו לערנען תורה".

נעמט מען אַרויס די וואָגשאָל. אויף אײן זײַט לעגט מען דאָס גאַנצע לערנען פֿון תלמיד חכם, זײַנע אַלע תפילות און זײַנע מצוות, און אויף דער צווייטער זײַט לעגט מען זײַן פֿאַראַכטונג צו דעם בעל מלאכה. און מערקווירדיג — די זײַט מיט דער פֿאַראַכטונג צום אָרימען אַרבײַטסמאַן בעל מלאכה האָט איבערגעוואויגען. גיט מען אַרויס דעם פסק דין: — "ס'איז ניטאָ קײן פּלאַץ פֿאַר אַזאַ תלמיד חכם אין גן עדן".

דאַן איז ערשינען דער בעל מלאכה פֿאַר דער פמליא של מעלה. פֿרעגט מען אים: "וואָס האָסטו געטון אין דײַן לעבען?" ענטפֿערט ער מיט אַ געבויגענעם קאָפּ: "איך האָב פֿאַרבראַכט מײַן גאַנצען לעבען אין שווערער אַרבײַט. איך האָב באַדאַרפֿט פֿאַרדינען מײַן ברויט דורך דעם שווייס פֿון מײַן געזיכט, כדי צו דערנערען מײַן פֿרוי און קינדער, און דערפֿאַר האָב איך ניט געהאַט קײן צײַט

מתפלל צו זײַן ווי גּעהעריג איז״. דער אָרימער בעל מלאכה איז געווען בײַ זיך געבראָכען. ער האָט געמיינט ווער ווייסט וואָס ס׳וועט צו אים געשען. אָבער דער מלאך פֿון מדות און רחמים מישט זיך אַרײַן און זאָגט: ״ער האָט שטענדיג מקנא געווען זײַן שכן דעם תלמיד-חכם, ווײַל ער האָט געלערענט און געהאַט צײַט מתפלל צו זײַן, און ער האָט מיט גרויס עניוות געלעבּט צו הייליגקײַט״. און מערקווירדיג! אַ הייליגע שטימע האָט אויסגערופען דעם פסק-דין: ״פֿירט אַרײַן דעם בעל-מלאכה אין גן עדן״.

דער בעש״ט האָט צו דעם משל ניט באַדאַרפֿט צו-זעצען קיין נמשל. דער נמשל איז שוין געלעגען אין משל. עס איז אַ הויכע שעצונג צו דעם בעל מלאכה, און אַ וואָר-נונג אפילו צו דעם תלמיד חכם אין הייליגען מענשען, אַז ער זאָל ניט פֿאַראַכטען נאָר שעצען דעם אַרבײַטער, ווײַל אויב ער פֿאַראַכטעט זײַן אָרימען אַרבײַטסזאַמען שכן האָט זײַן חכמה, און זײַן לערנען קיין באַדײַטונג ניט.

## ווי דער בעל שם טוב האָט געטרייסט

ר׳ ישראל בעל שם טוב איז געווען ניט נאָר אַ גרוי-סער צדיק און לערער נור אויך אַ גרויסער טרייסטער. און ער האָט געטרייסט ניט נאָר דורך זײַן לערע, וואָס איז געבליבען אַן אייביגער קוואַל פֿון טרייסט פֿאַר אי-דען, נור אויך דירעקט דורך זײַן העכסט מענשליכער באַציהונג און דורך זײַנע מערקווירדיגע משלים.

דערציילט מען וועגען דעם אַזאַ מעשה:

אַ פֿרוי האָט לאַנג געווינשען און געבענקט צו האָ-בען אַ קינד, זי האָט פֿאַר אַ לאַנגע צײַט קיין קינד ניט געהאַט. אָבער נאָך לאַנגע יאָרען פֿון וואַרטעניש האָט זי דאָך אַ קינד געבוירען, אַ אינגעלע. איר שמחה איז געווען זייער גרויס; אָבער בלויז צוויי יאָר האָט דאָס קינד געלעבט און ס׳איז געשטאָרבען. ווען די פֿרוי איז

געקומען צום בעל שם טוב זיך אויסוויינען פֿאַר איהם איהר ביטער הארץ, האט ער איהר דערציילט אזא מעשה'לע:

"ס'איז געווען א מלך און ער האט קיין קינדער ניט געהאט. ער האט זיך באראטען מיט זיינע כשוף-מאַכער, ווי צו קענען באקומען א זוהן, וועלכער זאל זיין א יורש צו זיין טראָן, אָבער אַלע זייערע עצות זיינען געווען אומ-זיסט. ענדליך האט איינער פֿון זיינע מכשפים און יועצים איהם געגעבען אזא עצה: ער זאָל פֿאַרבאָטען אַלע אידען פֿון זיין מדינה צו פראַקטיצירען זייער אמונה, ווייל נאָר די תפילות וואָס זייער פֿאַרצווייפֿלונג וועט אַרויסבריינ-גען וועט קענען רירען גאָט, אַז ער זאָל איהם געבען א זוהן.

"דער מלך האט אַרויסגעגעבען אַזאַ גזירה געגען אידען, אַז זיי טאָרען ניט מעהר היטען זייער אמונה. די פֿרומע אידישע קהילה איז צוטרייסעלט געוואָרען פֿון צער און פֿאַרדרוס, און זייערע געשרייען האָבען זיך גע-הויבען צו די הימלען. זיי האָבען אַזוי הייסענד געבעטען, אַז איינע פֿון די נשמות, וואָס זיינען שוין געווען אין גן-עדן, איז ערשינען פֿאַר השם יתברך און זיך אָנגעבעטען נאָך אַמאָל מגולגל צו ווערען אויף דער ערד אַלס א זוהן פֿון דעם מלך.

"דער בן מלך איז געבוירען געוואָרען; אָבער ווייל זיין נשמה איז געווען אַזוי אויסערגעווענליך, איז ער גע-שטאַנען מיט אַזוי פֿיל העכער פֿון זיינע מיטמענשען, אַז זיין קעניגליכער פֿאָטער האט ניט געפֿינען פֿאַר איהם קיין לעהרער, וועלכער זאָל איהם קענען לעהרנען גערעכ-טיגקייט. ענדליך האט ער געפֿינען עפעס א פרעמדען מענשען, וועלכער האט איהם געלערענט די אידישע אמונה. דער בן מלך האט אָנגעהויבען אַזוי ברענען מיט אהבה צום אידענטום, אַז ער איז אַוועק פֿון קעניגליכען פּאַלאַץ און איז געוואָרען א איד.

"נאָך זיין טויט, ווען די נשמה פֿון בן מלך וועמענס מיטלייד צו אידען האט זי געמאַכט מקריב זיין דעם גן-עדן און מגולגל צו ווערען אויף דער ערד, איז ערשינען פֿאַר דער פמליא של מעלה, האט מען געזעהן איר איב-

געוועצט בלויז אַ קליינינקייט: אַז זי האָט פֿאַרבראַכט די ערשטע עטליכע יאָר פֿון איר נייעם לעבען אין קעניגליכען רייכטום און אין דער פּיסטער פּאָמפּע פֿון קעניגליכען פּאַלאַץ; כדי זי זאָל אָבקומען פֿאַר דעם דאָזיגען חטא איז באַשטימט געוואָרען דאָס זי זאָל נאָך אַמאָל אַראָב אויף דער ערד, און זי זאָל צוויי יאָר געהאָדעוועט ווערען פֿון אַ פֿרומער אידישער מוטער.

"נו, פֿרעג איך דיך — האָט דער בעל שם טוב פֿאַרענדיגט — דאַרפֿסטו, פֿרומע אידישע פֿרוי, זיך מצער זיין, וואָס די האָסט געהאָדעוועט צוויי יאָר אַ קינד מיט אַזאַ הייליגער נשמה?"

האָט די פֿרוי געקענט באַקומען אַ גרעסערע טרייסט?

## 46. דער בעל שם טוב אלס קריטיקער

ר' ישראל בעל שם טוב האָט אַרויסגעזאָגט ניט נאָר טיפֿזיניגע אידעען, ער האָט אויך באַזעסען שאַרפֿזין, און זאָגנאַר אַ זין פֿאַר הומאָר. מאַנכע מאָל האָט ער אויך אַרויסגעזאָגט קריטישע מיינונגען, וואָס זײַנען געווען זייער כאַראַקטעריסטיש.

עס ווערט למשל דערציילט, אַז דער בעל שם טוב האָט געזאָגט:

"ווען דער בערדיטשעווער האָט געהאַלטען בײַם גע-בוירען ווערען, האָט דער שטן זיך באַקלאָגט, אַז ער וועט מער ניט האָבען קיין אַרבעט צו טון, ווײַל דער בערדי-טשעווער וועט קענען באַאיינפֿלוסען יעדען אידען צו ווערען אַ צדיק.

"האָב נאָר קיין מורא ניט — האָט געענטפֿערט גאָט — ער איז באַשטימט צו ווערען אַ רב און דערפֿאַר וועט ער זײַן געצווונג שטאַרק באַשעפֿטיגט מיט קהלה ענינים".

וואָר עס ווייסט מיט וויפֿיל קליינליכקײַטען מען באַ-שעפֿטיגט זיך אין די קהלות און וויפֿיל צײַט און ענערגיע עס ווערט אויף זיי פֿאַרשווענדעט, דער וועט פֿאַרשטיין וויפֿיל שאַרפֿזין און טיפֿזין עס איז ענטהאַלטען אין דעם מעשה'לע.

## די תפילות וואס הויבען זיך ניט צום הימעל

עס ווערט אויך דערציילט:

דער בעל שם טוב האָט געהאַלטען בײַם אַרײַנגיין אין אַ שול, אָבער בײַ דער טיר האָט ער זיך אָבגעשטעלט און ניט געוואָלט אַרײַנגיין. ער האָט דערבײַ באַמערקט:

"דאָס פּלאַץ איז איבערפֿולט מיט תפילות אין לער-נען".

"דאַן פֿאַרוואָס צייגערט איר אַרײַנצוגיין אין דעם מקום קדוש?"— האָבען געפֿרעגט איינזיגע פֿון זײַנע תלמידים.

ער האָט געענטפערט:

"ווען דאָס זאָל זיין אַן אמת'ער מקים קדוש וואָלטען די תפילות אין דאָס לערנען זיך אויפגעהויבען צו די הימלען, און די שיל וואָלט געווען אויסגעליידיגט פון זיי. אָבער די תפילות און דאָס לערנען, וואָס קומט ניט פון הארצען קענען נאָר אָנפילען אַ פּלאַץ אויף דער ערד"...

# זיין ליבע צו מענשען

דערפאַר טאַקע ווייל דער בעל שם טוב האָט געקענט זיין קריטיש, איז מיט אַזוי פיל מערקווירדיגער זיין ליבע צו מענשען. ער האָט געזען זייערע שוואַכקייטען און דאָך האָט ער זיי ליב געהאַט.

ער האָט געזאָגט:

"עס זיינען דאָ טייערע שטיינער, און וועלכע קיינער קען ניט צווייפלען. יעדער קען זען דאָס פינקלען פון זייער ליכט, וואָס גיסט זיך פון זיי אין פאַרשידענע קאָלירען. זייער עכטקייט קען גלייך דערקענט ווערען. אַזוי זיינען אייך אמת'ע חסידים עס זיינען אויך דאָ פאַלשע דימענטען: אַזוי זיינען די געמאַכטע, די היפּאָקריטישע. און עס זיינען דאָ אַזעלכע שטיינער, וואָס זיינען פאַרבאָרגענע איצרות אין דעם זאַמד, וועלכע מען קען ניט גלייך דער-קענען זייער ווערט. דאָס זיינען די פשוט'ע אידען וועלכע געבען זיך ניט שנעל אונטער גלוסטונגען און לײַדענשאַפ-טען, און וועלכע פאָלגען נאָך די געבאָטען פון דער תורה. זיי טראָגען און זייערע הערצער דעם אוצר פון אונבערגע-בענער ליבע צו דער מענשהייט".

פאַר אַ ווײַלע איז דער בעש"ט געבליבען פאַר-טראַכט, און ער האָט דאַן פאַרענדיגט: "אָבער אַלע זיינען טייערע עדעלשטיינער".

דאָס הייסט, אַז ער האָט קיין אידען ניט אויסגע-שלאָסען פון זיין ליבע און שעצונג, אָבער עס פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געשטעלט אַס העכסטען יענע וועלכע גייען אויף דעם ריכטיגען וועג. און ער האָט דעם פשוט'ן ערליבען מענשען פאַרגעצויגען פאַר דעם היפּאָקריט.

## ער איז געווען געגען שטראָף דרשות

אָט דערפֿאַר טאַקע ווײַל דער בעל שם טוב האָט געהאַט ליבע צו יעדען אידען איז ער געווען געגען יענעם מין מגידים וועלכע האַלטען שאַרפֿע שטראָף דרשות און סטראַשען מיט גיהנום.

עס ווערט דערציילט, אַז אײַן מאָל איז דער בעל שם טוב געוואָרען שטאַרק אין כעס ווען ער האָט געהערט, אַז אַ מגיד האָט גע'מוסר'ט דאָס פֿאָלק פֿאַר חטאים.

דעם צווייטען טאָג איז צו אים געקומען דער מגיד און געפֿרעגט דעם בעש"ט פֿאַרוואָס ער איז אין כעס געוואָרען.

ר' ישראל איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט, טרערען האָבען געשפּריצט פֿון זײַנע אויגען און ער האָט געזאָגט:

"דו רעדסט שלעכטס אויף אידען! ווייסטו דען ניט, אַז אַ איד גייט אַלע טאָג אין מאַרק אַרײַן, כדי צו באַקו-מען פּרנסה, און פֿאַרנאַכט אײַלט ער זיך אַהיים צו גיין, ניט צו פֿאַרזאַמען מנחה, און ער דאַווענט מנחה אפילו ווען זײַן קאָפּ איז אַזוי פֿאַרדרייט, אַז ער ווייסט ניט וואָס ער זאָגט. אָבער די מלאכים אין הימעל ווערען פֿאַרציטערט פֿון דאָזיגען דאַווענען".

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דער בעש"ט האָט גערעדט בלויז פֿון די אָרימע און לײַדענדע אידען, וועלכע האָבען ביטער צו קעמפֿען פֿאַר זייער ביסעל פּרנסה. אים האָט פֿאַרדראָסען וואָס מען שטראָפֿט אָט אַזעלכע אידען. וועגען זיי האָט ער געזאָגט, אַז איינמאָל בעת ער האָט געהאַט עלית נשמה האָט ער געזען ווי דער מלאך מיכאל, דער פֿאַרטיידיגער פֿון אידישען פֿאָלק אין הימעל, האָט געזאָגט, אַז "יעדע עבירה זייערע איז אויך אַ מצוה". ער האָט געפֿילט, אַז זיי מוזען אויך האָבען מעגליכקײַטען צו לעבען. און איבערהויפּט, אַז אַ איד האָט געהאַט אַ גוטע כונה, צו טון צדקה און צו דערנענטערען זיך צו אַ תלמיד חכם, איז דאָס אידאי געווען אַזאַ זאַך וואָס האָט דעם אידען שטאַרק דערהויבען אין זײַנע אויגען.

# זיין שטעלונג צו שבתי צבי און די פֿראַנקיסטען

אָט דאָס, וואָס דער בעל שם טוב האָט געהאַט אַ גוט האַרץ און איז געווען געניַיגט צו פֿאַרגעבונג, ערקלערט אויך די מיינונג, וואָס ער האָט געהאַט וועגען שבתי־צבי און די שטעלונג זיַינע צו די פֿראַנקיסטען.

ס'איז איבעריג צו זאָגען, אַז ר׳ ישראל בעל שם טוב איז געווען זייער שטאַרק געגען די אָנהענגער וואָס זיַינען געבליבען נאָך שבתי צבי. למשל, ווען ס'איז ערשינען דאָס ספר "חמדת הימים", וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פֿון שבתי־צבי'ניקעס, האָט דער בעש"ט געוואָרענט זיַינע תלמידים, אַז דאָס איז אַ פסול'ער ספר, וואָס קען טמא מאַכען די וועלט. עס ווערט זאָגאַר דערציילט, אַז איין מאָל ווען ער האָט געזען דאָס דאָזיגע ספר ליגען ביַי אַ חבר אין שטוב, האָט ער עס אַ כאַפּ געטון, איַינגע־וויקעלט אין אַ שמאַטע און עס אַרונטערגעוואָרפֿען אונ־טער'ן טיש. דאָך האָט ער ניט געזוכט אין גאַנצען אַוועק־צומאַכען מיט שבתי צבי. ער האָט געזאָגט איף דעם פֿאַלשען משיח, אַז "ער האָט געהאַט אַ הייליגען ניצוץ נאָר דער שטן האָט אים אַריַינגעכאַפּט אין זיַין נעץ". דאָס הייסט, אַז דעם וועג פֿון שבתי צבי האָט ער מבטל געווען, אָבער ער האָט אָנגעציַיגט, אַז אויך אין אים איז געווען אַ פֿינק פֿון אַ העכערען מענשען, וועלכער איז פֿאַרפֿירט געוואָרען. ווי ס'איז באַוואוסט האָט שבתי צבי, אַנשטאָט צו זוכען צו פֿאַרשטיין און צו ערקלערען די אידעע פֿון משיח, זיך אַליין פּראָקלאַמירט אַלס משיח.

ענליך איז געווען די באַציהונג פֿון בעל שם טוב צו די פֿראַנקיסטען. ער איז געווען שטאַרק געגען דער לערע און די אָנגאַנגען פֿון די פֿראַנקיסטען. ער האָט גערעדט געגען זיי, און מתפלל געווען, אַז די אידען זאָלען ניט געשטראָפֿט ווערען דורך זייערע דרכים. אָבער ווען די פֿראַנקיסטען האָבען זיך גע'שמד'ט, און ס'איז ביַי די רבנים און פרנסים געוואָרען אַ גרויסע "שמחה". וואָס זיי

האָבען זיך אָבגעשיידט פֿון כלל ישראל, האָט דער בעל שם טוב געטרויערט, וואָס אַזוי פֿיעל אידישע נשמות זיינען פֿאַרלוירען געגאַנגען. ער האָט ערקלערט, אַז די שכינה גופא קלאָגט און וויינט דורך דעם, ווייל "כל זמן דער אבר איז צוגעהעפֿט צום קערפּער איז נאָך פֿאַראַן אַ האָפֿנונג, אפילו אויב ער איז קראַנק, דאָס ער וועט נאָך געזונד ווערען, אָבער אַז מען שניידט אָב דעם אבר, קען ער שוין קיין מאָל ניט געזונד ווערען". און ער האָט פֿאַרענדיגט: "און יעדער איד איז דאָך אַן אבר פֿון דער שכינה".

אָט אַזוי ברייטהאַרציג האָט דער בעל שם טוב געפֿילט און אַזוי טיפֿזיניג האָט ער געדענקט בנוגע אַנדערע, אפילו בנוגע די געפֿאַלענסטע.

## די וויכטיגקייט פֿון מעשה'לעך פֿאַר'ן פֿאָלק

דער בעל שם טוב האָט אַמאָל דערציילט פֿאָלקס-מעשה'לעך צו זיינע חסידים. וועגענדיג, אַז זיי זיינען ערשטוינט, האָט דער בעל שם טוב זיי דערציילט אַזאַ משל:

"אַ מלך האָט געשיקט זיין זון איבערצונעמען די פֿירערשאַפֿט אויף אַ פֿעסטונג נעבען דער גרענעץ. ער האָט איהם איבערגעגעבען, אַז דער שונא פּלאַנט צו מאַכען אַן אַטאַקע אין דער נאָענטער צוקונפֿט, און ער האָט איהם געראַטען אַז ער זאָל באַהאַלטען אין דער פֿעסטונג אַלע שפּייז אַרטיקלען וואָס ער וועט קענען באַקומען. אויב ער וועט ניט קענען באַקומען קיין בעסערע קוואַליטעט שפּייז, דאַן זאָל ער אָנפֿילען ווערען מאַגאַזין מיט שפּייז פֿון אַן אָרימער קוואַליטעט.

"באַטש דעם מלך'ס ראַטה איז פֿאַר איהם ניט נייטיג געווען, האָט ער איהם געפֿאָלגט. די באַלאַגערונג איז דאָך געקומען און זי האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט, און עס האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז די אָרימע שפּייז איז געווען די באַשיצונג געגען דאָס אונטערגעבען זיך.

"אַלץ אַזוי, מיינע פֿריינד, זאַמעלט איך אָן און מיט די דאָזיגע געוועהנליכע מעשה'לעך, וואָס איך דערצייל אייך, ווי אויך די לערע וואָס זיי ענטהאַלטען. און אייער אַרבייט צווישען פֿאָלק וועט אייך דאָס אַלץ צונוץ קומען".

## 44. זיין שטעלונג צו רדיפות אויף אידען און צו נקמה

ר׳ ישראל בעל שם טוב האט גייסטיג זייער פיל געליטען דורך די בלבולים און הריגות, וואס זיינען געמאכט געווארען אויף אידען אין זיין צייט. עס איז היסטאריש באוואיסט, אז אין די יארען פון 1747 און 1748 זיינען געמאכט געווארען עלילות דם אויף אידען, און אין פאלגענדען יאר 1749 האט זיך פארשפרייט און געשטארקט די באוועגונג פון די הײדאמאקעס, און עס זיינען פארגעקומען הריגות אויף אידען אין פילע שטעט און שטעטלעך.

דער בעל שם טוב האט אויף זיין שטייגער געזוכט צו ווירקען, כדי אפצוהאלטען די דאזיגע אונגליקען. עס איז געבליבען פון אים א בריף צו זיין שוואגער גרשון קיטעווער, ווען יענער האט שוין געוואוינט אין ארץ ישראל. אין דעם בריף דערציילט ער, אז ״אין ראש השנה פון יאר תק״ז האב איך געמאכט די השבעה אויף עלית נשמה״. ער גיט דאן איבער וואס ער האט געזען אין הימעל, און ווי ער האט געזוכט צו ווירקען געגען די גזירות אויף אידען, און ער שרייבט:

״איך האב דארט אויך מתפלל געווען, אז מען זאל מיר ערקלערען, פאר וואס דער אויבערשטער האט אזוי געטין, אז עס זאל איבערגעגעבען ווערען צו ס״ם (מלאך המות) פילע אידישע נפשות דאס זיי זאלען דער׳הרג׳עט ווערען, און פילע זאלען זיך פריער שמד׳ן און דערנאך דער׳הרג׳עט ווערען. מען האט מיר געגעבען רשות צו פרעגען ביי ס״ם גופא, און איך האב געפרעגט. ער האט מיר געענטפערט, אז זיין מיין איז לשם שמים״.

און דער בעל שם טוב גיט איבער דעם פאל פון דער שטאט זאסלאוו, וואו מען האט געמאכט א בלבול אויף צוויי אידען, האבען זיי זיך געשמד׳ט, כדי זיך צו רעטען, אבער דערנאך האט מען זיי אלץ דער׳הרג׳עט. דאס האט געמאכט אז אידען אין אנדערע שטעטלעך זאלען זיך

האַלטען פּעסט אין זײַער גלויבען און שטאַרבען אויף קידוש השם.

דער בעל שם טוב האָט אויך געשריבען וועגען אַ צווײטע עלית נשמה: "אין ראש השנה תק"י האָב איך געהאַט אַן עלית נשמה, און האָב געזען אַ גרויסען קיטרוג, אַז עס איז כמעט געגעבען געוואָרען דעם ס"ם רשות חרוב צו מאַכען מדינות און קהילות, און איך האָב זיך מוסר נפש געווען און האָב תפילה געטון: לאָמיר פּאַלען פֿון גאָט'ס האַנד און לאָמיר ניט אַרײַנפֿאַלען אין מענ-שענס האַנד".

דער בעש"ט שרײַבט, אַז ער האָט אויסגעפֿירט דאָס ס'זאָל בעסער זײַן אַ פּעסט איידער הריגות. ווען די פּעסט האָט זיך פֿאַרשפּרייט האָט דער בעל שם טוב מיט זײַן קהילה געזאָגט קטורת כדי בטל צו מאַכען די גזירה, אָבער מען האָט אים געלאָזט וויסען פֿון הימעל: "דו האָסט דאָך אַליין אויסגעקליבען צו פֿאַלען פֿון גאָט'ס האַנד, טאָ פֿאַרוואָס-זשע ווילסטו דאָס בטל מאַכען?" דער בעש"ט האָט דערפֿאַר שוין בלויז געזאָגט קטורת, אַז די פּעסט זאָל זיך ניט פֿאַרשפּרייטען.

ווי ס'איז צו זען פֿון די פֿאַרצייכנונגען האָט דער בעל שם טוב טיף געפֿילט דעם אונגליק פֿון די אידען, אָבער ער האָט אַלץ אָנגעווענדעט זײַן שיטה, אַז דאָס ערגסטע וואָס קומט פֿאַר איז אין תוך אַלץ צום בעסערען. דאָס ערקלערט פֿאַר וואָס דער בעל שם טוב, וועלכער האָט זיך צוגערשט געשטעלט די פֿראַגע פֿאַר וואָס זאָל ניט זײַן קיין נקמה, איז געקומען צום מאַשלוס, אַז קיין נקמה פֿון מענשען דאַרף ניט זײַן, נקמה מוז זײַן פֿון גאָט אַליין.

## א גאר מערקווירדיגע מעשה'לע

עס איז אין שייכות צו דעם פֿאַראַן אַ גאָר מערקוויר-דיג מעשה'לע:

בעת מען האָט געמאַכט דעם בלוט בלבול אויף די אידען אין פּאַוואָליטש, זײַנען די דאָרטיגע אידען און די אידען פֿון די אַרומיגע געגענדען געלאָפֿען וואו די אויגען האָבען זיי געטראָגען, כדי זיך צו ראַטען, אָבער אייניגע

אַלטע פֿרומע אידען האָבען זיך נים געוואָלט רירען פֿון אָרט. זיי האָבען דורכאויס זיך געוואָלט פֿאַרלאָזען אויף גאָט, און אויב ס'איז זיי באַשערט געטייט צו ווערען וועלען זיי שטאַרבען אויף קידוש השם.

אָבער אויך צווישען זיי האָט זיך געפֿינען איינער, דער רבי פֿון קאַריטשאָוו, וועלכער איז דאָך טיט זיי ניט געבליבען. ער האָט אין די יונגע יאָרען אָנגעהויבען שרייבען אַ ספר, ווי מען קען דינען גאָט דורך מקריב זיין דאָס לעבען. ער האָט דאָס ספר ניט געענדיגט און ס'איז געבליבען ליגען. אָבער בעת ער, ווי אַנדערע פֿרומע אידען, האָבען געוואַרט אין פֿריידען, דאָס זיי זאָלען שטאַרבען אויף קידוש השם, איז זיין בליק געפֿאַלען אויף דעם ספר, און ס'האָט זיך אין אים אָנגעצונדען אַ באַגער דאָס ווערק צו ענדיגען. ער האָט עס פֿאָלגליך גענומען און האָט זיך דערמיט אוועקגעלאָזט קיין וואָלאַכיע, אַז ער זאָל עס דאָרט פֿאַרענדיגען.

אויפֿ'ן וועג איז ער דורכגעגאַנגען מעזשבאָזש. ער איז געווען ביים בעל שם טוב, וועלכער האָט אים געהייסען, אַז ער זאָל דאָרט בלייבען ביז ער וועט אים הייסען ווייטער פֿאָרען. בעת ער איז דאָרט געווען איז אָנגעקומען אַ בריף פֿון פּאָוולאָטש, אין וועלכען ס'איז געווען באַשריבען ווי די אַלטע פֿרומע אידען זיינען דער'הרג'עט געוואָרען, און ווי זיי זיינען אין שרעקליכער פּיין און אין גרויסע פֿריידען אומגעקומען אויף קידוש השם. נאָך דעם יאָס דער בעל שם טוב האָט דעם בריף געלעזען איז ער געגאַנגען אין זיין שול מקבל שבת זיין, ס'איז געווען אין אַ פֿרייטאָג. ער האָט מקבל שבת געווען אין גרויס ציטער-ניש, און ווער עס האָט אים דאַמאָלט געזען האָט אויך געמוזט ציטערען. מען האָט געמיינט, אַז נאָך קבלת שבת וועט ער צוריק רוהיג ווערען, אָבער אפילו ווען ער איז שוין געווען צוריק אין זיין שטוב און האָט געהאַלטען דעם בעכער צו מאַכען קידוש האָט ער אַלץ שטאַרק געציטערט. גלייך נאָכ'ן קידוש איז ער אַריין אין זיין שלאָף-צימער און האָט זיך געלעגט אויף דער ערד. זיין הויזגעזינד און

די אורחים האָבען אויף אים געוואַרט, אַז ער זאָל צוריק־קומען, אָבער ער איז ניט צוריקגעקומען. איז די רביצין אַרײַן צו אים אין צימער און האָט אים געזאָגט, אַז "די ליכט וועלען באַלד אויסגײן". האָט דער בעל שם טוב געענטפֿערט: "זאָלען די ליכט אויסגײן, און שיק אַהײם די אורחים". איז זי געגאַנגען דאָס טון, און ער איז אַלץ געבליבען ליגען אויף דער ערד.

דער קאָריטשאָווער רבי האָט זיך ניט געקענט אײַנ־האַלטען. אים האָט שטאַרק געבערענט אין האַרץ צו זען, וואָס דער בעש"ט טוט. ער איז צוגעגאַנגען צו זײַן צימער און זיך צוגעהערט, אָבער ער האָט ניט געהערט קיין שאָרך. ס'האָט געהערשט גרויס שטילקײַט. אָבער צוקומענדיג צו דער טיר האָט ער דערזען אַ שפּאַלט, דורך וועלכער ער האָט געקענט אַרײַנקוקען אין צימער. איז ער דאָרט געבליבען שטײן און אַרײַנגעקוקט, און אַזוי איז ער געשטאַנען ביז מיטען נאַכט. פּלוצלינג איז דאַמאָלט ליכטיג געוואָרען אין צימער פֿון אַ גרויסער ליכטשײַן, וואָס ער האָט ניט געקענט זען פֿון וואַנען עס קימט. און ער האָט דערהערט עפּעס אויסערגעווענליכעס:

דער בעל שם טוב האָט אָנגעהויבען זאָגען: "ברוך הבא! אַט גייט רבי עקיבא"... ברוך הבא! אַט גייט..." און ער האָט אַזוי אויסגערופֿען אַלע נעמען פֿון די עשרה הרוגי מלכות. דערנאָך האָט ער ווי גערעדט צו זיי און האָט געזאָגט:

"איך בעט אײַך, צדיקים קדושים וטהורים, אַז איר זאָלט נעמען נקמה אין די וועלכע האָבען אײַך געפּײַניגט, אין די וועלכע האָבען אײַך געקוועלט, און אין זייער פֿאָלק, וואָס האָט געיובעלט וועגענדיג אייערע שמערצען".

עס האָבען זיך דערהערט אין צימער געשטיקטע שטימען. זיי האָבען געזאָגט ווי אין כאָר: "מיר בעטען דיך, ברייננ ניט נאָך אַמאָל אַזעלכע ווערטער אויף דײַנע ליפּען".

דער בעל שם טוב האָט אָבער ווײַטער געגרופֿען מיט ווייטאָג: — "איך הייס אײַך דאָס טון".

אָבער דער כאָר פֿון די דערשטיקטע שטימען האָט געענטפֿערט: — "מיר האָבען אונזער טויט מקבל באהבה געווען".

האָט דער בעל שם טוב נאָך פֿייערדיגער גערעדט: — "זאָל זיין נקמה ניט צוליב איין, נאָר פֿאַר דאָס שלאָגען און שטעכען אידען; פֿאַר דאָס לאַנגזאַמע ערמאָרדען פֿון מענשען; פֿאַר די שענדונגען וואָס די רשעים און רוצחים האָבען דורכגעפֿירט; פֿאַר די וואָס זיי האָבען מיט די פֿיס געטרעטען; פֿאַר די וואָס זיי האָבען געדריקט און דערנידערינגט; פֿאַר דעם וואָס זיי האָבען געשפּעט און זיך לוסטיג געמאַכט אויפ׳ן חשבון פֿון אידען; פֿאַר דער קנעכטשאַפֿט פֿון יאָרהונדערטע; פֿאַר דער נויט וואָס זיי האָבען פֿאַראורזאַכט; פֿאַר מאַכען מענשען שלעכט.— זאָל מען נעמען נקמה!"

האָט דער כאָר פֿון די געדריקטע שטימען געזאָגט: — "מיר בעטען דיך, אַז דו זאָלסט דיין בקשה און באַפֿעל צוריקציען, און מיר בעטען דיך צום דריטען מאָל, אַז דו זאָלסט אַזעלכע ווערטער ניט מער ברייננגען אויף דיינע ליפּען, דען דו זאָלסט וויסען, אַז דו האָסט מיט זיי געשטערט דעם עמפּאַנג פֿון שבת קודש אין די וועלטען, און ס׳האָט אַרויסגערופֿען גרויס גערודער אין די הימלען. מיר זיינען אַרויף אין אַ הויכען קרייז און מען האָט אונז געזאָגט: "גייט שנעל אַראָב און טריקענט אויס די טרערען פֿון ר׳ ישראל בעל שם טוב". זיינען מיר געקומען און מיר ווילען דיר דערציילען: מיר האָבען צוערשט אויך געדענקט אַזוי ווי דו; און ווען מיר האָבען געזען די אַלע שמערצען וואָס אונזער פֿאָלק האָט געליטען, און די נויט וואָס די וועלט האָט צו ליידען, האָבען מיר אויך פֿאַרלאַנגט נקמה. מיר האָבען געזאָגט: מיר ווילען נקמה נעמען פֿאַר דער קנעכטשאַפֿט פֿון יאָרהונדערטע; פֿאַר דעם וואָס מען האָט געגעבען מאַכט צו די רשעים; פֿאַר דער נויט וואָס דאָס רשעות פֿאַרשאַפֿט; פֿאַר דעם וואָס עס ווערען געשאַפֿען שלעכטע נייגונגען; פֿאַר דעם וואָס מען האָט אַוועקגערויבט אונזער רוים, אינזער לופֿט, און

מען האָט געשטערט אונזער מתפלל זײַן צו גאָט; אָט פֿאַר דאָס אַלעס ווילען מיר נקמה.

"האָט מען אינז געענטפֿערט, אַז עס איז פֿאַראַן דין ומשפט, אָבער דאָס גייט צו לאַנגזאַם. די שטראָף ווערט געגעבען די רשעים און רוצחים אויף דעם איבערגען שטיי-גער פֿאַר זייער טויט און נאָך זייער טויט; און זייערע פֿעלקער ווערען אויך באַשטראָפֿט אין פֿאַרלויף פֿון דורות (דאָס הייסט אין פֿאַרלויף פֿון דער געשיכטע); אָבער אויב מיר ווילען דאָך נקמה דאַרפֿען מיר אַליין זיך צוריק-קערען צו דער ערד און דאָס טון". בײַ די ווערטער האָבען מיר דערזען דעם גאַנצען תהום פֿון לײַדען אויף דער ערד, וואו עס געוועלטיגען רשעים, שלעכטע און בייזע, וועלכע רויבען דעם רוים, די ליפּט און שטערען דאָס מתפלל זײַן צו גאָט. מיר האָבען זיך געשראָקען, אַז מיר קענען נאָך אויף אַזאַ ערד אויך שלעכט ווערען, און מיר האָבען זיך נים געוואָלט צוריקקערען, און מיר האָבען אויפֿגעגעבען דעם געדאַנק פֿון נקמה. זאָל עס גיין אויף דעם איבערגען וועג פֿון משפּט און דין פֿון זײַן הייליגען נאָמען און אין פֿאַרלויף פֿון דורות... מיר בעטען דיך דערפֿאַר, ברייננ נים מער די ווערטער פֿון נקמה אויף דײַנע ליפּען".

ווען דער בעל שם טוב האָט געהערט די ווערטער האָט ער שוין געשוויגען. די ליכט פֿון צימער איז פֿאַר-שוואונדען געוואָרען. בלויז דער בעל שם טוב איז געבלי-בען ליגען אין אַ רויטען פֿלאַם.

דער קאָרניטשאַווער רבי האָט מער זײַן ספר נים פֿאַרענדיגט, און קיין שום מענש ווייסט נים וואָס ס'איז דערפֿון געוואָרען.

## 45. אלס רעטער — א תיקון שבועות אויפ׳ן פעלד

ר׳ ישראל בעל שם טוב איז געווען ניט נאר א פירער, לערער און וועג-ווייזער; ער איז אויך געווען א רעטער.

איך האב שוין ערקלערט אין איינעם פון די פריע-ריגע קאפיטלען פון דעם ווערק, אז ער האט אפט באוויזען זיינע מופתים בלויז דערפאר כדי צו קענען רעטען אידען פון עפעס א בלבול. עס זיינען דא וועגען דעם מע-רערע לעגענדען. איך וועל דא איבערגעבען איינע פון זיי, א זייער כאראקטעריסטישע.

עס ווערט דערציילט:

ס׳איז געווען ערב שבועות. די תלמידים פון בעל שם טוב האבען זיך געגרייט צו דעם יום טוב פון קבלת התורה, און זיי האבען געווארט צו הערען דברי תורה, מיט הויכע געדאנקען און טיפע רמזים פון דעם היליגען צדיק.

פלוצלינג האט זיך גאר דערהערט דעם בעל שם טוב׳ס באקאנטע שטימע: — „אלעקסעי, שפאן פערד און וואגען, און לאמיר פארען״.

קוקען זיך אן די תלמידים פארוואונדערט, איינינגע קוועטשען מיט די אקסעל, און איינער זאגט ארויס וואס אלע טראכטען: — „איך פארשטיי ניט; אין סאמע ערב שבועות אונטערנעמען א נסיעה?״

אבער וואס קומט ארויס פון דעם טראכטען? אז דער רבי האט געזאגט פארען — פארט מען. אים אליין האט קיינער ניט געוואגט עפעס צו פרעגען אדער עפעס צו זאגען.

אלעקסעי האט שנעל פארטיג געמאכט פערד און וואגען. דער בעל שם טוב און די תלמידים האבען זיך אריינגעזעצט. דער קיטשער האט געגעבען א פאכע מיט דער בייטש, און מען פארט שוין. ווי דער שטייגער פארט מען איבער פעלדער און וועלדער, אבער וואוהין?... די

תלמידים ווילען דאָס שטאַרק וויסען; די נײַגערינקײַט איז בײַ זיי אָנגעצויגען, אָבער דער בעל שם טוב איז פֿאַרטיפֿט אין זײַנע מחשבות, און קיינער וואַגט ניט איבערצורײַסען זײַן טראַכטען מיט עפּעס אַ פֿראַגע.

מען איז אַזוי געפֿאָרען אַ לאַנגע שטרעקע, און ווען אַלע זײַנען שוין געווען שטאַרק מיעדע, האָט דער בעל שם טוב געהייסען אַלעקסעי'ן דאָס ער זאָל אָבשטעלען דעם וואָגען פֿאַר דער ערשטער הויז פֿון נעכסטען דאָרף, וואָס האָט זיך אָנגעזען.

האָבען די תלמידים געמיינט, אַז דאָס האָט ער געהייסען זיך אָבשטעלען צוליעב דער מיעדקײַט.

דאָס הויז איז געווען אַ קרעטשמע, איז דאָך אודאי גוט, ווען מען וועט קענען שטאַרקען דאָס הארץ און די התלהבות מיט אַ ביסעלע משקה; מען וועט עפּעס פֿאַרבײַסען, און מען וועט זען וואָס ס'וועט ווײַטער זײַן.

דער קרעטשמער איז געווען זייער צופֿרידען מיט די אורחים. ער איז אַרויסגעלאָפֿען זיי מקבל פנים זײַן; האָט זיי דערלאַנגט וואַסער צו וואַשען; און האָט זיי געגעבען שלום... ער האָט אפילו ניט געוואוסט ווער די אורחים זײַנען, אָבער ווי זיי זײַנען נאָר אַרײַן אין זײַן הויז, האָט ער זיך גענומען צוגרייטען פֿאַר זיי אַ גרויסע סעודה, כיד המלך. פֿון דאָס שענסטע און בעסטע האָט ער געוואָלט דערלאַנגען צום טיש, און די תלמידים האָבען שוין געוואָלט, אַז ס'זאָל זײַן פֿאַרטיג און מען זאָל זיך נעמען צו דער אכילה. ס'איז שוין געווען שפּעט נאָך מיטאָג און מען איז געווען גוט הונגעריג.

דער קרעטשמער האָט דערווײַל אויך געגעבען עפּעס עסען די פֿערד, און איינציגע תלמידים האָבען זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז מען וועט שוין דאָרט בלײַבען איבער שבועות. וואיהזן וועט מען עס פֿאָרען צו דער נאַכט צו, און ערב יום טוב?

אָבער דער בעל שם טוב האָט געגעבען אַ וואונק אַלעקסעי'ן צו שפּאַנען די פֿערד. און אידער מען האָט זיך רעכנונג געגעבען וואָס ס'קומט פֿאָר, זיצט שוין דער רבי אייפֿ'ן וואָגען; מוזען שוין די תלמידים זיך אויך אַרויפֿזעצען.

דער קרעטשמער האָט שוין געהאַט פאַרטיג דאָס עסען און ער נעמט ברייגגען צום טיש, אָבער ס'איז ניטאָ פאַר וועמען. ער קוקט זיך אַרום: אַלע זיצען שוין אויפ'ן וואָגען. לויפט ער אַרויס און בעט זיך רחמים, אַז זיי זאָלען בײַ אים בלײַבען אויף יום טוב. אָבער דער רבי מיט דער ווײַסער באָרד איז אַן עקשן, כאָטש ער זעט אויס אַזוי מילד, און ער הייסט פאָרען...

דער בעל שם טוב האָט דערבײַ אויסגעשטרעקט די האַנד צום קרעטשמער, זיך מיט אים צו געזעגענען, און ער בענשט אים:— "השם יתברך זאָל דיך בענשען מיט אַ סך נחת פון דײַן פאַרלוירענעם זון".

בלײַבט דער קרעטשמער שטיין געפּלעפּט:— פון וואַנען ווייסט עס דער אַלטער איד, אַז בײַ אים איז פאַרלוירען געגאַנגען זײַן ליבער יונגענקער זון, אַ בן יחיד?... ער איז געווען אַזוי ערשטוינט פון דער ברכה, אַז ער איז געוואָרען ווי צומישט, און ווען ער איז צו זיך געקומען האָט ער שוין בלויז געזען ווי דער וואָגען איז שנעל געטראָגען געוואָרען פון די לויפענדע פערד.

גייט ער נעבעך צוריק אַרײַן אין קרעטשמע און איז זייער פאַרטרויערט פון דעם וואָס ס'איז פאָרגעקומען, אָבער ער דערמאָנט זיך אין דער ברכה, און עס דערוועקט זיך אין אים אַ האָפנונג, אַז ער וועט געפינען זײַן פאַרלוירען קינד, און דאָס פילט אים אָן מיט פרייד.

דער וואָגען פליט, די פערד לויפען גאַלאָפּ, און די תלמידים וואונדערן זיך נאָך מער וואוהין מען פאָרט. אָבער פרעגען — דאָס ניט...

מען איז אַזוי לאַנג געפאָרען ביז ס'האָט שוין געהאַלטען בײַם זונען אונטערגאַנג און מען איז אָנגעקומען אין אַ קליינעם אידישען ישוב. דער בעל שם טוב האָט געהייסען אָלעקסעי'ן צוצופאָרען גלײַך צו דער שול.

ווען זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט בײַ דער שול האָט אַ טרויעריג בילד זיך ענטפּלעקט פאַר זייערע אויגען. די שול און דער שול - הויף זײַנען געווען פול מיט מענער, פרויען און קינדער. אָבער אַנשטאָט זיי

זאָלען זיך פֿרייען מיט דעם גרויסען יום טוב, וואָס איז שוין אָנגעקומען, האָט מען יאָמערליך געוויינט, מען האָט געשריען און מתפלל געווען. עס האָט אויסגעזען דאָס ס'איז ניט ערב שבועות, נאָר בשעת קינות זאָגען אין תשעה באב.

דער בעל שם טוב איז אַרײַן אין שול. די אידען מיט פֿאַרוויינטע פנים'ער און מיט טרערען אין די אויגען האָבען זיך אַרום אים פֿאַרזאַמעלט און אים דערציילט, אַז דער פריץ פֿון שטעטעל האָט אַרויסגעגעבען אַ גזירה וועגען אַ גירוש, אַז אַלע אידען זאָלען פֿאַרלאָזען דאָס שטעטעל, ווײַל עפּעס אַ מנוול אָנגעטון אין אַ קאַפּאָטע מיט באָרד און פאות האָט אין טאָג פֿון פאַסכאַ געוואָרפֿען אַ אומרייניקייט אין דער קריסטליך רעליגיעזער פראָצע-סיע מיט זייערע היילינגע בילדער. די בילדער זײַנען באַ-שמוצט געוואָרען. דער פריץ האָט דערפֿון געהערט, איז ער געוואָרען שטאַרק אין כעס און באַשלאָסען אַלע אידען אַרויסצוטרײַבען פֿון שטעטעל וואָס באַלאַנגט צו אים. ער האָט זיי געגעבען צײַט ביז שבועות. אין טאָג נאָך שבועות טאָרען זיי דאָרט שוין ניט זײַן. אַלע בקשות כאָטש אָבצו-לעגען דעם טערמין האָבען ניט געהאָלפֿען און זיי האָבען ניט וואוהין צו פֿאָרען. זיי האָבען דאָרט געלעבט מקדמונים און געהאַט פרנסה, און איצט אַזאַ אונגליק.

דער בעל שם טוב האָט געהייסען די אידען זאָגען תהלים און טון תשובה, וועט זיך דערוועקען דער רחמים אין הימעל, וועלען זיי דורך דעם געהאָלפֿען ווערען... האָט מען געזאָגט תהלים מיט כונה, מיט תחנונים, מיט ברען...

אין מיטען תהלים זאָגען האָט דער בעל שם טוב, ניט באַמערקט פֿון קיינעם, פֿאַרלאָזען די שול און איז אַוועק אויפֿ'ן פֿעלד. דאָרט האָט ער זיך געלעגט אויפֿ'ן פֿרישען גראָז און האָט געזאָגט תיקון שבועות אַזוי ווי ער האָט געקענט, מיט יענער אינערליכער טיפֿער כונה, וואָס האָבען אים געבראַכט צו די שערי השמים...

עֶס זַיינֶען אַוועֶק עֶטלִיכֶע שעה און דעֶר בעל שם טוב לִיגט נאָך אַלץ אויפ׳ן פעֶלד פאַרטיִפט אין זַיינֶע הייסעֶ תפילות. עֶס הויבט שוין אָן צו טאָגעֶן, און פלוצלִינג דעֶרזעֶט עֶר ווי עֶס גייט מִיט מורא, קוקעֶנדִיג אין אַלעֶ זַייטעֶן, אַ פאַרשוין אין אידִישעֶר קליידונג, מִיט באָרד און פאות, מִיט אַזאַ אויסזעֶן ווי די אידעֶן פון שטעֶטעֶל האָבעֶן פאַר אִים געֶשילדעֶרט יעֶנעֶם פאַרשוין, וואָס האָט געֶבראַכט דאָס אונגלִיק אויף זיי.

רופט דעֶר בעל שם טוב:—אברהמעֶלעֶ, אברהמעֶלעֶ! שטעֶלט זיך יעֶנעֶר אָב.

הויבט זיך אויף דעֶר בעל שם טוב, גייט צו אִים צו און זאָגט צו אִים:

„קינד מַיינס, ס׳איז שוין צַייט, אַז דו זאָלסט אַוועֶק־וואַרפעֶן דַיין דרך און זאָלסט זיך צוריקקעֶרעֶן צו דַיין אידִישעֶ טאַטעֶ מאַמעֶ. ווען דעֶר ערל האָט דיך פון זיי אַוועֶק־געֶגנב׳עֶט, זַיינען דַיינעֶ עֶלטעֶרן געֶבליבעֶן אין גרויס טרויעֶר. דַיין מאַמעֶ האָט אויסגעֶוויינט אירעֶ אויגעֶן, זיי זַיינעֶן שוין ווי אויסגעֶרונעֶן פון לאַנגעֶן וויינעֶן; און דַיין טאַטעֶ איז געֶוואָרעֶן ווַייס פון גרויסעֶן ווייטאָג. דו האָסט זיך געֶלאָזעֶן צורעֶדעֶן פון ערל צו טון שלעֶכטס דַיינעֶ ברידעֶר אידעֶן. דו האָסט דעֶרפילט דעֶם ערל׳ס שליחות און האָסט געֶבראַכט אויף זיי אַ גרויסעֶן אונגליק. מאַך אַ סוף דעֶרצו, קעֶר זיך אום צום מקור, וועֶט דַיין נשמה באַ־קומעֶן אַ תיקון, און דו וועֶסט האָבעֶן עולם הזה ועולם הבא״.

די האַרציגעֶ ווערטעֶר פון בעל שם טוב האָבעֶן געֶ־רירט דאָס האַרץ פון אברהמלעֶן. אין זַיין פאַרפירטעֶ נשמה האָט זיך דעֶרוועֶקט דאָס פינטעֶלעֶ איד. עֶר האָט געֶנומעֶן שטאַרק וויינעֶן, האָט זיך געֶוואָרפעֶן צו די פיס פון בעל שם טוב, און געֶבעֶטעֶן: ראַטעֶוועֶט מיך! ס׳איז גרויס מַיין זינד. וואָס זאָל איך טון?

האָט אִים דעֶר בעל שם טוב געֶנומעֶן פאָטעֶרליך בַיי דעֶר האַנד, און איז מִיט אִים אַוועֶק אין שיל. ווי זיי זַיינעֶן דאָרט אַרַיין איז געֶוואָרעֶן אַ טומעֶל צווישעֶן די פאַרוויי־

טע אידען: — "אָט דאָס איז ער... ער האָט געבראַכט דעם אונגליק אויף אונז".

האָט דער בעל שם טוב געהייסען שווײַגען. ער האָט ווײַטער געפֿירט אברהמלען בײַ דער האַנד, און איז מיט אים געגאַנגען. דאָס גאַנצע שטעטעל אידען זײַנען זיי נאָכגעגאַנגען. אַזוי זײַנען זיי אָנגעקומען צום פּריץ'ס שלאָס. דער פּריץ איז ערשינען אויפֿ'ן באַלקאָן, און וועגענ-דיג דעם אַלטען אידען מיט דער זילבער ווײַסער באָרד האָט ער געהייסען אים צולאָזען צו זיך מיט נאָך איינינגע אידען.

דער בעל שם טוב האָט אים געזאָגט: — "אָט דאָ האָסטו דעם אידישען פֿאַרברעכער, וועלכער האָט דורכגעפֿירט אַזאַ מעשה נבלה אויף אייערע הייליגטימער. אָבער ער האָט דאָס ניט געטון ווײַל ער האָט עס געוואָלט, און אודאי ניט אין שליחות פֿון אידישען קהל. ער איז אַ אינגליקליכער, אַ געפֿאַנגענער שוין זינט יאָרען בײַ אַ פּויער, וועלכער האָט אים צוגע'גנב'עט פֿון זײַנע עלטערן, און ער האָט אים אָנגעשטעלט אַז ער זאָל טון אַזאַ שענד-ליכע זאַך, כדי צו קענען מאַכען אַ בלבול אויף אידען. איך בעט דיך איז נאָמען פֿון די אונשולדיגע אידען, אַז דו זאָלסט צוריקציען דײַן שווערע גזירה!"

דער פּריץ איז גערירט געוואָרען פֿון די ווערטער פֿון דעם אַלטען רבי. ער איז דורכגעדרונגען געוואָרען פֿון זײַן צאַרטען בליק, און באַווירקט געוואָרען פֿון זײַן הדרת פנים. דער פּריץ האָט זיך אויך גוט צוגעקוקט צו אברהמלען, און ער האָט געזען ווי אויף זײַן פנים איז געווען איינגעגאָסען פֿיל חרטה און גרויס צער. האָט ער אָנגענומען דעם בעל שם טוב'ס בקשה און האָט אָפּגעגע-רופֿען די גזירה פֿון גירוש.

די שמחה צווישען די אידען פֿון שטעטעל איז געווען אָן לשער. מען האָט זיך צוריקגעקערט אין שול און מען האָט זיך משמח געווען אין שירות ותשבחות, און ס'איז געווען אַ זייער פֿריליכער יום טוב.

נאָך די יום טוב טעג האָט דער בעל שם טוב אָבגעֶ-פירט אברהמלען צו זיינע עלטערן. איז ווידער געווען אַ גרויסע שמחה.

די תלמידים האָבען שוין איצט גאַנץ קלאָר געזען דעם ציעל פון דער נסיעה. דער בעל שם טוב איז געוועזען אַ דאָפּעלטער גואל. ער האָט געראַטעוועט אַ פאַרלוירענעם זון און אים צוריקגעקעהרט צו זיינע עלטערן און צו זיין מקור און ער האָט געראַטעוועט אַן עדה אידען פון אַ גרוי-סען אונגליק.

## 46. זיין ליבע צו ארץ ישראל און זיין נסיעה

אַז ר' ישראל בעל שם טוב האָט געליבט ארץ ישראל מיט זײַן גאַנצער נשמה, אין דעם קען קיין שום ספק ניט זײַן. פון אים איז נאָך געבליבן דאָס וואָרט וואָס זײַן אייניקעל, ר' נחמן בראַצלאַווער, האָט ווײַטער פאַר־שפּרייט, אַז די גאַנצע קדושה פאַרשפּרייט זיך אויף דער ערד דורך ארץ ישראל און צוליב ארץ ישראל. אים האָט דערפאַר שטענדיג געצויגן צו פאָרען אין הייליגען לאַנד, וואו ער זאָל זיך אין התלהבות נאָך מער צוזאַמענגיסען מיט דער שכינה, וואָס דאָס איז נאָך זײַן מיינונג דער וועג צו גאולה. און דאָס שטרעבען צו דער גאולה איז דער איינציגער צוועק און ציעל פון אידען'ס לעבען. דאָס מתפלל זײַן צו גאָט דאַרף האָבען דעם איינעם הויכען גײַסטיגען ציעל, ווי איך האָב דאָס שוין פריער ערקלערט.

דער בעל שם טוב האָט אויך געוואָלט צו פאָרען קיין ארץ ישראל. ער האָט געוואָלט זײַן אויפ'ן קבר פון אחיה השלוני. איין מאָל האָט ער זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן מיט זײַן טאָכטער האָדעל און מיט ר' הירש סופר, איינער פון זײַנע איבערגעבענסטע אָנהענגער. זיי האָבען זיך דערשלאָגען ביז סטאַמבול (די איצטיגע איסטאַנבול).

עס איז וועגען דעם פאַראַן פאָלגענדע מעשה:

אין סטאַמבול האָבען דער בעל שם טוב מיט זײַנע מיטרײַזענדע זיך אָבגעשטעלט ביז זיי וועלען האָבען די מעגליכקײַט ווײַטער צו פאָרען. דער בעש"ט האָט געדונגען אַ הויז, און וועלכען זיי האָבען געוואוינט, אָבער מען האָט אים דאָרט ניט געקענט, און זיי האָבען געלעבט אין דחקות. עס האָט זיך דערנענטערט פסח און זיי האָבען ניט געהאַט קיין זאַך צוגעגרייט אויף דעם הייליגען יום־טוב. ערב פסח האָט זײַן טאָכטער אים געפרעגט, וואָס וועלען זיי טון אויף פסח, זיי האָבען דאָך גאָרניט אין הויז. האָט ער געענטפערט אויף זײַן שטייגער: השם יתברך וועט העלפען. ער איז אַוועק מיט ר' הירש סופר

אין בית המדרש, און די טאָכטער איז געבליבען אליין אין דער דירה.

עס איז אַוועק דער טאָג; ס'האָט זיך גאָרניט באַוויזען. ערשט שפּעט פאַרנאַכט איז צוגעפאָרען אַ פאָר־פאָלק, אַ איד פון פוילען און זיין פרוי. ער האָט געפרעגט ביי דער טאָכטער פון בעש״ט צי דאָרט וואוינט ר׳ ישראל. ענטפערט זי: „יאָ״. האָט ער זי ווייטער געפרעגט צי ער און זיין פרוי קענען דאָרט בלייבען איבער יום טוב? זיי האָבען אַלץ צוגעגרייט אויף פסח, נאָך פיל מער ווי זיי דאַרפען. די טאָכטער פון בעש״ט האָט געענטפערט: „פאַר וואָס ניט? מיין פאָטער וועט ניט זיין געגען דעם״.

דער איד האָט גלייך געהייסען אַריינברייננגען זיינע זאַכען און שטוב אַריין. מען האָט באַלד אָנגעצונדען אַ סך ליכט לכבוד יום טוב. דער איד איז אויך אַוועקגעגאַנגען דאַוונען. ווען ער איז צוריקגעקומען איז דער בעל שם טוב נאָך ניט געווען צוריק אין דער היים. ער איז געבליבען לאַנג אין בית המדרש און האָט לאַנג געדאַווענט. האָט מען אויף איהם געוואַרט. עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט ווען ער איז אַהיים געקומען. ער האָט געמאַכט קידוש, זיך גלייך געזעצט צום סדר. אַלע אַנדערע האָבען זיך אויך געזעצט צום טיש. ערשט נאָך דעם צווייטען כוס האָט דער בעל שם טוב געגעבען שלום צו דעם אורח. ער האָט איהם דערביי אויך געזאָגט: „איך ווייס, אַז דו האָסט ניט קיין קינדער, און דיין בקשה איז צו האָבען אַ קינד, שווער איך דיר, אַז דערפאַר וואָס דו האָסט מיך איצט מחיה געווען, וועט דיין ווייב, וואָס זיצט דאָ, דיר געבוירען אַ קינד״. האָט דער אורח געענטפערט: „איך וואָלט דערפאַר אַוועקגעגעבען אַ העלפט פון מיין פאַרמעגען״... זיי זיינען אַלע זייער פריילך געוואָרען.

פלוצלינג דערפילט דער בעל שם טוב, אַז ס'איז אין הימעל באַשלאָסען געוואָרען, דאָס אַזוי ווי דער מענש, וועלכער איז מטבע אַן עקר, און זיין ווייב איז מטבע אַן עקרה, און אַזוי ווי ער האָט זיי געשוואוירען דאָס זיי וועלען האָבען אַ קינד, וועט מען זיין שבועה ניט בטל מאַכען, נאָר מען וועט משנה זיין די טבע. אָבער דערפאַר

וועט ער, דער בעל שם טוב, פֿאַרלירען זיין חלק עולם הבא.

ווי דער בעל שם טוב האָט דאָס דערפֿילט איז ער ביי זיך ניט אָראָבגעפֿאַלען. פֿאַרקערט, ער האָט זיך נאָך מער דערפֿרייט: איצט האָט ער דאָך ערשט די ריכטיגע געלעגענהייט צו דינען גאָט שלא לקבל פרס, גאָר אָן שום מיינונג וועגען עפּעס אַ באַלוינונג, ניט אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט. איז ער טאַקע געוואָרען זייער פֿריילוך און האָט געזאָגט צו דעם אורח: "איך האָב ניט געוואוסט, אַז דו ביזט בטבע אַן עקר, נאָר ניט געזאָרגט, מיינע רייד וועלען מיט גאָט'ס הילף מקוים ווערען". איז דער אורח אויך נאָך פֿרייליכער געוואָרען.

ווען מען האָט דערזען אין הימעל אַז ביי דעם בעל שם טוב איז טאַקע רעכט צו דינען גאָט אָן אַ מיינונג לקבל פרס, האָט מען באַשלאָסען אים צוריקצוקערען זיין רעכט אויף דעם חלק עולם הבא: דער בעל שם טוב האָט דאָס גלייך דערפֿילט, איז ער נאָך מער דערפֿרייט געוואָרען. ער האָט געזאָגט אין יענע פסח טעג אַ סך תורה, און גאָר אויף אַ טיפֿען שטייגער.

גלייך דעם ערשטען טאָג חול המועד פסח זיינען דער אורח מיט זיין פֿרוי אַוועקגעפֿאָרען, און דער בעל שם טוב האָט געוואָלט תיכף פֿאָרען קיין ארץ ישראל. איז אָבער ניט געגאַנגען דאַמאָלט קיין שיף.

האָט דער בעש"ט געזאָגט צו ר' הירש סופר: "אויב דו ווילסט וועל איך אויסשפּרייטען מיין פֿאַטשיילע אויפֿ'ן ים, און מיר וועלען קומען קיין ארץ ישראל באַלד און גיך. אָבער דו וועסט מוזען אין זינען האָבען די גאַנצע צייט דעם שם, וואָס איך וועל דיר איבערגעבען. דו זאָלסט עס ניט פֿאַרגעסען קיין איינציגע רגע, ווייל אויב דו פֿאַרגעסט עס זיינען מיר פֿאַרלוירען".

חסידים מיט פֿאַנטאַזיע און אמונה האָבען דערציילט, ווי דאָס איז איבערגעגעבען אין "כתר שם טוב", אַז דער בעש"ט האָט טאַקע פֿאַרשפּרייט זיין מלבוש אויפֿ'ן ים, און ווי זיי האָבען זיך ביידע אַרויפֿגעזעצט אויף דעם מלבוש, האָט עס אָנגעהויבען מיט זיי אומנאַ-

טיהליך שנעל צו שווימען, און ווי זיי זיינען געקומען אין מיטען ים האָבען זיי פלוצלינג דערהערט ווייער אַ יאָמערליך געשריי פֿון פֿילע מענשען אויף אַ שיף וואָס גייט נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל און האָט דאָרט געהאַלטען ביים אונטערגיין. דער בעל שם טוב האָט שנעל באַהעפֿט דעם אַרבעל פֿון זיין מלבוש צו דער שיף וואָס איז געווען אין גרויס סכנה און האָט זי בשלום געפֿירט נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דאָרט איז ער מיט ר' הירש'ן פֿאַרשוואונדען געוואָרען, ווייל ער האָט ניט געוואָלט מאַכען מיט זיך אַ פרסום, אַז דער סולטאַן זאָל אים רופֿען צו זיך און ער זאָל דאַרפֿען פֿון אים פֿאַרלאַנגען עפעס, וואָס דער הימעל וויל ניט, אַז ער זאָל עס טון.

מאָדערנערע חסידים, וועלכע רעכענען זיך מיט דעם וואָס ס'איז מעגליך און אונמעגליך, דערציילען די מעשה אויף אַן אַנדערן נוסח. זיי דענקען, אַז די ערקלערונג מיט דעם אויסגעשפּרייטען מלבוש אויפ'ן ים איז בלויז אַ משל, כדי צו צייגען, ווי שטאַרק ס'איז געווען די אמונה פֿון בעל שם טוב. ער האָט געדענקט, אַז מיט'ן כח פֿון שם המפורש קען מען באַהערשען אפילו די שטורמדיגע כוואַליעס. אין „קהל חסידים" ווערט איבערגעגעבען, אַז ווען דער בעש"ט האָט פֿאָרגעשלאָגען אויסצושפּרייטען זיין מלביש אויפ'ן ים האָט ר' הירש סופר ניט געוואָלט איינשטעלען דעם בעל שם טוב'ס לעבען, און ער האָט געזאָגט, אַז בעסער זאָלען זיי נאָך וואַרטען ביז זיי וועלען האָבען אַ שיף... זיי זיינען דערווייל ווייטער געגאַנגען ביים ברעג פֿון ים, און זיי האָבען געפֿונען אַ גוטע שיף וואָס האָט געהאַלטען באַלד ביים אָבגיין. האָבען זיי באַצאָלט דעם קאַפּיטאַן פֿאַר דער רייזע אַז ער זאָל זיי מיטנעמען קיין ארץ ישראל.

דער בעל שם טוב מיט ר' הירש סופר און מיט דעם בעש"ט'ס טאָכטער זיינען אַרויף אויף דער שיף. און זעלבען פֿאַרנאַכט פֿון ערשטען טאָג חול המועד איז די שיף אָבגעגאַנגען. אויף מאָרגען האָט אויסגעבראָכען אַ גרויסער שטורם ווינט. די כוואַליעס האָבען געוואָרפֿען די שיף

אין דער ווינט האָט זי געטראָגען, ווי אַן אַ ציגל. מען האָט איר גאָרנישט געקענט אַנקערן... דער בעל שם טוב האָט שטאַרק מתפלל געווען. דער שטורם האָט געדויערט צוויי טעג. דערנאָך האָט ער זיך אײַנגעשטילט. ס'איז געווען מעגליך צו אַנקערן די שיף. דער בעל שם טוב איז אַראָב מיט ר' הירש סופר אויף דעם ברעג; זיי זײַנען געגאַנגען פאַרטיפט אין אַ שמועס, האָבן זיך דערווײַטערט פון דער שיף, און זיי זײַנען פאַרבלאָנזשעט געוואָרן.

פלוצלינג זײַנען זיי באַפאַלן גזלנים, וועלכע האָבן זיי געבונדען, כדי זיי צו באַרויבען. די גזלנים האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן גענוג צײַט דורכצופירען זייער אַרבײַט, און זיי האָבן זיך דערווײַל אַוועקגעזעצט עסען.

זײַנען דער בעל שם טוב און ר' הירש סופר געלעגען געבונדענע. זאָגט ר' הירש: "וואָס שווײַגט איר? וואָס טוט איר ניט עפּעס אַז מיר זאָלען געראַטעוועט ווערען?" האָט דער בעל שם טוב געענטפערט: "איך ווייס ניט וואָס צו זאָגען; מען האָט בײַ מיר צוגענומען דעם כח הקבלה. עס איז אַרויס פון מײַן זכרון. אפשר געדענקסטו וואָס איך האָב דיך געלערענט, דערמאָן מיך". ר' הירש האָט געענטפערט: "איך געדענק נאָר דעם אלף-בית". האָט דער בעש"ט געזאָגט: "וואָס-זשע שווײַגסטו? זאָג שנעל מיט מיר דעם אלף-בית". ר' ישראל האָט נאָכגעזאָגט יעדען אות מיט גרויס התלהבות, באַמערקענדיג דערבײַ, אַז דאָס זײַנען די אותיות אין וועלכע גאָט האָט געגעבען די תורה... ער האָט אַזוי לאַנג געזאָגט אויף אַ קול די אותיות, ביז ס'האָט זיך פלוצלינג דערהערט אַ קלינגען. די גזלנים זײַנען אַנטלאָפען, און זיי איבערגעלאָזט. דער אַלטער שיפס קאַפּיטאַן איז באַלד דערנאָך אָנגעקומען; ער האָט זיי אויפגעבונדען, צוריק אַרויפגענומען אויף דער שיף און האָט זיי אָבגעפירט צוריק קיין סטאַמבול.

דער בעל שם טוב האָט דערין געזען אַ סמן, אַז מען איז מן השמים ניט דערפאַר, דאָס ער זאָל פאָרען קיין

ארץ ישראל, און ער האָט זיך מיט זײַנע באַגלייטער צו־ריקגעקערט צו זײַן היים אין מעזשבאָזש.

אין די שפּעטערע יאָרען איז דעם בעל שם טוב׳ס שוואָגער, ר׳ גרשון קיטאוור, געפֿאָרען קיין ארץ ישראל און זיך דאָרט באַזעצט. ער האָט זיך דורכגעשריבען מיט דעם בעל שם טוב, וועמענס חסיד ער איז שוין געווען, ווײַל ער האָט שוין אַנערקענט זײַן גרויסקייט. אין איינעם פֿון די בריוו, וואָס דער בעש״ט האָט געשיקט צו זײַן שוואָגער, האָט ער געשריבען: ״איך בין זיך ניט מיאש פֿון אַ נסיעה קיין ארץ ישראל, אם ירצה השם. איך וויל זײַן מיט דיר אינאיינעם, אָבער די צײַט דערלאָזט ניט דערצו״...

זײַן גרויס האַרץ האָט שטענדיג געבענקט צום הייליגען לאַנד. זײַן בענקעניש האָט ער אַליין אויסגעדריקט אין אַ פּאָר מעשה׳לעך.

## 47. דער בעש"ט און דער אור החיים

עס ווערט איך דערציילט, אַז ר' ישראל בעל שם טוב האָט שטאַרק געוואָלט פֿאָרן קיין ארץ ישראל זיך צו זען מיט דעם גרויסן גאון און מקובל ר' חיים אבן עטר, דער מחבר פֿון אור החיים, וועלכער האָט געוואוינט אין היי-ליגען לאַנד. ער האָט זייער געוואָלט זיך באַקענען מיט יענעם גרויסן צדיק. עס האָט זיך בײַ אים דערוועקט אַ געדאַנק, אַז זיי ביידע וואָלטן געקענט ברענגען משיח'ן און מקרב זײַן די גאולה.

דער בעל שם טוב האָט וועגן דעם געשריבן צו זײַן שוואָגער ר' גרשון קיטאָווער, וועלכער, ווי מיר האָבן שוין געזען, האָט געוואוינט אין ארץ ישראל.

ווען ר' גרשון קיטאווער האָט געפֿרעגט בײַ דעם אור החיים וועגן דעם ענין האָט יענער אים געענטפֿערט, אַז ער זאָל אָנפֿרעגן בײַ דעם בעל שם טוב, צי אין דער צײַט ווען ער לערנט קבלה און ער שוועבט אַרום אין די הימ-לישע וועלטן, זעט ער דאַמאָלט זײַן קערפּער מיט זיינע אַלע אברים אין זייערע נאַטירליכע פֿאַרבן.

דער בעש"ט האָט אים אויף דעם געענטפֿערט דורך אַ בריף, אַז אין דער צײַט, ווען ער איז פֿאַרנומען אין די עולמות העליונים, זעט ער זיך נאָר ביז זײַנע פֿיס.

לעזענדיג דעם ענטפֿער האָט דער אור החיים אים געלאָזט וויסן אַז ער זאָל ניט קומען קיין ארץ ישראל, ווײַל דער הימעל איז דערצו ניט מסכים...

דאָס זאָל האָבן געשייען נאָך איידער דער בעל שם טוב האָט געמאַכט זײַן נסיעה, וואָס איך האָב באַשריבען אין פֿריערדיגען קאַפּיטעל. די באַהויפּטונג איז, אַז דער בריף פֿון אור חיים צו'ם בעש"ט איז פֿאַרלוירען געגאַנגען, דערפֿאַר האָט ר' ישראל באַשלאָסען צו פֿאָרען, און ס'האָבען אים געטראָפֿען יענע שטערונגען אויף'ן ים און מיט די גזלנים.

# אפילו אין גן עדן אריין גייט מען דורך דעם הויבענער דורך ארץ ישראל

עס ווערט נאך דערציילט פאלגענדע מעשה:

אין א שבת, אין יאר תקי״ז, האט זיך דער בעש״ט געלעגט אביסעל שלאפען נאך׳ן עסען. די רבי׳צען האט אויך געכאפט א דרימעל. אין א שעה אנדערטהאלבען ארום האט די רבי׳צען זיך אויפגעכאפט, ווייל זי האט געהערט איר מאן שרייען אין שלאף. זי האט אים אויפגעוועקט, און האט געפרעגט וואס ס׳איז מיט אים געשייען. זי האט דאך קיין מאל ניט געהערט אים אזוי שרייען פון שלאף. ער האט איר געענטפערט, אז זי האט גוט געטון, וואס זי האט אים אויפגעוועקט, ווייל ער האט נאך גע-קענט אויסגיין אין בעט. ער האט זיך געוואשען און גע-הייסען צוזאמענרופען זיינע מענשען, און צו שלוש סעודות האט ער זיי דערציילט וואס ס׳איז פארגעקומען:

״פאר פילע יארען האט ער געדענקט צו זען זיין גוטען פריינד, דעם בחור הרב החסיד ר׳ נחמן קאסיווער, וועלכער איז שוין געוועזען אויף יענער וועלט. בעת ער איז געלעגען אין בעט האט ער זיך דערשלאגען דורך זיינע רעיונות, מיט דער הילף פון די שמות צו דעם היכל, וואו דער דאזיגער צדיק האט זיך געפונען. ער האט נאך קיין מאל ניט געזען אזעלכע טייערע בנינים, ווי עס זיינען דארט געוועזען. זיי זיינען געוועזען פון גין גאלד באזעצט מיט עדעל שטיינער. אין די בנינים זיינען געוועזען גרויסע ליב-טיגע בתי מדרשים, און יעדער בית המדרש איז געוועזען פול מיט תלמידי חכמים און זיי האבען געלערענט. ער איז געוועזען איבערראשט פון דעם רעש פון טיפען לערנען וואס ער האט דארט געהערט. ער האט דארט זיך אנגע-פרעגט אויף ר׳ נחמן קאסיווער, האט אים א זקן אנגענו-מען ביי דער האנד און אים אריינגעפירט אין בית המדרש, וואו זיין אמאליגער פריינד איז געוועזען. דער בנין פון דא-זיגען בית המדרש איז געוועזען ארומגענומען מיט פייער.

ס'האט אַזש בלינד געמאַכט. אָבער ער איז אַרײַן אינגאַנצ־ניג און דאָרט האָט ער געזען זײַן פרײנד אָנגעטאָן אין װײסן, אַרומגערינגלט פון אַ סך צדיקים. ר' נחמן קאָסי־װער האָט אים װײַטער װאָרים אױפגענומען. האָט דער בעש"ט אים געפרעגט, װער עס זײַנען די אַלע צדיקים, װאָס זײַנען אַרום אים, האָט ער געענטפערט: — "דאָס זײַנען די הײליגע נשמות װאָס איך האָב זײ מתקן געװען בײַ מײַן לעבן. דאָס זײַנען נשמות פון הײליגע צדיקים, נאָר זײ האָבן צוערשט ניט געװאוסט דעם אמת'ן דרך ה', האָב איך זײ געלערנט, װי צו גײן אויף דעם ריכטיגען װעג. אַ טײל פון זײ זײַנען געװען לומדים מופלגים, נאָר זײ האָבן כופר געװען אין די תורה, האָב איך זײ צוריק־געקערט צו דער אמת'ער לערע. אײניגע פון זײ זײַנען אויך געװען רשעים און בעלי תענוגים, װעלכע זוכן בלויז עולם הזה. דורך מײנע גוטע שטראָף רײד האָב איך זײ צוריקגעקערט אויף דעם װעג פון כבוד און פון גוטע מעשים. און איצט זאָגן זײ אַלע תהילים מיט שירות ותשבחות פאַר'ן מלך המלכים".

אַט פון דער ערקלערונג אַלײן קען מען שױן זען, אַז דער בעל שם טוב האָט געגלױבט, אַז יעדער איד, װי געפאַלן ער זאָל זײַן, קען צוריק דערהױבן װערן, אַז ער זאָל ראױ זײַן צו זײן חלק גן עדן.

דער בעש"ט האָט װײטער דערצײלט:

"דערנאָך האָט ער צו מיר געזאָגט: "אױב דו װילסט בלײַבן אין עולם העליון, דער עולם הנצחי, דאַן גיב אַװעק דײַן נשמה צו דעם מלאך, װעלכען דו װײסט, װעט דײַן גוף שױן ממילא בלײַבן אַ מת אויף דעם עולם השפל. אפשר װעלן מיר בײדע צוזאַמען דורך אונזער זכות פועל'ן, אַז ס'זאָל שױן קומען די אמת'ע גאולה און ס'זאָל זײַן אַ סוף צו דעם אידישען גלות. דו װעסט דורך דעם אויך ניט דאַרפען פאַרזוכען דעם טעם מיתה"... האָב איך אים געענטפערט, אַז איך װיל נקבר װערען אין ארץ ישראל, װײַל פון ארץ ישראל האָט די נשמה אַן עליה גדולה... האָט ער מיר געזאָגט: "איך האָב שױן געהערט עטליכע מאָל אין דער ישיבה של מעלה, אַז דו װעסט

נקבר ווערען אין חוץ לארץ". פאַרוואָס דאָס איז אַזוי האָט ער נית קיין רשות מיר מגלה צו זיין, סאיידען איך גיב אַוועק די נשמה צום מלאך.

"אַז איך האָב דאָס אַלץ אויסגעהערט האָב איך אָנגעהויבען האָבען חשק אַוועקצוגעבען די נשמה און שוין נסתלק ווערען פון דער וועלט, אָבער איך האָב שטאַרק געבענקט צו מיין איינציגען זון, צו מיין בת-יחידה, איך האָב נית געקענט צושטימען, אַז איך זאָל נסתלק ווערען ווייט פון זיי, אָן זיי צו זאָגען עפּעס וועגען די הנהגה און וועגען שפּעטערע צייטען. אויך איז מיר געווען שווער זיך אָבצוטיילען פון מיין חברה און זיי איבערלאָזען אָן אַ סדר און הנהגה. דערפאַר בין איך געבליבען שטיין און געקלערט, און נית געוואוסט וואָס צו ענטפערן. האָט ער מיך אָנגעהויבען שטאַרק צורעדען; האָב איך אָנגעהויבען וויינען און שרייען, ווייל איך גיי אַוועק פון ווייב, קינדער, אייניקלעך און חבריה. די נשמה מיינע איז נאָך געווען אין מיין גוף, אָבער ווען מיין ווייב זאָל מיך נית געווען אויפוועקען האָב איך שוין בדעה געהאַט מסכים צו זיין צו דעם וואָס ר׳ נחמן קאָסיווער האָט מיך געראַטען, אָבער דער געשריי פון מיין ווייב האָט גורם געווען, און די נשמה איז צוריק אַריין אין מיין גוף".

פון דער מעשה איז קלאָר אַז דער בעל שם טוב האָט פאַרגעצייגען ארץ ישראל פאַר דעם באַלדיגען גן עדן. ער האָט געגלויבט, דאָס אפילו אין גן עדן אַריין איז בעסער פאַר דעם אידען צו גיין דורך ארץ ישראל, ווייל דאָס איז דער בעסטער וועג פאַר דעם אידען׳ס דערהויבונג...

די מעשה צייגט נאָך, אַז דער בעל שם טוב האָט אייך נאָכגעפאָלגט משה רבינו׳ס וועג אין דעם פּרט זיך צו האַלטען אין לעבען ווי ווייט דאָס לאָזט זיך נאָר.

# 48. איבער חבלי משיח און דער וועג צו ברענגען די גאולה

דאָס ברענגען די גאולה איז געווען דער עיקר אין בעל שם טוב'ס לערע; דאָס איז, און ס'מוז זײַן, לויט זײַן מיינונג, דער צוועק און ציעל פון אַלע תפילות און שטרע-בונגען פון די אידען, ניט נאָר ווײַל דאָס וועט ברענגען אַ סוף צו זייערע צרות, נאָר אויך ווײַל דאָס וועט דערהוי-בען די שכינה צו איר גרעסטער גלאָריע, און די גאַנצע שעפּפונג צו דער העכסטער פאָלקאָמענהייט.

אָבער ווי גרייכט מען די דאָזיגע אמת'ע גאולה?

עס איז פאַראַן דער וועג פון תשובה. אידען זאָלען אויפהערען זינדיגען, און גיין אויף דעם דרך הישר און דערפילען אַלע מצוות פון דער תורה. עס איז אָבער כאַ-ראַקטעריסטיש, אַז דער בעל שם טוב האָט זיך ניט אָבגע-שטעלט בלויז אויף דעם וועג, וכאָטש ער האָט אים ניט גרינגגעשעצט. ער האָט געהאַלטען, אַז אידען זײַנען גאָר ניט אַזוי שטאַרק זינדיג; און איבערהויפט האָט ער גע-האַלטען, אַז גאָט איז זייער גוט און ער איז מוחל די זינד. ער האָט דערפאַר געזוכט נאָך אַ מיטעל צו ברענגען די גאולה, און דאָס איז געווען די ווירקונג, וואָס די אידען זאָלען האָבען אין די הימלען, אַז זיי זאָלען צוקומען צו דאָס כאַמע הארץ פון גאָט, אַז ער זאָל זיך מרחם זײַן און ברענגען צו דער גרויסער באַנײַאונג, און פאָלקאָמענער באַפרײַאונג, דורך שיקען זײַן שליח משיח בן דוד.

אָבער ווי גרייכט מען דאָס?

## בנוגע די חבלי משיח

קודם כל האָט דער בעל שם טוב געזאָגט, אַז אידען מוזען זיך שטאַרקען איבערצוטראָגען אַלע שוועריגקײַטען, אַלע יסורים און רדיפות, ווײַל דאָס איז דער וועג צו משיח, צו דער גאולה.

וועגען דער ערקלערונג, וואָס איז פאַראַן אין תלמוד וועגען חבלי משיח, וועגען די שוועריגקײַטען, יסורים און

צרות, וואָס עס וועלען זיין אין דער צייט ווען משיח וועט קומען, האָט דער בעל שם טוב געזאָגט פאָלגענדעס:

„איידער משיח וועט קומען וועט זיין צוערשט אַ צייט פון גרויסען וואוילשטאַנד און אידען וועלען ווערען רייך. זיי וועלען זיך צוגעוואוינען צו אַ לעבען אין וואויל-טאָג. און זיי וועלען פאַרגעסען אַלע זייערע געוואוינהייטען פון באַשיידענקייט... נאָך דעם וועט קומען אַ שרעק-ליכע דעפרעסיע און עס וועט זיין אַ גרויסער מאַנגעל אין לעבענס מיטלען. ערימקייט וועט זיך אַראָבלאָזען אויף די יעניגע, וועלכע וועלען מער ניט קענען לעבען שפּאָרזאַם. אָט דאָס וועלען זיין די חבלי משיח"...

ס׳איז ניט שווער צו ערקלערען, אַז די לאַגע אין פילע לענדער אין דער איצטיגער צייט איז אַזעלכע, דאָס ס׳פּאַסט זיך גאַנץ שטאַרק צו איר די ערקלערונג פון ר׳ ישראל בעל שם טוב. אין יעדען פאַל האָט ער פאָרגעזען אָט אַזאַ צייט מיט אַזאַ צושטאַנד, ווי עס הערשט היינט צו טאָג. ס׳איז אַ צושטאַנד וואָס פּאַסט זיך צו די שילדערונגען פון די חבלי משיח, איבערהויפּט ווי דער בעל שם טוב האָט דאָס באַגריפען...

לויט דעם בעל שם טוב׳ס מיינונג איז ניט גענוג צו דולדען, דערטראָגען און וואַרטען אויף משיח. אידען דאַרפען אויך עפּעס טון, כדי די גאולה זאָל קומען.

אָבער וואָס?... וואָס זאָל מען טון?...

דאָס קען מען זען פון פאָלגענדע מעשה׳לע:

## דער וואונדערבארער משל מיט דעם זעלטען שענעם פויגעל

דער בעל שם טוב האָט זיך איין מאָל געשטעלט דאַווענען צוזאַמען מיט זיינע תלמידים. זיי האָבען שנעל אָבגעדאַוועט, און אַזוי ווי זיי האָבען געוואוסט, אַז דער גרויסער צדיק דאַוועט לאַנג, זיינען פילע פון זיי זיך צו-לאָפען דורכצופירען געווויסע געשעפטען אָדער ענינים. זיי האָבען גערעכענט, אַז זיי וועלען האָבען צייט צוריק-צוקומען נאָך איידער ער וועט ענדיגען דאָס דאַווענען.

זיי זײַנען געגאַנגען אין אַבּלעניש, נאָר ווען זיי האָבּען זיך צוריקגעקערט האָבּען זיי געפונען, אַז דער בעל שם טוב האָט שוין געענדיגט דאָס דאַווענען. זיי זײַנען געוועזען דערשטוינט און האָבּען איִם געפרעגט, ווי דאָס קומט? האָט ער זיי דערציילט פאָלגענדע מעשה'לע:

„אַ וואונדערבאַרער פויגעל פון וועלטענער שענקייט איז געקומען צו פליען און האָט זיך געשטעלט אויף אַ הויכער פּאַלמע פאַר אַ קעניגליכען פּאַלאַץ. דער מלך האָט דערזען דעם שענעם פויגעל, האָט ער זייער געגלוסט איִם צו באַקומען; האָט ער געהייסען איינעם פון זײַנע הויף-מענשען, אַז ער זאָל ברייניגען אַ לייטער צו גרייכען דעם פויגעל. איז ניט געווען אַזאַ הויכער לייטער. האָט דער מלך געהייסען שאַפען אַ לייטער פון מענשען. עס זאָלען זיך שטעלען מענשען אין אַ ראָד אַרום דעם בוים, און אויף זיי נאָך אַ ראָד מענשען, און אויף די אַ נאָך ווײַטערער ראָד, און אַזוי זאָלען זיך הויבען איינע איבער די אַנדערע ביז מען וועט גרייכען דעם שפיץ פון דער פּאַלמע און מען וועט קענען וואַרפען אַ נעץ אויף דעם פויגעל. כל זמן די הינטערשטע ראָד מענשען איז געשטאַנען פעסט האָט די מענשען-לייטער זיך געהויבען אַלץ העכער און העכער. אָבער כאָטש מען האָט אויסגעקליבען שטאַרקע מענשען פאַר דער הינטערשטער ראָד, זײַנען איינער אָדער צוויי אָבגעשוואַכט געוואָרען און האָבען זיך אַראָבגעלאָזען. אָט דערפאַר איז די גאַנצע מענשען-לייטער אײַנגעפאַלען... דורך דער שוואַכקייט פון די וואָס האָבען זיך אַראָבגעלאָזען איז דעם קעניג'ס וואונש צו גרייכען דעם פויגעל ניט דערגרייכט געוואָרען.

„אָט אַזוי איז עס אויך מיט אונז. דער היילינער מענש, דער צדיק מיט דעם הויכען באַגער, העננט אָב אין דער אונטערשטיצונג פון וועניגער היילינע מענשען, און יענע העננען אָב פון נאָך וועניגער פרומע, אין דער באַמיהונג צו גרייכען דעם שפיץ פון היילינקייט, כדי צו קענען אַראָבברייניגען גאָט'ס אהבה. און ווען איינער, אָדער איינינע, פון די וועלכע שטייען בײַם פונדאַמענט

ווערען אָבגעשוואַכט, וואַקעלט זיך די גאַנצע געביידע און זי פאַלט. דער צדיק מוז אויפ'ס-ניי אָנפאַנגען.

"און דער בית המקדש פון משיח ווערט באַצייכענט אַלס די נעסט פון פויגעל".

דאָס מעשה'לע צייגט קלאָר, אַז דער בעל שם טוב האָט געהאַלטען, אַז דער וועג צו גאולה איז צו זיין צוזאַמען און זיך צו האַלטען פעסט; עס זאָלען ניט זיין קיין שוואַכע וועלכע זאָלען פאַלען... נאָר איינינקייט און פעסטקייט וועט דערהויבען אַלץ העכער און העכער ביז ס'וועט זיך באַווייזען דער דערוואַרטעטער, צו גרייכען דעם פויגעל'ס נעסט... ווען מיר חס ושלום די איינינקייט און פעסטקייט ניט גרייכען, וועלען אפילו די חבלי משיח ניט דערברייננגען צום ציעל. עס וועט חס ושלום זיין וואָס ס'איז פילע מאָל געווען חבלי משיח אָן משיח... דער בעל שם טוב האָט געגלויבט און געהאָפט, אַז די איינינקייט און פעסטקייט וועט דערגרייכט ווערען. זאָלען מיר אַלע דאָס גלויבען און האָפען, און זאָלען מיר דערפאַר אַרבייטען. ס'איז דער איינציגער וועג...

## 49. זײַן נסתלק װערן

דער בעל שם טוב איז שטאַרק אָבגעשװאַכט געװאָ-
רען אין זײַן געזונד דורך דעם צער, װאָס ער האָט געפֿילט
דורך דער שװערער לאַגע פֿון די אידען, און דורך דעם
עגמת נפש װאָס ער האָט געהאַט פֿון דער סעקטע פֿראַנ-
קיסטען. קורץ פֿאַר שבועות אין יאָר ה׳תק״כ האָט דער
בעש״ט זיך געלעגט אין קראַנקען בעט. װי ס׳איז געװען
דער מנהג האָבען שבועות בײַנאַכט זיך פֿאַרזאַמעלט
אַרום זײַן בעט זײַנע מקורבים און תלמידים. דער בעל שם
טוב האָט צו זײ גערעדט איבער מתן תורה. נאָך דעם
װאָס ער האָט געענדיגט האָט ער געהייסען צו זיך רופֿען
לײַט פֿון דער חברה קדישא און האָט זײ אָנגעזאָגט, װי
אַזױ זײ זאָלען זיך עוסק זײַן מיט זײַן קבורה... אין דער
פֿרי איז ער געװען אין גוטער שטימונג, און האָט געזאָגט
צו זײַנע נאָענטע: „איך זאָרג זיך ניט פֿאַר זיך. איך װײס
אויף זיכער, אַז איך װעל אַרויסגיין פֿון איין טיר און
אַרײַנגיין דורך אַ צװײטער"... ער האָט זיך דאַן אויפֿגע-
זעצט אין בעט און געזאָגט תורה איבער דעם ענין פֿון
איבערגיין פֿון דעם עולם השפל צו דעם עולם העליון...
אַ ברייטע צופֿרידענהײַט און ליכטיגקײַט האָט זיך אויס-
געגאָסען אויף זײַן פנים, און מיט אַ שטראַלענדער פֿרייד
אין זײַנע אויגען האָט ער געזאָגט: „איצט װײס איך צו-
ליב װאָס איך בין געבוירען געװאָרען"... ער האָט דורכ-
געמאַכט אַ קורצע גסיסה און איז נסתלק געװאָרען...

מײַן טאַטע האָט מיר ערקלערט, אַז צװישען רביים,
װי ר׳ מאיר׳ל פֿון פרעמישליאַן, דער אַפטער א. אַ. האָט
געהערשט די מיינונג, אַז מען האָט אים דאַמאָלט מגלה

געוועזן די צייט ווען משיח וועט קומען... ער איז נסתלק געוואָרען מיט דער זיכערהייט, אַז די גאולה, וועט פאַר-ווירקליכט ווערען במהרה...

אָט אַזוי האָט געלעבט און געווירקט דער גרויסער צדיק, דער אמת'ער צדיק יסוד עולם, ר' ישראל בעל שם טוב. ער האָט געזוכט צו דערהויבען דאָס אידישע פאָלק צו דער העכסטער אהבה און מקרב זיין די גאולה. ער האָט געלערענט צו פאַרשטיין גרינדליך אחדות השם. ער האָט נאָכגעפאָלגט די גרעסטע, אברהם, יצחק ויעקב, משה, דוד, די נביאים. ער האָט זייער גייסט גע-טראָגען אין זיין האַרצען אין פאַרשפרייט צווישען פאָלק. זאָל זיין גייסט שטענדיג זיין צווישען אונז. ס'איז דער גייסט פון אידישער אייביגקייט.

# ביבליאָגראַפיע

די װערק װאָס איך האָב באַנוצט בײַם צוזאַמענקלױבען די מאַטעריאַלען פון דעם בוך זײַנען:

"געשיכטע פון חסידיזם", אין אידיש, פון שמעון דובנאָװ, װילנע.

"דגל מחנה אפרים", אין העברעאיש, קאָרעץ.

"דער גאָלדענער באַרג", זאַמלונג אין ענגליש, ניו יאָרק.

"חסידישע ביכער", אין דײַטש, פון מאַרטין בובער, בערלין.

"כתר שם טוב", אין העברעאיש, לעמבערג.

"כתר שם טוב", אין אידיש, פעטריקאָװ.

"לקוטי אמרים", אין העברעאיש, קאָרעץ.

"לקוטי יקרים", אין העברעאיש, לעמבערג.

"נפלאות בעל שם טוב", אין אידיש, פון א. קאַהאַן, װאַרשא.

"ספר החסידות", אין העברעאיש, פון א. קאַהאַנאַ, װאַרשא.

"ספר סדר הדורות", אין העברעאיש, לובלין.

"ספורי צדיקים", אין אידיש, לעמבערג.

"פריסטער דער ליבע", אין דײַטש, פון חיים בלאָך, װיען.

"עטרות הצדיקים", אין אידיש, פון א. קאַהאַן, װאַרשא.

"קהל חסידים", אין העברעאיש, לעמבערג.

"קהל חסידים", אין אידיש, לעמבערג.

"ראָמאַנס פון חסידים", אין ענגליש, פון דושײקאָב ס. מינקין, ניו יאָרק.

שבחי הבעש"ט, העברעאיש, פון ס. א. האָראָדעצקי, בערלין.

"שבחי בעל שם טוב", אין אידיש, לעמבערג.

"תולדות יעקב יוסף", אין העברעאיש, קאָרעץ.

אין אונציילינע קלײנערע שריפטען, צײַטונגען און זשורנאַלען.

# ביכער פאר'ז פאלק

## פון זעלבען פארפאסער

שוין ערשינען:

**א אידישע אוטאפיע**, א וועג צו לעזען די אידען-פראגע.

**דזשארדזש עליאט**, די ענגלישע נביאה פון דער ציוניסטישער אידעע.

**ר' ישראל בעל שם טוב**, זיין לעבען, לעגענדען, משלים און לערען, סטיליזירט און באלויכטעט.

עס וועט ערשיינען אין גיכען:

**משה רבינו**, אלס פירער, באפרייער, געזעצגעבער, און זיין קאמף פאר'ן לעבען.

## געזאמעלטע עסייען און קריטיקען

עס ווערען אויך ארויסגעגעבען פון דעם "מארריס מייער יובילעאום קאמיטעט":

**אידיש טעאטער אין לאנדאן**, אלץ וואס איז געשטאנען פאר קונסט, שענקייט און ריינקייט.

**ליטעראטור און ליטעראטען**, באזונדערס די וועלכע האבען געווירקט צווישען אידען אין לאנדאן.

**Jewish Times, Ltd., 325, Whitechapel Rd., London, E.1.**

